קאַפּיטל איינס

# אין זשעלעביץ

„מיכל וואַקסט בּ׳ה אויף אַ תּלמיד־חכם״.

אַט די ווערטער פלעגט דבורהלע טיילמאָל הערן דעם פּאַטער־אירן, ר׳ אברהם בּערן, דעם זשעלעביצער רב, אַ זאָג טאָן צו דער מוטער, וואָס איז אַ חוץ רביצין געווען אַ מין פּריוואַט־סעקרעטאַר און בעל־יועץ ר׳ אברהם בּערס, מחמת טאַמער פלעגט דאַרפן זיין אַן אסיפה אַמאָל אין שטעטל, טאָמער האָט ער שוין ממש געמוזט געבּן אַ הוספה און סתם ווי עפּעס אַ פאַרוויקלטן ענין צו דער־לידיקן, איז עס שוין געווען דער רביצינס, רייזעלעס, אַרבּעט. האָט זי שוין, ליגנדיק אויף דער קושעטקע, אַ קרענקלעכע, אַן איינגע־דאַרטע, נישט גערוט, בּיז דער שאַרפער מוח אירער האָט נישט אַ פּאַק געטאָן דאָס אמת־פּאַסיקע וואָרט פאַר זיינעטוועגן.

ר׳ אברהם בער האָט געטראָגן אַ שוואַרצע סאַמעטענע קאַפּאָטע, אַ פּאָר רבּנישע שיך און זאָקן, געהאַט אַ פיינע בלאָנדע באָרד מיט אַ פּאָר טונקעלע פּאות, וואָס האָבּן אים צוזאַמען נורם געווען דעם הדרת־פּנים זיינעם.

— און וואָס וואַקס איך אויף, טאַטעשי? — פלעגט דבורהלע טיילמאָל אַ פרעג טאָן בּיים פּאַטער, האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט, מחמת זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אַז אימיצער זאָל זי אָפּלויבּן.

ר׳ אברהם בער פלעגט איר על־פּי־רוב גאָרנישט ענטפערן, אָדער אפשר אַ זאָג טאָן, אַז אַ מיידל דאַרף גאָרנישט נישט אויפ־וואַקסן. דאָס האָט דבורהלען געאַרט. חלמאי איז די מאַמעשי

„עפּעס" אויסגעוואַקסן? זי איז דאָך אויך אַמאָל געווען אַ מיידל!
מילא, האָט עס טאַקע ר' אברהם בער געהאַלטן פאַר אַן עוולה נאָר אַז סיי־ווי איז שוין געווען פאַרפאַלן, האָט ער זיך באַנוצט מיט רייזעלעס שאַרפזיניקייט, איז זיך געזעסן און געלערנט און, אַ חויז אין פשטלעך, לגמרי אָפּגעזאָגט זיך פון טראַכטן. ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז „זי" איז ב"ה אַ מחכמת, היינט צוליב וואָס מישן זיך אין אירע עסקים? איז ער זיך טאַקע געזעסן על התורה ועל העבודה, רואיק געקייט אַ קריש באָרד, אונטערגעבאָמקעט אַ „נייעם" ניגון, וואָס ער פלעגט נאָך יעדער נסיעה כמעט ברענגען צו פירן צוזאַמען מיט עטלעכע קערבלעך (רובל) פונם רבין, וואָס ער האָט אָדאָפּטירט, מחמת קיין סאַנדז איז געווען צו־ווייט.
פּשטלעך האָט ר' אברהם בער ליב געהאַט ס'לעבן — נאָר נישט קיין גלאַטיקע. פאַרקערט, וואָס מער שפּיצלעך, דאַרנדיק און הכּעיסדיק — אַלץ ליבער האָט ער זיי געהאַט. וואָס מער פאַר־פּלאָנטערט, סענקעוואַטע און עקשנותדיק — אַלץ אינטערעסאַנטער זענען זיי אים געווען, מיט אַלץ מער חשק האָט ער זיך פאַרטיפט אין זיי, אַלץ מער פלעגט דאָס גוטמוטיקע פּנים מיט די גוטע, פרוינע אויגן אויפבליצן, אַלץ פלאַמיקער די באַקן ווערן, אַלץ ווײַ־טער דער שטערן און העכער, — בעת ער האָט עפּעס דערטאַפּט, מחדש געווען, אַלץ אַ גרעסערן פאַרנעם פלעגט די באָרד זיינע באַ־קומען, אַלץ מער פלעגט ער זי פּייניקן, צופּן, בייסן, דרייען אַרום פינגער בשעתן טראַכטן — דערפאַר איז דער נחת געווען אַ גרוי־סער, בעת ער איז „דערגאַנגען" און זי אָפּגעלאָזט.
ר' אברהם בערס באָרד האָט אַ שטאַרקן טייל אין זיינע אויפ־טועכצן געהאַט. איז אַמאָל אַ שווערע הלכה געווען, אַ שווער שטיקל יורה דעה, איז זי שוין זיין „רעכטע האַנט" געווען. און אַמאָל, נאָך איידער ער איז זשעלעכיצער רב געוואָרן, ווען דער שווער האָט אים ממש נעצוואונגען אָפּצוזאָגן זיך אויף אַ ווײַלע פון די חידושים און ער האָט נעבעך געמוזט, צוליב תכלית, נעמען לערנען מגן אברהם, — האָט זי אים דעמאָלט שוין געטריי געדינט. בישט גע־פּוסט דערויף, וואָס זי איז דעמאָלט נאָך כמעט אַ תינוקתל געווען, איז זי פון אים נענוג אויסגעשטאַנען — מער נאָך ווי פון רייזעלען. מחמת צו רייזעלען פלעגט ער זיך נאָר ווענדן, ווען ער האָט גע־דאַרפט עפּעס אַן עצה אין וועלטלעכע ענינים, אָדער אַז ער האָט

אמאָל געדאַרפֿט האָבן א פסוק — און נישט האָבנדיק געלערנט קיין תנ״ך, האָט ער געמוזט אָנקומען צום ווייב.

אָבער צו רייזעלען איז ער נישט פֿאַרגאַנגען, ווי אין דער באָרד אַריין. מיט איר האָט ער זיך געהאַלטן דורך־אַרצדיק און איז גע־ווען צופֿרידן, אַז זי האָט באַוויליקט צו ענטפֿערן. מיט רייזעלען קאָן מען נישט טאָן, וואָס מען וויל.

— זאָג־זשע, זיי־זשע מוחל, וווּ שטייט דער און דער פסוק?

רייזעלע פֿלעגט וועלן א שמייכל טאָן פֿון גרויס הנאה, וואָס דער מאַן דאַרף צו איר אָנקומען אין אַזעלכע ענינים אויך, און נישט קאָנען... נישט קאָנען, צוליב דער שפּיציקייט פֿונם פּנים אירן, פֿון די קינבאַקן און בעיקר די גאָמבע, פֿלעגט זי זיך פֿאַר־טראַכטן, פֿאַנאַנדערעפֿענען די גרויסע גרויע אויגן, צוליגן די ווייס־בלויע דורכזיכטיקע האַנט צום שטערן און א זאָג טאָן:

— אין שמואל א׳, אין ישעיה, אין תהלים — אָדער וווּ ער איז גראָד געשטאַנען דער פסוק.

ר׳ אברהם בער פֿלעגט תמיד א גיכן זאָג טאָן „יישר כּוח״ און פֿלינק אַריינכאַפּן זיך צוריק אין בין־דין־שטוב, איבערלאָזנדיק רייזעלען א פֿאַרטראַכטע, צי האָט זי נישט אמאָל קיין טעות געהאַט? נישט געהאַט קיין טעות, פֿלעגט זי צוריק אַרונטערדרוקן ביידע דינע פֿיסלעך הינטער זיך אויף דער קושעטקע און צוריק אַריינקוקן אין א ספֿרל.

ר׳ אברהם בער האָט זי אמאָל געפּאַקט לייענען ספֿרים חיצונים אויך. נאָר אין דעם, האָט ר׳ אברהם בער געהאַלטן, איז שולדיק נישט זי, נאָר דער פֿאָטער אירער.

רייזעלעס פֿאָטער האָט געשטאַמט פֿון ווייס־רוסלאַנד. ער איז געווען רב אין א גרויסער שטאָט אין פֿלאָצקער גובערניע. ער איז געווען א מתנגד. ער האָט געהאַט א פּאָר טיפֿע, שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן תמיד באַגעגנט ר׳ אברהם בערס אויגן מיט א צו־קלוגן בליק און מיט א „ליטווישן״ שמייכל...

ער האָט אַזוי לאַנג „געפּייניקט״ דעם איידעם, אַזוי לאַנג איינגעטענהט מיט אים, אַז א מענטש דאַרף, מוז זאָרגן פֿאַר א תכלית, אַז אַפֿט דער קעסט איז לגמרי נישט קיין קורצער טערמין. דערציילט אים, ווי ער אַליין האָט אויך ליבער געהאַט צו שרייבן חידושים, איידער „אַרבעטן״ אויף צוגרייטן זיך צום פּסק־

־בנות — ביז ר׳ אברהם בערן איז דערעסן געוואָרן דאָס זיין ביים שווער און ער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן. ער איז אוועק קיין פלאָצק, איינגעצאָלט א ,,דערויף׳׳ ביי א לערער די גאַנצע הונדערט רובל, וואָס מען האָט אים מיטגעגעבן, און אָנגעהויבן לערנען זיך ,,עקזאַמען׳׳...

וואָלט אפשר אַלץ אוועק בשורה, ווען עס קומט נישט צו פאָרן עפּעס א יונגערמאַן, מיט א פארשוירן בערדל און א פאָר לאַבנדיקע, שוואַרצע אויגן — אויך גרייטן זיך צום עקזאַמען אויף ווערן קאַזשאָנער רב ערגעץ, און ער באַקענט זיך נישט מיט דעם לערערס ווייב, עפּעס א יידענע, וואָס רעדט סיי צום מאַן און סיי צו די קינ־דער אויף גויאיש — רוסיש, דאכט זיך... און ער כאַפּט זיך נישט אַרוים פאַר ר׳ אברהם בערן, אַז ,,זי׳׳ גייט אין די בלויזע האָר.

ר׳ אברהם בער האָט עס אפילו תחילת נישט געוואָלט און נישט געקאָנט גלויבן. נאָר סיי־ווי איז אים שוין דאָ נמאס געווען. ער איז שוין דאָ געווען די פערטע וואָך. עס זענען אים נישט גע־קראָכן אין קאָפּ די משונהדיקע ווערטער: ,,אָדין צאַר ביל באָלען אי סקאַזאַל׳׳ — פון ניימאַנאָוויטשעס זעלבסטלערער, נישט דעם לערערס פסדרדיקע טענות, אַז ער טוט נישט, וואָס מען הייסט אים. ס׳איז אים נמאס געוואָרן די אַטמאָספער דאָ בכלל. נאָר דאָס איז שוין געווען דער לעצטער סלאָפּ! ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אוועק — וווהין, האָט ער אַליין נישט געוווסט. צום שווער האָט ער נישט געוואַגט צוריקצוקומען. קיין געלט האָט ער נישט געהאַט. האָט ער זיך אוועקגעלאָזט סתם אין דער וועלט אַריין.

אז ר׳ אברהם בער איז אוועק אין דער וועלט אַריין, איז ער פאַר־פאָרן אינם נאָנטסטן שטעטל אַריין. ער האָט נישט געזאָגט, ווער ער איז. ער האָט סתם געמאָלדן, אַז ער וויל זאָגן א דרשה בין מנחה למעריב. אַזוי איז ער געפאָרן פון שטעטל צו שטעטל. דער עולם האָט געלעקט די פינגער. ווייבער וואָלטן אים געקושט...

— אַזאַ זיסקייט, אַזאַ טעם, אַזאַ האַרציקייט. בעסער פונם בעסטן ווײַן, בנאמנות בעסער! — האָבן ווייבער און אפילו מאַנס־בילן בני־תורה געלויבט דעם מגיד אין טאָג אַריין. נאָר דאָס איז אים אויך נמאס געוואָרן, האָט ער זיך איינגעשטעלט און איז אין א פרימאָרגן אַהיימגעפאָרן.

דער שווער האָט אויסגעשטעלט א פאָר אויגן. פון איבעראַ־

שונג האָט ער קיין איינציק וואָרט נישט געקאָנט ארויסברענגען. הגם ער האָט געהאַט גרייט אַ שאַרף, שאַרף וואָרט, איז ער געשטאַ־נען און געקוקט אויפן איידעם. ער האָט נישט אויפגעהערט קוקן אויף אים. דערנאָך האָט ער גענומען טלית ותפילין, איבערגעלאָזט דעם גרויסן, ברוינעם טיש אַ באַלייגטן מיט ספרים, מיט פּאַפּירן — און ר' אברהם בערן אין מיט־שטוב אַ צעטומלטן — האָט ער, שטייענדיק ביי דער טיר שוין, קוים באַוויזן אַ זאָג צו טאָן:

— ס'וואָלט שוין צייט געווען, זאָלסט נישט זיין אזא בטלן!...

און ער איז אַוועק אין בית־המדרש אריין.

נאָר אַז ר' אברהם בער איז אָבער פאָרט געבליבן אַ בטלן און האָט נישט געקאָנט אָנקומען אין קיין גרויסער שטאָט אַלס רב טאַקע צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט באַלייגט אָט דעם עקזאַמען און ער איז געוואָרן זשעלעביצער רב, פלעגט ער תמיד בשעת אַ שטיקל סכסוך מיט רייזעלען פאָרוואַרפן איר דאָס, וואָס דער פאָטער אירער האָט זיך נישט גערעכנט מיט „כל המלמד את בתו תורה כאילו מלמדה תפלות'' (ווער עס לערנט זיין טאָכטער תורה, איז פונקט ווי ער וואָלט זי געלערנט דינען אַ פרעמדן גאָט), נאָר ער האָט זי נאָך אַליין צוגערעדט, זי זאָל לערנען תנ''ך און ווו ער האָט געהאַט עפּעס אַ גוט ווערטל פון אַ ספרל, אַ קלוגן אנעקדאָט, אַן אינטערעסאַנט מעשהלע, האָט ער זי שוין אַ רוף געטאָן „רייזטשיק'' און עס איר איבערדערציילט ביי זיך אין בעזן־שטוב. ער פלעגט איר נאָך אַליין ברענגען ספרים צום לייענען — בשרע, פאַרשטייט זיך — נאָר איצט, דאַכט זיך, לייענט זי אַלץ...

---

און דבורהלע, וואַקסנדיק אין אזא שטוב, ווו דער טאַטע איז בסדר געווען פאַרנומען מיט זיינע חידושים און די מאַמע מיט אירע ספרימלעך, האָט אומזיסט און אומנישט מקנא געווען דעם ברו־דער, מיכלען, מיינענדיק, אַז מיט אים גיט מען זיך מער אָפּ ווי מיט איר. און מיכלען ווידער איז קנאַפּ וואָס אָנגעגאַנגען, צי מען לויבט אים אָדער נישט. אויב ער האָט געלערנט צו־ביסלעך (און געקענט אַ סך), איז עס געווען נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געהאַט, וואָס עפּעס אַנדערש צו טאָן. פון דער מאַמען האָט ער געהאַלטן, מיכל, עולם ומלואו. ער האָט ליב געהאַט אירע מעשה־

לעך, ווען זי איז טיילמאָל געווען גוט געשטימט; געהאַלטן זי פאַר די פרנסה־געבערין... אָבער וואָס קומט ארויס?

אין שטוב איז געווען אַלץ אין דער וועלט, אַ חוץ אַביסל אַזוינס, וואָס זאָל שמעקן מיט היים. עס איז נישט געווען דאָרטיגע וואַרעמע, מאַמיש ־ היימעשע אַטמאָספער, וואָס טוליעט קינדער צו זיך. און זייער אָפּט האָט אַפילו געפעלט אַביסל געקעכץ.

די זומערדיקע פאַרנאַכטן פלעגט מיכל פאַרברענגען אויף דער לאָנקע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נעבן זייער הייזל אין שכנות מיטן בית־המדרש און אוועקגעצויגן זיך העט־העט איבערן טייך. זומער איז פאַר מיכלען געווען אַ לעבן. גאַנצע אָוונטן און טיילמאָל האַלבע טעג פלעגט ער וואַלגערן אויפן פעלד אָדער בײַם טייך. פלעגט ער זיך אַרײַנוואַרפן אין די שטענדיק־זאַפטיקע גראָזן, וואָס נעבן וואַסער, אויסציען זיך אין דער גאַנצער לענג און קוקן שעהן לאַנג אין לויטערן חלל אַרײַן, אָדער אַז ס'האָט זיך אים פאַרוואָלט אַ באָד, אַראָפּוואַרפן פון זיך די מלבושים, מאַכן אַ פּעקל, פאַרשנורעווען עס מיט די ציצית פונם טלית־קטן און אַרײַן אין וואַסער, מאַכן נאָריקעס, שפּרינגען אויף איין פוס, נאָכקרימען חנהן, בשעת זי צעכליפעט זיך אויף איר פינסטער מזל, און שפּיגלען דאָס פאַרקרימעניש אין טייך. אַז נישט — אויסציען זיך מיטן פּנים אַרויף, בריקען מיט די לאַנגע, דאַרע מיידליש ־ ווײַסע פיס און שפּייען אין דער לופט, צילן זיך לגבי די קופּערנע פּאַסן בין־השמשותדיקער זון אויף אָנגעצונדענע בוימער און צוזאַמענגעשטיקעוועטע הימל־בערג. עלטער געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן אָנשטאָט שפּייען אין הימל אַרײַן, לייענען, ליגנדיק שוין מיטן פּנים אַראָפּ. דאָס האָט אים גורם געווען אַן אויסזען פון אַן ערנסטן, וואָגיקן פאַרשוין, וואָס האָט ליב אַ מאָל אַ שטיף צו טאָן.

נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע האָבן אים ווען עס איז נעפרעגט, וואָס ער טוט. ביידע זענען זיי געווען צופיל פאַרנומען מיט זיך. פונוואַנען ר' אברהם בער האָט געוווסט, אַז מיכל וואַקסט ב"ה אַ תלמיד חכם, ווייס איין גאָט.

שלעכטע צײַטן פלעגן זיך אָנהויבן פאַר מיכלען סוף זומער, ווען ליגן אויפן גראָז קאָן מען שוין נישט — עס איז צו פייכט. דער הימל באַניסט זיך מיט פייערדיקע שטיקער קופּער אַפילו אין מיטן טאָג, אָדער ער בלאָזט זיך, אַז נישט — צעכליפּעט ער זיך גאָר,

ווי די אַלטע חנה. די אַטמאָספער כמורעט זיך אויך, קוקט יעדן פרימאָרגן אויס ווי נאָך אַ שריפה, פאַררויכערט, פאַרמאַדזשעט. אין שטוב ווערט די אומאָרדענונג נאָך גרעסער. און עפּעס הערט זיך דאָרט אַ שטיל געדודער און פונם געדודער אַרויס רעדט אַ שטילע מרה־שחורה און וואַרפט אָן אַ פחד. אַלע יאָר ס'אייגענע! אין דער צייט ווערט אויך דבורהלען שטאַרק קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, נאָר ערגער פון אַלע יאָר איז געווען דער לעצטער האַרבסט אין זשעלעכיץ. די מוטער האָט כסדר געקרענקט און זי, דבורהלע, איז שוין צו פופצן יאָר געוואָרן די באַלעבאָסטע, געטראָגן דעם גאַנצן עול פון דער באַלעבאַטישקייט בלע״ז אויף זיך.

ר׳ אַברהם בער איז אַרומגעגאַנגען שטאַרק צעדודערט יענעם פאַר ראש־השנה. ער האָט ווייניק געלערנט און אַ סך געטראַכט. ביי רייזעלען האָבן זיך דעמאָלט נאָך מער פאַרשאַרפט די קינבאַקן, דער האַלז האָט זיך געדינצלט. זי האָט ווייניקער געלייענט, הגם זי האָט נאָך טיפער פאַרשטעקט דעם קאָפּ אין די געלע בלעטער פון אירע ספרימלעך. אין שטוב האָט דבורהלע זיך נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען. אין ערגעץ האָט זיך נישט אַזוי אָנגעזען דער ראש־חודש אלול מיט זיינע בערגער געלד, וואָס וועלן באַלד נישט זיין, מיט זיין אָנזאָג אויף אַ לאַנגן, לאַנגן ווינטע־, אויף פאַרשפאַרטע פענסטער און טירן, אויף גרויע הימלען און געשטאָרבענע טעג. אָט איז זי אַריין צום שכן, דבורהלע, האָט זי געזען, אַז דאָרט איז נאָך פריילעכער היינט ווי אַ גאַנץ יאָר. דעם שכנס טאָכטער, „יאַנקלס פיגאַר״, זיצט בײם לאַנגן טיש מיט די אַרויפגעהויבענע לייסטן, ווי ביי אַ לאָקשן־ברעט, נעבן איר די צוויי יונגערע שוועסטער. צוזאַמען אַרבעט מען, זינגט מען. אַ קעגנאיבער ביים פענסטער שטייט יאַנקל אַליין, פירט מיט אַ קריידל אויפן פויערישן געוואַנט און שניידט מיט אַ גרויסער שער, ווי אַ מלאך המות. „שרה פעטלאַק״, דעם שניידערס ווייב, שטייט ביי דער קיך, רוקט מיט פּייערקעס, גליט זיך דאָס פּנים ביים אָפענעם פייער און זעט אויס שטאַרק פאַרטיפט אין דער אַרבעט. אָבער עס איז נישט איר מאַמעס פאַרטיפעכץ, וואָס מאַכן מרה־שחורהדיק. חיימקע, דער יינגסטער זון יאַנקלס, מיטן פאַרלאַטעטן נעזל אויפן צעלעכערטן פּנים, איז איינגאַנצן פאַרטונקען אין שיך, כאַלעוועס, פאַדקאָוועס, לעדער. ער זיצט אויף אַ נידעריק, אויסגעהוילט, דריי־

פיסיק בענקל, ווארפט זיך איבער א שוך, אויף אן אייזערנער פאָד־קאָווע, שלעפּט שטיפטן פון מויל אזוי קונציק, אז דבורהלע בלייבט שטיין א פארגאפטע.

— ווי מען האָט דאָס נישט קיין מורא?...

און גיך מאכט ער עס, חיימקע, ווי א רוח. די בלאָנדע טשופּרינע ווארפט זיך אים אהין און צוריק איבערן ברייטן שוונט, איבערן פאררויסטן פנים. ער כאפּט גיבע בליקן אויף דבורהלען און ארבעט אוועק, ווי טויזנטער רוחות וואָלטן אים אונטער־געטריבן...

קליפּ, קלאַפּ, קליפּ־קלאַפּ! — און ס׳ליגט שוין א שוך מיט דער פאָרעשווע ארויף, איינגאנצן ארומגעזוימט מיט ווייסע הילצערנע שטיפטן.

יאנקלס ווייב לארעמט מיט דער פאטעלנע. די צוגעברוינטע שטיקלעך ציבעלעס טאנצן א קאדריל אינם הייסן שמאלץ. דאָס שמאלץ בלעזלט זיך, הויבט זיך, פאלט, און אָט ווערט א געזזודעריי בז־בז־בז און ס׳צעגיסט זיך א ריח איבערן חדר און עס ווערט אזוי היימיש און גוט, אז צו דבורהלען האָט זיך דעמאָלט אזש אריינגעגנבעט א געדאנק, אז עס מוז זיין גוט צו האָבן אזא מאמע, — פארוואָס זי האָט זיך באלד שטארק פארשעמט און אין הארצן זיך אליין גוט אויסגעמוסרט. אגב איז עס נאָר געווען א פארבייגעפלויגענע מהשבה. איר מאמע האָט איר אימפּאָנירט. זי האָט פאר איר שטארק דרך־ארץ געהאט און זי ליב געהאט. טראכטנדיק אזוי מכוח דער מוטער, איז איר איינגעפאלן, אז זי, דבורהלע, וועט אויסוואקסן אזא, ווי דעם שניידערס ווייב. זי וועט קאָנען קאָכן גוטע וועטשערעס און ווייטער גארנישט. עס האָט זיך איר שוין אפילו געגומען דאכטן, אז זי האָט עפּעס אן ענלעכקייט צו דער יידענע ביי דער קיך און זי האָט זיך צוליב דעם אליין פיינט געקריגן. — זי אזא?

מיכל פלעגט נישט לעבן שטארק בשלום מיט דבורהלען. ער פלעגט זיך מיט איר טשעפּען, אָפּלאכן פון איר, ווי זי זיצט אין ווינטערדיקע שבת־נאָכמיטאָגן און זאָגט תהלים, בעת ער אליין פלעגט זיך בעסער ארויסכאפּן צום טייך, וואָס איז געשטאַנען א פארקאָוועטער, ארומגעריגלט מיט טייף־באדעקטע שנייפעלדער, אונטער א בלויען, דורכזיכטיקן, שטילן הימל, א גליטש

טאָן זיך. ווער 'שמועסט, אַז עס איז אָנגעפאַלן אַ שניי. אָנגעפרויר'ן אַ פּאָר אויערן, אָנגעגליט אַ פּאָר גלאַנצנדיקע באַקן, העלער גע־מאַכט די אויגן, וואָס האָבן גליענדיק געשימערירט אין ברוין, שוואַרץ און קופּער־קאָליר, דערנאָך אַהיימגעלאָזט זיך אַ דערפרישטער, מיט צעשטראַלטן חיות, האָט ער טאָפּלט חוזק געמאַכט פון דער שוועסטער, וואָס זיצט ווי אַן אַלטע בעל־עברהניצע ביים תהילימל און נודעט זיך, פאַרטראַכט שטיל דאָס פאַרשימלטערייען פון דער היים, פאַרעט זיך, האַלט זיך אין איין פאַרען, און איין שטוב זעט גיכער אויס, ווי אין עפּעס אַ קרעטשמע, וואָס האַלט זיך ביים פאַרמאַכן.

דבורהלע האָט געזאָגט תהלים, כּדי צו פאַרטרייבן די איינגענגעסענע צייט אַביסל, וואָס האָט זיך יעדן שבת אויסגעצויגן ווי גומע.

— 'האָסטו געלערנט, מיכל? — האָט ר' אַברהם בער אָפּגענומען אַ שוואַכן פאַרשלאָפענעם דין־וחשבון פון מיכלען און זיך געגנעצט.

— יאָ!

דבורהלע האָט זיך קוים צוריקגעהאַלטן נישט אַרויסצוגעבן אים. סטייטש, אַזאַ נבלה! אַן אָפענער ליגן. דערצו מאַכט ער נאָך חוזק פון איר. נאָר ר' אַברהם בער האָט שוין געבעטן ביי איר אַ גלעזל טיי און שוין נישט געהאַט מיכלען אין דער לינקער פּאה אַפילו.

אַ 'חוץ דעם פילט זי זיך אַליין אויך נישט אינגאַנצן ריין. אויסטוישן דעם פאָטערס אַ ספרל ביים פּאַקן־טרעגער פאַר אַ מעשה־ביכל איז דאָך נאָך ערגער, ווי גליטשן זיך אום 'שבת. ווען דער טאַטעשי וויים, וואָלט ער, — זי ווייס אַליין נישט, וואָס ער 'וואָלט... אַ קלייניקייט! אויסצוטוישן אַ ספרל אויף אַ ראָמאַן, להבדיל. שווייגט זי און טראַכט, אַז ווען זי וואָלט געווען אויף מיכלס אָרט, וואָלט זי נישט געדאַרפט אָפּטאָן קיין מיאוסע זאַכן. זי וואָלט געזעסן און געלערנט. אַזוי קאָן מען דאָך משוגע ווערן. ס'איז מיטן ביכל אויך געגנוג לאַנגווייליק. אַז בסך־הכּל קומט ער איינמאָל אין פיר וואָכן, דער שלימזלדיקער פּאַקן־טרעגער. ער מוז וואַרטן אויפן יאַריד, קומען אַן אָנגעלאָדענער ווי אַן אייזל און גאָרנישט מיטברענגען. נאָר וואָלט ער געקומען אָפטער, וואָלט מען נאָך ווי עס איז געקאָנט עפּעס אויסקראַצן,

הגם ער ברענגט מער ציצית און תחינות, ווי וואָס, מוז ער דאָך אָבער דוקא וואַרטן אויפן יאַריד און זי מוז לייענען צום צענטן מאָל די „מעשה מג' אחים" און לסוף צוריק נעמען זיך זאָגן תהלים, פּרוּוון טרעפן דעם טייטש אָדער אויסווייגען זיך אויף די צעריסענע, געלע בלעטלעך פונם תהילימל. ווען זי איז אָבער אויף מיכלס אָרט, וואָלט זי געזעסן און געלערנט... איז זי דאָך אָבער אַ מיידל, די מוטער וויל איר נישט זאָגן דעם טייטש:

— מען דאַרף נישט, — זאָגט זי.

און מיכלען פרעגט זי שוין גאָרנישט. צוליב וואָס? אַז ווען ער זאָגט איר שוין יאָ אַמאָל, דערוויסט זי זיך שפּעטער, אַז ער האָט פון איר חוזק געמאַכט, אַלץ אויסגעטייטשט פאַרקערט. די מוטער לאַכט פון איר, רופט איר בהמה, פאַרוואָס זי האָט גע־גלויבט — און וויל איר פאָרט נישט פאַרריכטן די גרייזן.

דער פאָטער וויל איר קיין איינציק וואָרט נישט זאָגן. און דאָס איינציקע ביכל, ניימאַנאָוויטשעס זעלבסטלערער, וואָס דער לערער האָט צוזאַמען מיט אַ רעכענונג אָפּגעשיקט פון פּלאָצק מיט יאָרן צוריק, באַהאַלט ער אויך אויפן אויוון אַרויף, אַזוי אַז זי ווערט שיעור נישט געהרגעט ביז זי קריגט עס אַראָפּ. אַז זי שטעלט צו אַ טיש צום אויוון, אַ שטול אויפן טיש, זי אויף דעם שטול און דערנאָך ערשט פאַלט אַלץ: שטויב, אַלטע שמות, אי־בערגעבערענטע פלעדערווישן — אַלץ אין דער וועלט, אַ חוץ דאָס ביכל. פונדעסטוועגן קען זי עס שוין לאַנג פון אויסנווייניק:

„אַדין צאַר ביל באָלען אי סקאַזאַל".

יאָ! זי קען שוין פון אויסנווייניק די מעשהלעך — אַלץ קען זי שוין אויף אויסנווייניק.

זי נודעט זיך. די אַרבעט אין הויז איז איר נמאס: זי גיט איר גאָרנישט. רק ס'פעלט איר עפּעס. זי ווייס נישט, וואָס. מיכלען איז אַזוי גוט. ער איז מיט אַלעמען צופרידן — זי מיט גאָרנישט. ביי מיכלען איז אַלץ אַן ענין: דער טייך, די לאָנקע, די יידענעס, וואָס קומען שאלות פרעגן, — פונם יאַריד איז דאָך אָפּגערעדט: קומט דער יאַריד, איז שוין מיכל אַ פאַרנומענער מענטש.

און דער יאַריד־טאָג איז טאַקע אַן אינטערעסאַנטער. יאַריד־טאָג זיצן נישט די ווייבער נעבן צעפוילטע הייזקעס אויף ערדענע שוועלן און באַפּאַטשקען דעם דלות, פאַרהילכן נישט חברות יונגען

און מיידן די גאַסן מיט לײדיקגײערישער צוגעגעסנקייט. יאָגן זיך נישט קיין באָרוועסע קינדער, ברודיקע און פאַרוואָרלאָזטע, נאָך לייזיקע הינט און אויסגעקראַכענע ציגן. זיצן נישט בכבודיקע סוחרטעס, צעשפּרייטע און אָפּגעלאָזענע, אויף טיר - שוועלן פון קראָמען און קוקן זיך אומזיסט און אומנישט אויס די אויגן אויף קונים, וואָס וואַרטן, פּונקט ווי דער פּאַקן-טרעגער, דווקא אויפן יאַריד. פאַרלאָזן נישט דאַרפסגייער דאָס שטעטל ביי אָנגעצונדענע נאַפּט-לעמפּלעך, נאָר בלייבן אין דערהיים, זעען זיך אָן, סיי זיי, סיי זייערע פּרנסות. זיצן נישט סוחרטעס ווינטער אין קראָמען, פאַרהילט אין שמאַטעס איבער קאָפּ און אויער, און הערן זיך איין אינם טויטן קול פון דער שטילקייט.

דינסטיק פאַרנאַכט שוין כאַפּן יידן א לעצטן וואָרט-אַן ביים בית-המדרש-אויוון, שלינגען אריין אויף גיך דעם מנחה-מעריב און איילן זיך אַהיים, העלפן דעם ווייב צוגרייטן זיך פאַרן טאָג, וואָס דערהאַלט דאָס שטעטל מיט אירע בעלי-בתּים, מיטן רב, מיט אַלצדינג, וואָס לעבט דאָרטן.

מיטוואָך באַלד אינדערפרי איז שוין נישט מיכלען צו געפינען. צוזאַמען מיט די געשרייען, מיטן גערודער, מיטן טומל, מיטן געקלאַפּער און געפּאָרעריי, איז ער אריין אין מאַרק און איז אַהיימגעקומען, ווען מען האָט שוין ממש „געמוזט" גיין דאַווענען מנחה.

מיכל האָט אַזוי ליב געהאַט די בילדלעך, וואָס פלעגן זיך יענעם טאָג שאַפן פון זיך אַליין, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן.

דבורהלע האָט אים אויך ליב געהאַט, דעם יאַריד, נאָר ווו האָט זי צייט?

אָט שטייט זי און קוקט זיך צו צו עפּעס, קומט מען זי שוין רופן.

— דבורהלע, די מאַמעשי רופט! — צופּט זי אַ שכנטעס אַ מיידל ביים שאַלעכל. און דבורהלע לאָזט זיך מיט פאַרדראָס אַהיים. זי איז אַזוי קאַמיש, אָט די פּייגע לאה, און שרייען קאָן זי, אוי קאָן זי שרייען! דבורהלע הערט נאָך איצט די געוואַלטן, וואָס זי מאַכט אויפן מאַן, פאַרוואָס אַלע קאָנען, אַ חוץ איר איינער שלי־מזל, וואָס קאָן בשום אופן נישט צוזאַמענשטעלן דאָס ביידל. הכּם

ארבעטן ארבעט ער שווערער פון אלע. פארוואס ביי קיינעם האלטן נישט די פאות אין איין פארקריכן, אז כאטש נעם און בינד זיי צו צו די אויערן, אדער שטיי און האלט זיי צו.

הגם פייגע לאה איז נישט די איינציקע, וואס האט פרעטענסיעס צום מאן, אלע שרייען, אלע קוויטשען, צי מען האט א סיבה, צי נישט. נאר פייגע לאה שרייט זיי אלע איבער — און מיט א סיבה...

מיכל קאן זיך גאר קיין עצה נישט געבן. ער איז נאך מער פארהאוועט פון די קרעמער. עפעס א קלייניקייט, וואס איז אליז דא צו זען היינט! ער קאן נישט באשליסן, וואס מען דארף זען — מען מוז ממש! — און וואס מען וואלט געקאנט אדורכלאזן.

אט קומען זיך אן אנגעפאקטע פורן מיט וואס די וועלט פאר־מאגט. אויף די פורן, צווישן סחורה, האלץ און לייוונט, שטעקן ווייבערשע קעפ, איינגעהילטע, איינגעטוליעטע, פארשלאפענע. פונדעסטוועגן פארגעסן זיי נישט אויסצושפייען דריי מאל און צווישן ליפן אויסבייטלען „צו דיין קאפ!" אויף קללות, וואס עס רופן זיי צו שטעטלשע קרעמערקעס דערפאר, וואס זיי פירן אריין אין שטעטל פון אלעם גוטן: פון כל המינים סחורות, פון פויערשע שטיוול ביז ווייסע וועלאנעם פאר דארפישע כלות, פון קאלטמענע־וואטע קורטקעס ביז יעזוסלעך, מעדיצינען און נאשערייען, און קאנקורירן מיטן שטעטלשן סוחר — אחוץ וואס זיי קויפן אויס ביים פויער זיינע סחורות און מאכן אן א יקרות אין שטעטל.

פויערשע פורלעך מיט יום־טובדיקע פויערן און אויסגעפוצטע באבעס אין געבלימלטע ספאדניצעס לאזן זיך גלייך אוועק צום לידיקן פלאץ אויף עק לאנקע.

אביסל קי, פערד, אקסן, חזירים, קעלבער און שעפסן! א פארנעם אביסל! און ליארמען קאנען זיי נישט ערגער פון פייגע לאהן.

אט שטייען זיי שטיל. זעען אויס נאריש און ערנסט, מעלה־גרהן פאר זיך, ווי ס'דארפן טאן כשרע בהמות, און פלוצלינג — טפררר! מממעע! בממ! קוקעריקו! קוואק־וואק־וואק!

ערשט ארום מיטאג־צייט איז דער יאריד אין פולן ברען. ווייבער האבן נישט קיין צייט צו שעלטן. יידן העלפן לייזן, אדער כאפן זיך אהיים מאכן פאר קינדער עפעס עסן, לענען זיך

אַליין אויך אונטער דאָס האַרץ. פּרוּווּן העלצלעך אויף פאַרראָסטעטע אייזן, פאַרזיכערן זיך, אַז קליינוואַרג וועט נישט אַרויס, נישט פּלאָנ־טערן זיך אונטער פיס — דעמאָלט ערשט כאַפּט זיך מיכל אַהיים, עפּעס נעמען אין מויל אַריין, און היידאַ! — צוריק אויפן יאַריד. מיכל לאָזט נישט דורך קיין פּיצל אַזוינס, וואָס איז ווערט זיין אויג.

ער קוקט זיך אַזוי צו, מיכל, ווי די פּויערים מאַכן חוזק פון דודל קצב, ווילן אים נישט פאַרקויפן קיין יאַלאָווקע.

— מען טאָר נישט, קאָמיע, ער שעלט יעזוסן, — רוימען זיך פּויערן איין און באַטן אַזאַ פּרייז, אַז ער קאָן נישט נאָכקומען, דודל.

— פאַרוואָס וואַרפסטו דיך שוין בעסער נישט אַריבער אַהין, אַזוי ווי דיין זונדל האָט געטאָן? — קוקט אים משה מענדל אָן מיט נקמה־פרייד. — האַ? עסטאָך אין איין חזיר פאַרדינען מער ווי אין צען יאַלאָווקעס!

דודל האָט גאַרנישט געענטפערט. ער איז יענע רגע געוואָרן אַזוי קליין, ווי אַ ניי־געבוירן קינד. אַן איינגעשרומפּענער איז ער אַנטלאָפן אַהיים און איבערגעלאָזט דעם מאַרק משה מענדלען. דעם לעצטן יאַריד איז ער שוין גאַרנישט אַרויסגעקומען. מיכל האָט פאַרבייגייענדיק זיין הייזקע געכאַפּט אַ בליק אַריין, האָט ער־געזען, ווי דודל זיצט אַ געבויגענער איבער דער קאַלטער הרובע, די הענטלעך פאַרשטעקט אין די גלאַנציקע, פון אַ מאָל נאָך פאַר־בלוטיקטע, אַרבל פונם פעלצל (הגם ס'איז געווען פרילינג). ער טראַכט שלעפעריק און פויל. די ברילן אויפן שפּיץ נאָז האָבן זיך געררוקט, בלויז איבערגעלאָזט נאָך אַ רויט בעבעלע, און דאָס תהילימל אַזוי שוואַרץ און איינגעשרומפּן, ווי דודל אַליין, איז געלעגן אויף אַ בענקל און געדולדיק געוואַרט, ער זאָל זיך אויפ־כאַפּן פונם באַרג אומגעלומפּערטע מחשבות.

— אַ רחמנות! — איז מיכלען אויף אַ רגע ווייך געוואָרן ביים סאַמע גריבל פונם האַרץ. — שוין באַלד גאַרנישט איבער־געבליבן פון אים.

פּלוצלונג האָט ער אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער און איז רויט געוואָרן פון חרפּה, — אַן איינפאַל אַבּיסל: צו לאַכן פון דודלען, ווען יענער איז אין אַן עת צרה! אָבער וואָס קאָן ער

טאָן, מיכל, אַז ווען ער דערזעט אים, מוז ער אויסשיסן. איז ער שולדיק, וואָס ער איז גראָד געווען אין קיך דעמאָלט און צוגעהערט זיך, ווי דודל האָט זיך אָפּגערעדט ס'הערצל פאַר דער מוטער, בשעת ער האָט איר בסוד־סודות אַריינגעטראָגן צוויי פונט פלייש? ער צעלאַכט זיך נאָך שטאַרקער, מיכל. ס'איז תמיד אַזוי, ווייל מען וויל נישט!

— היליקע רביצין! — האָט דודל דעמאָלט געקלאָגט. — זינט ס'האָט מיך געטראָפן ס'אומגליק, בין איך נאָך נישט געווען אין אַזאַ נויט, פאַרגעבנס, ווי היינט. מילא פון אַמאָל איז דאָך נישטאָ וואָס צורעדן. די רביצין זאָל לעבן וויים דאָך יאָ, אַז כ'פלעג פאַרקויפן קנאַפּע צוויי בהמות אַ וואָך, אחוץ קעלבער. די שענסטע באַלעבאָסטעס פלעגן דאָך קומען צו דודן. זיי האָבן געוווסט, אַז דוד שעכט נישט קיין באָקעס, אַז דוד גיט אַ וואָג און אַז אויף כשרות קאָן מען זיך אויך פאַרלאָזן אויף דודן מער ווי אויף אַן אַנדערן. נאָר אַז גאָט שטראָפט און מ'הויבט אָן ליגן אין דר'ערד, ליגט מען. איז פון צוויי בהמות געוואָרן איין יאַלאָווקע, און דאָס קומט אָן מיט ווערעם, מיינע שונאים, ביז מ'לייזט עס אָפּ.

האַ, האַ! ער האָט זיך דעמאָלט פאַרגעסן דודל און מכבד געווען די מוטער מיט אַ שמעק טאַבאַק.

— די רביצין וועט מיר גלויבן: אפילו די אשכנזים זענען אַנדערש. אַמאָל האָבן זיי געהאַלטן דודן פאַר אַ גוטן ברודער, זיי האָבן געוווסט, אַז דוד וועט זיי נישט אַרויסציען ס'לונגעלעבער, געוווסט, אַז וויפל אַן אַנדערער וועט געבן, וועט דוד געבן מיט אַ רובל מער. היינט — זיי דערקענען מיך גאָרנישט. ס'קומט מיר אָן מיט ווייטאָקן, כ'בעט איבער די רביצינס כבוד, ביז איך קריג דאָס בהמהלע.

מ'סודעט זיך און מ'לאַכט. מ'בעט אַזאַ פּרייז, אַז כ'קאָן בשום אופן נישט קויפן. כ'דאַרף מיך נאָר בעטן פאַר מיין געלט. און מ'רעדט רייד, אַז ס'ווערט מיר פינסטער אין די אויגן. אַז אשכנזים זאָלן אַזוי רעדן, איז משיחס צייטן, נישט אַנדערש! — האָט זיך דודל צעכליפּעט דעמאָלט, ווי אַ קליין קינד.

רייזעלע האָט אים אַליין אָנגעגאָסן דעמאָלט אַ גלאָז טיי, און ווען ער האָט זיך בארואיקט און גענומען ווייטער דערציילן פון די אשכנזים, איז רייזעלען קשה געוואָרן.

— וועמען קאָן ער דאָס מיינען מיט די אשכּנזים? די „פּראָסטע מענטשן'', וואָס דאַווענען בּנוסח אשכּנז, קויפן דאָך בּסך־הכּל גאָר־נישט קיין פלייש א גאַנצע וואָך און אויף שבּת איז אויך — א קאָפּ, א שטיקל לונג און לעבּער, א פוס, א גריישל. פון זיי האָט ער דאָך סיי־ווי נישט געצויגן די היונה.

— צייט מיך האָט געטראָפן די בּראָך, איז „ער'' געוואָרן א מענטש, אָנגעטאָן זיך א זיידענע קאַפּאָטע און געוואָרן א חסיד אויף מיינע צרות.

— וועמען מיינט איר? — האָט רייזעלע א פרעג געטאָן.

— וועמען זאָל איך מיינען? משה מענדלען! אזא טרפהנער־בּיין, אזא פּיאַק! עלף ממזרים האָט ער, איז אים נאָך ווייניק. שלאָגט ער ס'אָרעמע ווייבל, שינדט פון איר די הויט. פאַראַכטאָגן שבת האָט ער איר געוואָרפן א דוניצע אין קאָפּ אריין און האָט איר שיער אוועקגע... באשר זי האָט נישט געקאָנט גיין קיין טבילה, פארגעבּנס. אזא געמיינער יונג, אזא ממזר בּן הנידה, — האָט זיך אין דודלען אויפגעכאַפּט דער קצב. — ער רעדט אָן די אשכּנזים, זיי זאָלן מיר נישט וועלן פאַרקויפן קיין קעלבעלע. דערציילט זיי א מעשה, אז צייט ס'גלות האָט מיך געטראָפן, שעלט איך זייער גאָט, פארגעבּנס, און זיי גלויבּן אים. מוז איך טאַקע שלעפן די אַלטע ביינער אויפן דאָרף. אָנומלט בּין איך אוועקגעפאַלן ווי א געשאָכטענער אין מיטן וועג. כ'האָב געמיינט, כ'וועל מיך שוין נישט אויפהויבּן, אזא טרייבאַטש, אזא, אזא...

— וועמען מיינט איר מיט די אשכּנזים? — האָט אים רייזעלע אונטערגעבּראָכן אינמיטן שרייען, זעענדיק, אז סיי־ווי קאָן ער נישט געפינען קיין פּאַסיק וואָרט פאַר משה מענדלס־ווען און ער מאַטערט זיך אומזיסט.

— וואָס הייסט וועמען? די אשכּנזים!

— וואָס מיינט מען אשכּנזים? — האָט רייזל אזוי ארום גע־פּרוווט דערגיין.

— הע, הע, הע! די רבּיצין, זאָל לעבּן, מאַכט חוזק. די רבּיצין זאָל לעבּן ווייס נישט, וואָס מ'מיינט אשכּנזים?

— כ'ווייס טאַקע נישט! בּאמת נישט!

— וואָס הייסט די רבּיצין ווייס נישט, וואָס מ'מיינט אשכּ־נזים? איך ווייס און די רבּיצין, זאָל לעבּן, ווייס נישט? — האָט זיך

דודל אַלץ נישט געקאָנט גלויבן און געמיינט, אַז רייזעלע וויצלט זיך.

— הערט, ר׳ דוד! כ׳וויים טאַקע נישט און כ׳בעט אייך טאַקע, זאָגט מיר!

— וואָס הייסט, ווער? די ס׳גאַיס, נו! — וואָס איז דאָ נישמאָ צו וויסן.

מיכל זעט נאָך איצט, ווי די מוטער האַלט זיך אַזש ביים בויך. ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער געזען די מוטער אַזוי לאַכן. אַזוי ספּאַזמאַטיש, אַז דער פֿאָטער קומט אַזש אַריין אַ צע־שראָקענער און צוזאַמען מיט דודלען קוקט ער מיט אַרויסגע־שטאַרצטע אויגן. וואָס איז פּלוצלונג געשען? חדושן זיי זיך. ביידע...

ער געדענקט, מיכל, ווי דער פֿאָטער האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן, ווען די מוטער האָט אים שפּעטער דערציילט.

דערנאָך האָט ער געזאָגט, אַז ס׳איז אים טאַקע נישט ניחא, וואָס זי קויפֿט ביי אים פֿלייש. פֿאָרט! אַ — השי״ת זאָל שומר ומציל זיין!

נאָר רייזעלע האָט זיך געהאַט איר אייגענע מיינונג וועגן דעם. אדרבא, היינט קאָן מען זיך אויף אים נאָך גיכער פֿאַרלאָזן ווי אַמאָל, איידער דער זון זיינער האָט זיך געשמדט. מ׳האָט זיך אויף אים תּמיד גיכער געקאָנט פֿאַרלאָזן, ווי אויפֿן עם הארץ אין דער אַטלעסענער קאַפּאָטע. מ׳קאָן אים נישט לאָזן אויסגיין. די יידענעס זענען פֿערד, וואָס זיי האָבן אויפֿגעהערט צו קויפֿן ביי אים פֿלייש. — כ׳היט מיך, די בהמות זאָלן נישט וויסן, פֿאַרשטייט זיך, — האָט רייזעלע באַרואיקט ר׳ אברהם בערן און געקויפֿט ביי דודלען פֿלייש ביזן טאָג פֿון אָפּפֿאָר.

היינט קאָן מען זיך נאָך גיכער פֿאַרלאָזן אויף אים, ווי פֿריער.

קאַפּיטל צוויי

# פּאַרקויפט ס׳רבנות

ס׳איז געווען דאַנערשטיק אַרום צען אַ זייגער אינדערפרי. רייזעלע האָט שוין געוואָלט לאָזן טעלעגראַפירן. אַזוי לאַנג האָט זיך ר׳ אַברהם בער נאָך קיינמאָל ביים רבין נישט געזוימט. עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין טאַקע ר׳ אַברהם בער אַליין, אַ צעוואָרעמטער, אַ צעשטראַלטער. ער בליט אינגאַנצן מיט אַ סוד און ווישט זיך ס׳פאַרשוויצטע פּנים מיט דער קעשענע־פאַטשיילע להכעיס דעם, וואָס דרויסן איז נאָך קאַלט און ווינטערדיק. ער זוכט מיט די אויגן אַ שטול. דבורהלע טראָגט אים צו אַ בענקל קעגנאיבער דער מוטערס קושעטקע. ער זעצט זיך, צעקנעפּלט דאָס אויבער־בגד, טוט אויס דעם קאַפּעלוש, מאַכט זיך צורעכט די סאַמעטענע יאַרמולקע אויפן קאָפּ און טוט אַ זאָג:

— כ׳האָב געברענגט נייעס! — און ווייטער — ס׳איז ב״ה וווּיל, ווי די וועלט. וווּיל ווי די וועלט, זאָג איך אייך, — רעדט ער בלשון רבים און קוקט אויף דבורהלען, ביי וועמען ער ריכט זיך צו געפינען דעם אמתן אָפּקלאַנג פון זיין שמחה. דבורה־לע, זעענדיק דעם פאָטער אַזוי אויפגערוימט, ריכט זי זיך אויף אַ היפּשע מטבע, וואָס ר׳האָט מסתמא דאָס מאָל געבראַכט פונם רבין. פרייט זי זיך. ס׳זענען טאַקע פאַראַן אַ סך חובות דאָס מאָל. זי וואַרט שוין אומגעדולדיק, דער פאָטער זאָל זאָגן וויפל. זי דער־מאָנט זיך, אַז ר׳האָט געזאָגט, נייעס האָט ער געברענגט. זי חלשט שוין צו הערן וואָס, נאָר ווי אויף להכעיס ווערט ר׳ אַברהם בער פלוצלונג שטאַרק געלאַסן. ער לאָזט אַרויס די באָרד פון ביידע הענט, נעמט אַרויס דעם ציביק, קלאַפּט אים אויס, פילט אים אָן מיט טאַבאַק, פּיפּקעוועט, ער זאָל זיך צעברענען, און גיט ענדלעך אַ זאָג:

— וואָס וואָלסטו געזאָגט צו פּופּצן קערבלעך אַ וואָך מיט אַ דירה, האַ?

רייזעלע צעעפנט אַ פּאָר פאַרווונדערטע אויגן. קוקט אים לאַנג אָן און ענטפערט נישט.

— דו חידושסט זיך, וואָס? נו, טאָ וועל איך דיר טאָקע דער־ציילן באריכות.

דבורהלע זעצט זיך צופוסנס דער מוטערס קושעטקע און שווייגט אָנגעשטרענגט. זי ווייס נישט, צי זאָל זי זיין ערנסט ווי די מוטער, צי זאָל זי זיך פרייען.

— ווייסט דאָך, אַז אין ר. בויט זיך אַ נייע ישיבה.

— כ'ווייס, ס'איז שוין צייט, כ'זאָל וויסן! — ענטפערט רייזעלע אַ ברוגזדיקע פאַר דעם, וואָס ר' אברהם בער האָט איר אָנגעטאָן צוליבן לאַנגן זוימען זיך אַזויפיל ע"נ. מיט די פופצן קערבלעך פרייט זי זיך עפעס גאָר נישט אַזוי שטאַרק. זי גלויבט נישט אינם רבין, נישט אין זיינע צוזאָגעכצן, און זי זאָגט עס ר' אברהם בערן גאַנץ אָפן.

— אַ ליטוואַק בלייבט אַ ליטוואַק! — ווערט ר' אברהם בער אין כעס כמעט. ער איז ממש געלאָפן איבערן מאַרק, כדי איר וואָס גיכער אָנצוזאָגן די בשורה און זי, גאָרנישט... נאָר ער ווערט באַלד מילדער. זי איז נעבעך אַזאַ שוואַכע, טאָר נישט האָבן קיין ע"נ, פאַרענטפערט ער זי אין האַרץ.

— דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אין הויף אַ שטאַרקער מקורב, אַז דער רבי דערהאַלט מיך ממש ביים לעבן מיט די עטלעכע קערב־לעך, וואָס ער גיט מיר ביי יעדער נסיעה. נו, פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט, בין איך ביי אים געווען דער ערשטער אויפן צעטל. דער רבי שליט"א איז אַ מזג טוב. איך זשאַלעווע מיך פאַר אים, אַז דו ביסט, לא עלינו, אַ שוואַכע, די קינדער זענען אויך שוואַכע, קיין פרנסה איז נישטאָ אַזוי — צענעם איך אים פשוט ס'האַרץ.

רייזעלע האָט אַ ליכטן שמייכל געטאָן. ר' אברהם בער האָט אים באַמערקט, דעם שמייכל.

— צוליב וואָס דען, קלערסטו, גיט ער מיר געלט? — ר'האָט פון מיר עפעס? וואָס?

— אַז דו פרעגסט שוין יאָ, וועל איך דיר טאָקע זאָגן. דער רבי, פאַרשטייסטו מיך, האָט כמעט נישט קיין „שיינע יידן" צווישן דעם עולם זיינעם, קיין רבנים אודאי און אודאי נישט. נו, וויל ער האָבן, ס'זאָל זיך אַרומדרייען אַ רבנישער קאַפּעלוש אין

הויף: זאָגסט דאָך אַליין, אַז ער וויל דיך נישט געזעגענען, נאָר ציט אָפּ וואָס לענגער, כּדי זאָלסט זיך אַרומדרייען נאָך אַ פּאָר טעג. און האַלט דיך אין איין בעטן, זאָלסט זען קומען וואָס אָפטער, הגם דיין יעדע נסיעה קאָסט אים געלט. — דו זעסט עס נישט, איך יאָ.

ר׳ אַברהם בער האָט אַ נעם געטאָן די באָרד צוריק אין ביידע הענט אַריין און אָנגעהויבן האַסטיק אַרומשפּרייזן איבערן חדר:

— ביסט אַ ליטוואַק! ביסט נישט בעסער פון דיין טאַטן! ביסט מוציא שם רע אויף אַ צדיק! אַ חושד בכשרים ביסטו! אַ ליטוואַק איז גרייט צו רעדן על ה׳ ועל משיחו! כ׳האָב תמיד געזאָגט, אַז דיין טאַטע האָט געטאָן אַ נבלה, וואָס ער האָט דיך געלערנט — איז ר׳ אַברהם בער ווי תמיד אַריבער מיטן כּעס צום שווער...

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן דיסקוסיעס צווישן טאַטע־מאַמע, און אַזוי ווי ר. איז אַ סך אַ גרעסערע שטאָט ווי זשעלעכיץ, האָבן סיי דבורהלע, סיי מיכל געהאָפט, אַז דאָס מאָל וועט דער טאַטע אויספירן און זיי וועלן שוין אַמאָל פּטור ווערן זשעלעכיץ. ר׳ אַברהם בער וועט ווערן ראש־הישיבה אין דער נייער ישיבה און עס וועט טאַקע זיין ווויל ווי די וועלט.

ר׳ אַברהם בער האָט כּמעט נישט געלערנט. געהאַלטן אין איין איינטענהן מיט רייזעלען, וואָס האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס אירי־סע, אַז זי טרויט נישט דעם רבין און טאַקע דערפאַר, וואָס ער גיט געלט מיט מתּנות.

ר׳ אַברהם בער ווידער האָט איר דווקא געוואָלט באַווייזן, אַז דאָס איז דער בעסטער סימן פון זיין ברייטקייט, פון זיין פריינט־האַנט, פון זיין גוטסקייט — אַחוץ מזה, וואָס ער דאַרף אים גאָר פּשוט צו האָבן, אַז די נייע ישיבה וועט זיין איינע פון די שענסטע ישיבות אין פּוילן און אפילו ליטע.

— און דערצו נאָך איז דער רב פון ר. שוין קרוב לשמונים קיין עין הרע און עס איז נישטאָ קיין ממלא־מקומו. נאָר דאָס איז גאָרנישט, זאָל ער זיין געזונט און דערלעבן משיחן.

מיכל און דבורהלע זענען געווען אינגאַנצן איינשטימיק מיטן פאָטער.

אין שטוב האָבן אָנגעהויבן אָפּט אַריינקומען די שענסטע באַלעבאַטים פון זשעלעכיץ. געפּרווט אָפּרעדן ר׳ אַברהם בערן

פונם נייעם שריט און אים איינגערעדט גאנצע גליקן, צוגעזאָגט א הוספה. געזען, אַז ער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע, האָבן זיי גע־פרווט גליק ביי רייזעלען. רייזעלע האָט זיך לכבוד זיי אויפגעזעצט אויף דער קושעטקע, אויסגעהערט זיי, צוגעשאָקלט מיטן קלוגן קאָפּ און געטראַכט, אַז זיי זענען פּונקט אַזעלכע ליגנערס, ווי דער רבי.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דרייען א ייד, א פאַרמיטלער צווישן ר׳ אברהם בערן און א יונגנמאַן פון א דערבייאיק שטעטל, וואָס האָט זיך שוין פאַרמאָסטן אויף זשעלעכיץ. מיכל האָט אים שטאַרק פיינט געהאַט, דעם יידן, מיט די גיריק־באַדערפטיקע אויגן. און פאַרט האָט ער זיך דערפרייט יעדעס מאָל, וואָס ער איז אַריינ־געקומען אין שטוב. דבורהלע האָט אים דוקא נישט פיינט געהאַט, נאָר זי וואָלט געוואָלט, אַז דער ייד זאָל אַלע טאָג האָבן אַן אויס־געקעמטע באָרד און אַז די קאַפּאָטע, וואָס איז פאַרפעצט און גרין פון אַלטקייט, זאָל כאָטש נישט זיין אַזוי פאַרבלאָטיקט. אויך האָט איר געאַרט, פאַרוואָס, לא די, וואָס דעם יידנס שיך זענען צע־פּלעטשקעט און משונהדיק־גרויס, טוט ער נאָך אָן אויף זיי א פּאָר אויסגעריבענע, אויסגעצויגענע קאַלאָשן און טוט זיי אפילו נישט אויס, ווען ער קומט אַריין אין שטוב. זי האָט אויך נישט געליטן דעם ריח פון זיינע פעטע לולקעס און פיצלעך צוזאַמענגעשטיקע־וועטע פאַפּיראָסן, נישט זיין שפּאַרן זיך, מאַכן מיט די האַריקע הענט און ברודיקע נעגל, נאָר ערגער פון אַלץ האָבן זי אָפּגעעקלט זיינע ציין, וואָס זענען געווען געל־ברוין, אָפּגעבראָקלט און ער־טערווייז ממש שוואַרץ, ווי קויל. דער ייד האָט נישט אויסגעזען שטאַרק עסטעטיש.

מילא צו חנהן דער איינגייערקע איז זי שוין געוווינט גע־ווען און האָט נישט געהאַט קיין פאַראיבל, פאַרוואָס אירע פאַר־שמאָלצענע פאַלדן פונם קלייד זענען אויך געגוג ברודיס, אַזוי אַז אַרום די היפּטן קלעפּן זיי זיך ממש. זי האָט געדאַנקט גאָט, אַז חנה לאָזט איר צופרידן, האַלט נישט אין איין האָבן טענות צו איר, פאַרוואָס זי העלפט איר נישט צו, גייט נישט א גאַנג, נאָר מאַכט זיך א יום־טוב, אַבי נאָר זי דערזעט איר אַריינקומען. אמת זי האָט איר לעצטנס געזוכט אויסצומיידן, חנהן, נאָר נישט צוליב פוילקייט; פאַרקערט, זי איז גרייט געווען צו העלפן איר, זי האָט

אויף איר רחמנות געהאַט. זי האָט אָבער נישט געקאָנט פאַר־טראָגן דאָס, וואָס חנה איז לעצטנס אַרומגעגאַנגען ברוגזער נאָך ווי תּמיד, בייז אויף דער גאַנצער וועלט. שוואַרצע כמאַרעס האָבן כסדר געדראָט פון פּנים אַראָפּ, און די ברודיקע פאַלדן פונעם האַלז, אויף די באַקן און אַרום די מויל - ווינקלען האָבן זיך נאָך שיי־טערער צעוויירן און דאָס בערדל האָט זיך געגרויט מער נאָך פון די האָר, וואָס האָבן אַרויסגעקוואָלן פונעם אויסגעקראָכענעם שייטל אַרויס. און עס האָט איר געאַרט, פאַרוואָס חנה רוימט שוין לעצטנס לגמרי נישט צו און קאָכט נישט אָפּ קיין מיטאָג, אפילו אַמאָל אויך נישט. עס העלפט נישט קיין טענהן.

רייזעלע האָט זיך לסוף מיישב געווען, אַז וואָס עס וועט זיין, זאָל זיין. סוף־כּל־סוף האָט זי דאָך זשעלעכיץ אויך נישט איבעריק ליב. וועט זי זיך פאַרלאָזן אויף השי"ת. ווי ער וועט פירן, זאָל זיין צום גוטן, און האָט זיך לגמרי אויפגעהערט מישן. זי האָט זיך פעסטער איינגעוויקלט אין דעם פלושענעם זשאַקעט, געלייענט מער נאָך ווי פריער און איבערגעלאָזט די גאַנצע אַרבעט ר' אברהם בערן, אַ זאַך, וואָס האָט פריער קיינמאָל נישט געטראָפן.

אין אַן עת צרה איז מיכל געוואָרן פריינט מיט דבורהלען, ער האָט געוווּסט, אַז זי איז אים דאָס מאָל אַן אח לצרה. האָט ער זיך פאַר איר אָפּגערעדט פון האַרץ, מיט איר איבערגערעדט, ווי נישט שבּלדיק עס איז מצד דער מוטער, וואָס זי וויל זיך נישט מישן אינעם פאַרקויפן דאָס רבנות און צוליב דעם וועט מען זיך ציען ערשט גאָט ווייס ווען — און אפשר אַמאָל אינגאַנצן נישט. ביידע האָבן זיי געהאַט שטאַרקע תּרעומות אויף דער מוטער. ביידע האָבן זיי געחלשט פּטור צו ווערן פונעם זומפּיקן, פאַרשלאָסענעם שטעטל, פון דער וויסטער איינזאַמקייט, פונעם אַלטן יואלן דיינעם שמש, פון דער פאַסקודנער אַטמאָספער, פון חנהן, פון דער ליי־דיקייט, און מער פון אַלץ פון דער קושעטקע, וואָס זיי האָבן גע־האַפט, אַז דער נייער רב וועט זי איבערנעמען צוזאַמען מיטן רבנות. הגם ר' אברהם בער איז אינעם משך פון דריי וואָכן געווען צוויי מאָל ביים רבין — און איז יעדעס מאָל צוריקגעקומען מיט אַנ־דערע גליקן: — מען דעקט שוין דעם דאַך, ס'קומען זיך שוין אפילו אָן בחורים, זיי לערנען דערווייל אין רבינס בית־המדרש, דער רבי זאָגט שוין צו צוואַנציק קערבלעך אַ וואָך, — זענען מיכל

מיט דבורהלען נאָך אַלץ געווען אין ספק צוליב דעם, וואָס זיי האָבן נישט געזען, אַז די מוטער זאָל זיך צורירן צום גאַנצן ענין...

נאָר איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן (פאַר פורים איז עס געווען), האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען פריער אַ נידעריק, דיק יידל מיט אַ נגידישן פוטער־קאָלנער אויף אַ שוואַרצן מאַנטל און נאָך אים אַ בלייכער יונגערמאַן, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ פּאָר נערוועאישע אויגן אונטער צו־געדיכטע, שוואַרצע ברעמען פאַר אַ יונגן מענטשן, מיט אַ פּאָר אַרונטערגע־מאַכטע שוואַרצע פּיאות (וואָס ער האָט, אגב, געהאַלטן אין אָפּער־מאַכן) — דעמאָלט ערשט האָט מיכל אָנגעהויבן גלויבן, אַז עס האַלט שוין גאָר נאָענט און ער האָט זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון טיילן די שמחה מיט דבורהלען, וואָס האָט זיך נאָך מער גע־פרייט פון אים.

ר׳ אברהם בער האָט אויפגענומען די יידן מיט אַ ברייטן „שלום ־ עליכם!״, ווי זיין שטייגער איז געווען. אַליין אָפּגערוקט שטולן פאַר זייערט וועגן. דאָס נידעריקע יידל האָט זיך שווער אוועקגעזעצט, צעקנעפּלט דאָס אויבער־בגד, אָפּגעפּראַכט, אַרויס־גענומען מיט די פליישיקע הענטלעך אַ דיקן, גאָלדענעם זייגער, אַ קוק געטאָן און צוריק אַריינגעלאָזט אים אין וועסטל־קעשענע. דער בלייכער יונגערמאַן האָט געזוכט אַן אָרט אויף אוועקצושטעלן דאָס ברוינע וואַליזקעלע, לסוף אוועקגעשטעלט עס אונטערן טיש, דרך־ארצדיק אוועקגעזעצט זיך און אָנגעקוקט דעם שווער מיט אַ פראַגע־צייכן. דער מעקלער האָט זיך געזעצט, צעבראַסטעט דאָס שווערע אויבער ־ בגד, אַרויסגעשלעפּט עטלעכע געלע ציצית פונם ברודיקן טלית־קטן און זיך געשפּילט מיט זיי אָדער געציילט אויף זיי. לסוף, ווען ר׳ אברהם בער האָט שוין געהאַט געזאָגט יואַלן, ער זאָל זאָגן דער יידענע, זי זאָל אַריינטראָגן טיי, האָט ער זיך מיישב געווען און פאָרגעשטעלט די געסט פאַר ר׳ אברהם בערן. ר׳ אברהם בער האָט זיי געפרעגט, וואָס זיי מאַכן, ווי ס׳געפעלט זיי דאָס שטעטל און אַז. וו. דערנאָך איז געקומען צו אַ שמועס מכח זשע־לעביץ און מכח דעם פּרייז. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער בלייכער יונגערמאַן האָט נישט מער ווי פיר הונדערט רובל. ר׳ אברהם בער האָט זיך דערפילט מטושטש. ער האָט אַליין געהערט, ווי רייזעלע האָט אַמאָל פאַרבייגייענדיק אַרויסגעכאַפּט זיך, אַז

זעקס הונדערט רובל איז דאָס בלויזע הויז ווערט. היינט אָפּטרעט־געלט פאַרן שטעטל? צוזאַמען מיטן הויז איז טויזנט קערבלעך נישט צופיל, האָט זי דעמאָלט געזאָגט, און דאָ זענען בסך־הכל פאַראַן פיר הונדערט רובל און פאַר אַ צולאָג וויל זי זיך נישט מישן און אָן איר וואָלט ער נישט געוואַגט עפּעס צו טאָן. דער שמועס איז אים בכלל אויסגעקומען צו פּראָזאַאיש. ווען ער איז אים נמאס געוואָרן, האָט ער זיך מיישב געווען און האָט פאַרפירט אַ שמועס אין לערנען.

דער בלייכער יונגערמאַן האָט באַקומען פאַרב אין פּנים, ער האָט זיך עטלעכע מאָל אויפגעשטעלט און צוריק אַוועקגעזעצט. די אויגן האָבן זיך ביי אים צעפלאַקערט, דאָס פּנים פאַרוויטיקט. ער האָט זיך אינגאַנצן געביטן. אַ נייער מענטש געוואָרן. ר' אברהם בער האָט אים אויסגעהערט, רואיק געגלעט זיך די באָרד, געזופּט פון דער טיי, און דערנאָך מיט איין דריידל צעקלאַפּט דעם יונגנמאַן אויף פּיץ־פּיצלעך, צעוואָרפן דעם גאַנצן בנין, וואָס יענער האָט מיט אַזויפיל טרחה צונויפגעשטעלט. דער דיקער ייד האָט נאָכגעקוקט דעם איידעמס יעדן טריט, יעדע באַוועגונג און ער האָט געשמייכלט מיט די פאַרגראָבענע אייגעלעך און הנאה געהאַט, נישט־וויסנדיק אייגנטלעך, צי עס איז פאַראַן אַ גרונט זיך צו פרייען, אָדער פאַרקערט.

יואל האָט זיך דערווייל אַרייננעכאַפּט אין קיך, כאַפּן אַ שמועס מיט חנהן מכח די געסט. דער מעקלער האָט געחשבונט אויף אַ שטיקל פאַנאַנדערגעוויקלטן מונדשטיק. דער יונגערמאַן האָט געדרייוולט דעם גאַרטל, געצופּט דאָס שטיקל לענגערע בערדל פון דער רעשט אויפן גאַנצן פּנים. געגאַנגען אָפּ און אויף איבער דער שטוב. דערנאָך איז ער צו צו דער ספרים־שאַנק, אויטאָמאַטיש אַרויסגענומען אַ „פּרי־מגדים", אַריינגעקוקט אַ רגע אין גאַרנישט נישט געזען. זיינע רעיונות זענען געווען העט־העט אַוועק פונעם ספר. ער האָט עס צוריק אַריינגעשטעלט אין שאַנק פונקט אויפן אייגענעם אָרט, פונוואַנען ער האָט עס אַרויסגענומען און פונקט אַזוי אויטאָמאַטיש. ער האָט אָנגעהויבן האַסטיקער אַרומשפּרייזן איבערן חדר. פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבן פענסטער, ווי ער וואָלט אַרויסגעקוקט, און אינאיינוועגס געצופּט די פראַנזן פון דעם פאָרהאַנג. דער שווער איז אויפגעשטאַנען, איז

צו צום פענסטער, ארויסגענומען דעם פּאַרהאַנג פונם איידעמס הענט און שטיל געזאָגט:

— קלמן, מאַכסט דאָך אַ תּל פון די גאַרדינען.

ר׳ אַברהם בער האָט געזופּט פון דער טיי, וואָס איז שוין געווען אייז־קאַלט, און פון צייט־צו־צייט אַ זאָג געטאָן:

— נו, יאָ! פאַרשטייט זיך, אַז אַזוי איז עס!

אין פּשטלעך איז ר׳ אברהם בער געווען אין דערהיים. ער האָט זיך נישט געהאַט צוליב וואָס צו קאָכן.

פּלוצלונג האָט זיך דער יונגערמאַן העל צעשמייכלט, איז צו צום טיש, אָנגעקוקט דעם שווער, ווי ער וואָלט אים נישט דערקענט, און אַ זאָג געטאָן:

— כ׳האָב עס! יאָ, אַזוי איז עס!

דער שוויים איז אים געראָנען פון פּנים. ער האָט אַרויסגענומען די קעשענע־פּאַטשיילע, אָפּגעווישט דעם שטערן און אָוועקגעלייגט אַ מאמר, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אַזוי גרינג אָפּוועגדן. אָפּגע־רעדט שוין פון „צעקלאַפּן״. ר׳ אברהם בער האָט זיך דאָס מאָל אויך אַביסל צעוואַרעמט, זיך בשום אופן נישט געלאָזט. די באָרד האָט אים צוגעהאָלפן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און עס איז אָנ־געגאַנגען אַ מחלוקת אויף לעבן און טויט. לסוף האָט זיך ר׳ אברהם בער צעשמייכלט. דער יונגערמאַן האָט זיך געזעצט, אויסגעזען פאַרשעמט, באַזיגט און אָן געווער צו פירן ווייטער די מלחמה. ער האָט געשמייכלט, נאָר ס׳איז געווען אָך און ווי צום געלעכטער.

— עס זענען געווען שטאַרקע סברות, וואָס האָבן באַוויזן, אַז איר קענט ב״ה לערנען, ר׳ קלמן. איר האָט אַרויסגעוויזן חריפות, ר׳ קלמן, איך האָב פון אייך הנאה. ווו האָט איר געלערנט?

— אין נערער שטיבל.

— אַזוי, זענט איר, הייסט עס, אַ נערער! און אייער שווער פאַרט אויך ערגעץ? — האָט ער געפרעגט און אַ קוק געטאָן אויפן שווער, כּדי אים נישט אינגאַנצן צו איגנאָרירן.

דער יונגערמאַן האָט געכאַפּט אַ בליק אויפן שווער.

— איך פאָר טיילמאָל קיין ראַדזימין, אַז עס מאַכט זיך אַן אומגליק, חלילה, אַ קראַנקהייט, צו וואָס. אַזוי איז נישטאָ קיין צייט. מ׳איז פאַרנומען.

— ר׳ קלמנס שווער וויל איבערנעמען דאָס הייזל מיטן רבנות! — האָט דער מעקלער אַ זאָג געטאָן.

ר׳ אַברהם בער האָט זיך האַרציק צעלאַכט.

— אַזוי גאָר? נו, מהיכי תיתי!

דער יונגערמאַן האָט אויך געלאַכט. אַ שיינע מעשה. דער שווער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס איז דאָ פאַראַן צו לאַכן, נאָר כּדי נישט צו בּלייבּן הינטערשטעליק, האָט ער אויך מיטגעלאַכט.

דער מעקלער האָט נישט געלאַכט. ער האָט זיך געגרייט צו טאָן ממשותדיקע אַרבעט.

— דער רבּי זאָל נישט פאַראיבּל האָבּן, נאָר מען דאַרף דאָך רעדן מכּוח דעם ענין און זען מאַכן אַ סוף.

ר׳ אַברהם בער האָט זיך אַנטשולדיקט און איז אַריין צו ריי־זעלען. רייזעלע האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אירע גרויסע, מרה־שחורהדיקע אויגן.

— הייסט עס, אַז דו גייסט טאַקע איבּערגעבּן?

— פאַרשטייט זיך! אַגב, מוזן מיר דאָך שוין איצט. מיט השי״תס הילף וועלן מיר חלילה קיין חרטה נישט האָבּן.

— רעד נישט קיין שטותים! דער יונגערמאַן האָט טאַקע נישט מער, אָבּער דער שווער זיינער האָט! זיבּן הונדערט רובּל איז שוין גאָר במקח. מיר מוזן געדענקען, אַז מיר האָבּן אַ מיידל און בּכלל איז עס נישט צופיל — דאָס הויז אַליין...

זי האָט נישט געקאָנט רעדן ווייטער. עס האָט זיך איר געלייגט אַ קנויל אין דער קעל און געשטיקט. זי האָט געערעדט שטיל. דאָס קול האָט אָפּגעקלונגען הויל, ווי ס׳וואָלט געקומען פון ערגעץ־נישט: נישט פונם האַלז, נישט אַפילו פונם מויל. זי האָט זיך צוריקגעלייגט אויף דער קושעטקע. ר׳ אַברהם בער איז געשטאַנען עטלעכע מינוט, אומזיסט געוואַרט, רייזעלע זאָל נאָך עפּעס צוגעבּן. זי האָט גאָרנישט נישט געזאָגט. לסוף איז ער אַריין אין בּית־דין־שטוב, אַרומגע־דרייט זיך אַבּיסל איבּער דער שטוב און ווי ראַדיאָ אַ זאָג אַרויס געטאָן:

— „זיבּן הונדערט קערבּלעך איז שוין גאָרנישט צופיל!״

ער האָט זיך דערפילט לייכטער, איבּערגעקומען, — געלויבּט השי״ת דערפאַר!

דער שווער האָט געזאָגט דעם איידעם אויפן אויער, אַז אַזוי־

פיל איז ער נישט בכּוח צוצוגעבן אים. דער מעקלער האָט זיך גע־דרייט ווי אַ וואָרעם. געהאַנדלט מיט די ציצית און מיט אַלע רמ״ח אברים. געפּרוווט איינרעדן אין דער שטיל ר׳ אַברהם בערן, אַז עס איז צו טייער; דעם שווער, וואָסער מציאה ער כאַפּט. ר׳ אַברהם בער האָט געהייסן יואלן אַריינרופן די רביצין. ער האָט זיך אָן איר נישט געקאָנט קיין עצה געבן. רייזעלען האָט די מעשה פאַר־דראָסן. מילא, צוטראַכטן אַ דיאַלאָג פאַר ר׳ אַברהם בערן, בשעת ער דאַרף אַמאָל בעטן אַ הוספה, איז עפּעס אַנדערש — און שאַכרן מיט אָט דעם יידן דאָרט, איז אויך עפּעס אַנדערש — יאָ, גאָר אַן אַנדער ענין!

— ניין, זי וועט נישט גיין און פּאַרטיק! — זי האָט אָנגעשריגן עטלעכע ווערטער און אַריינגעשיקט מיט יואלן צו ר׳ אַברהם בערן.

ר׳ אַברהם בער האָט איבערגעלייענט. ער האָט זיך דערפרייט.

— הכלל יידן! כ׳וועל נעמען זעקס הונדערט קערבלעך און זאָל זיין מיט גרוים הצלחה!

— אמן!! — האָט דער מעקלער אַ געשריי געטאָן, ווי מען וואָלט אים אַ צאָן אַרויסגעריסן.

דער שווער האָט געפּרוווט דינגען זיך, אָפּרייסן. דער איידעם האָט אים עפּעס איינגערוימט אויפן אויער. ער האָט געשוויגן. דער־נאָך האָט ער פאַרלאַנגט, מען זאָל אים אַרומפירן אַרום הויז. ער האָט עס געוואָלט באַזען. דאָס איז שוין געווען מיכאלס אַרבעט. דבורהלע איז געשטאַנען פון דער ווייטנס און געקוואָלן. אָפּגע־פּאַרטיקט זיך דרויסן, האָט ער פאַרלאַנגט מען זאָל אים אַרומפירן אין די שטובן. דבורהלע האָט געהאָלפן מיכאלן אין דער אַרבעט. דער שווער האָט באַקוקט די ווענט, די סופיטן, באַטאַפּט די אויוונס, געשאָקלט די פענסטער, די שויבן. און דער מעקלער האָט אים גע־ענטפערט, בשעת ער האָט געפּרוווט זאָגן חסרונות, וווייטער קיינער נישט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך דערפילט איצט גאָר אַן אַנדערער. ער האָט דערפילט, אַז איצט איז ער וויכטיק, בפרט, אַז דער מעק־לער האָט אין אים אַריינגעאַרבעט... דערנאָך האָט מען אָפּגעשמו־עסט, אַז מען זאָל שיקן רופן די דאָזאָרעס און נאָך היינט ביינאַכט זיך איבערשמועסן מיט זיי און קריגן די הסכמה.

יואל איז צוריקגעקומען אַ פאַרמאַטערטער. ער האָט געפּאַרעט ווי אַ דאַמף־מאַשין.

— איך בין מיך דאָס אַביסל אָנגעלאָפן! צו צען מאָל אוודאי, אויב נישט מער. בין איך געלאָפן, ביז כ׳האָב זיי מיט מזל געטראָפן אַמאָל אין דער היים!

— איז וואָס־זשע, זיי וועלן קומען?

— ס׳גוט געוועזן! פאַרלאָזט זיך אויף יואלן. איך ווייס שוין, ווי אַזוי מיט זיי צו רעדן, נישקשה... אוודאי ווייסן זיי נישט צוליב וואָס! הע־הע־הע, איך ווייס שוין, וואָס כ׳האָב צו זאָגן, נישקשה, הע־הע־הע!

— ווי מיינסטו, יואל, ער וועט זיי געפעלן?

— אַ שאלה דאָס איז! ס׳איז דאָך אַ שטיק זייד, נישט קיין יונגערמאַן. די צרה איז אָבער, וואָס זיי ווילן נישט, אַז איר זאָלט אוועק.

— נו, יאָ, פאַרשטייט זיך! איך קאָן דאָך אָבער נישט תמיד בלייבן אינם העק, — האָט זיך ר׳ אברהם בער פאַרענטפערט פאַר יואלן און אים געבעטן, ער זאָל הייסן דער יידענע מאַכן אַ גלעזל טיי.

יואל האָט זיך געוואַרעמט די הענט ביי די קוילן פונם סאַמאָוואַר און האָט געטראַכט, אַז עס איז אַ שאָד, וואָס חנה ווערט עלטער פון טאָג צו טאָג און דערצו זעט זי אויס בייזער אויך מיט יעדן טאָג, וואָס זי ווערט עלטער. פונדעסטוועגן האָט ער ליב געהאַט אַ טשעפּע צו טאָן זי, אַ קיצל טאָן איר אונטער דער גאָמבע, אַ לייג אַרויף טאָן זיין אַלטע האַנט אויף איר גערינצלטן קאַרק. און ער האָט עס טאַקע געטאָן אויך. חנה האָט שיעור נישט אומגעקערט דעם סאַמאָוואַר. און ווי תמיד, ווען יואל טשעפּעט זיך מיט איר, גוט אָנגעבייזערט זיך אויף אים, גערופן אים „אַלטער לאָשיק״ און דערמאָנט זיך אין אַלטע צייטן, וואָס האָבן זיך איר אויסגעוויזן ווי נעכטן און ווי מיט הונדערט יאָר צוריק.

אין אָוונט זענען זיך אָנגעקומען די דאָזאָרעס און עטלעכע סתם אָנגעזעענע באַלעבאַטים. פון צווישן זיי אַלע האָבן באַזונדער אַרויסגעשיינט די צוויי חשובסטע יידן פונם שטעטל — „דער גרויסער מענדל״, אַ הויכער ייד, וואָס גייט אַביסל געבויגן פון צו־פיל וואַקסן... מיט אַ ברוינער געקרייזלטער באָרד און אַ פּאָר גע־דיכטע וואָנסעס, איינגעהילט אין אַ פוטער. אויף די הענט אַ פּאָר פוטערנע הענטשקעס און אין די הענט אַ העלן, סענקעוואַטן שטעקן,

ער איז נאָר־וואָס געקומען פון וואַלד און נישט באַוויזן איבער־צוטאָן זיך. און דער קליינער מענדעלע, אַ פּיצל יידעלע, מיט אַ קליין, דאַר, רויטלעך נעזל אויף אַ טונקל פּנימל, מיט אַ קליין, קיילעכדיק בערדעלע, שיטערע וואָנסעלעך און אַ פּאָר פּינקלדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס זענען געווען ריזיק אין פאַרגלייך מיטן גאַנצן מענטשעלע. די אויגן האָבן ביי אים אַ רגע נישט גערוט. אָט זענען זיי יענעם פּאַרפּאָרן אין דער פאַרבאָרגנסטער אינערלעכקייט, האָבן זיך איינגעגראָבן אין דער סאַמע נשמה — און פאַרבייגייענדיק אַ פּאָרש געטאָן, וואָס עס הערט זיך עפּעס ביי יענעמס שכן. גיך גע־כאַפּט זיך און אַלץ געוווּסט: אים האָט מען נישט געקאָנט אָפּנאַרן. אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן, טוכענעם, שוין אַביסל אָפּגעטראָגענעם אויבער־מלבוש, אַ פּאָר קליינטשיקע קינדערשע קאַלאָשן, וואָס ער האָט, פּונקט ווי דער מעקלער, נישט אויסגעטאָן בעתן אַריינקומען אין שטוב, איינגעהילט אין אַ רויטן, וויליטשקענעם שאַליק פון זיין אייגן מאַנופאַקטור־געשעפט, וואָס ער האָט געהאַט אין סאַמע מיטן מאַרק (אַ חוץ מאַנופאַקטור האָט מען ביי אים געקאָנט באַקומען אַלץ, וואָס עס קאָן נאָר אַ מענטשן איינפאַלן אַמאָל צו געברויכן). מען האָט אים געהאַלטן אין שטעדטל פאַר אַן אָנגעפּיקעוועטן, ווי גרויס ער איז... צוליב דעם האָט ער, פאַרשטייט זיך, געהאַט דאָרטן אַ גאַר וואַזשנעם פאַרנעם און ער האָט עס געוווּסט. אַלע איבעריקע באַלעבאַטים זענען געקומען סתם אַזוי פון יוצא־וועגן. זיי האָבן קיין סך נישט גערעדט. איינגעהערט זיך מיט גרויס ערנסטקייט, וואָס די צוויי מענדלס האָבן עפּעס צו זאָגן.

ר' קלמן איז אפשר היינט ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן אי־בערגעגאָסן געוואָרן מיט אַ בלוטיקער רויטקייט, פון די עקן פינגער ביזן שפּיץ קאָפּ, מחמת מענדל האָט, גאָרנישט ווי זיין שטייגער איז, אים לאַנג אָנגעקוקט, ביז ער האָט באַוויזן אַראָפּצושלינגען, וואָס ער דענקט מכוח אים. צום שווער איז ער דערפאַר אַוועק מיט איין גלאַנץ און ער האָט שוין געהאַט געגנוג. דער שווער האָט אים מכבד געווען מיט אַ קוק צוריק. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער קליינער דאָרט קוקט עפּעס אַזוי לאַנג אויף זיין איידעם און דער־נאָך אויף אים. וואָס וויל ער דאָ, אָט דאָס ראַזעווע יידעלע?

— רבותי! — האָט ר' אברהם בער אָנגעקוקט צוערשט דעם קליינעם מענדעלע, דערנאָך דעם גרויסן און דערנאָך דעם

גאַנצן עולם. — רבותי! ווי איר זעט, מוז איך אַוועק פונדאַנען! מסתּמא איז עס מן השמים. דער מענטש טוט נישט קיין ריר מיטן קלענסטן פינגער, אויב עס איז נישט פריער נגזר געוואָרן אין הימל. איך, — האָט ר׳ אַברהם בער געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר דער גרויסער מענדל האָט אַ קוק געטאָן אויפן קליינעם מענדעלע, דער־נאָך האָט זיך איבערגעקוקט דער גאַנצער עולם און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געוואַרט אויף אַ וואָרט פון די ביידע מענדלס.

אין בית־דין־שטוב איז געוועזן שטיל. קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ר׳ אַברהם בער האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און האָט ווייטער גערעדט.

— איר זעט אָט דעם יידן? ר׳ קלמנען? אָט דער ר׳ קלמן איז ב״ה גאָר אַ גרויסער תּלמיד ־ חכם. מער, ער איז אַ חריף, קאָן מען זאָגן, און אַ בקי דערצו! מיר האָבן גערעדט היינט אין לער־נען און איך מוז מודה זיין, אַז ער האָט מיך גוט אויסגעמענטשעט.

ר׳ קלמן האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר און האָט נישט אויפ־געהויבן די אויגן. דער שווער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף זיין צופרידן פון דעם, וואָס ר׳ אברהם בער זאָגט מכּוח זיין איידעם, האָט ער געגלאָצט אויף אים מיט בהמהוואַטער דאַנקבאַרקייט.

אַלע אויגן האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אויף ר׳ קלמנען. ר׳ קלמן האָט אַ שמייכל געטאָן צום עולם אין אָנערקענונג און האָט מיט חשק ווייטער אַריינגעקוקט אינם ספרל אַריין.

דער גרויסער מענדל, דער קליינער מענדל און נאָך זיי (אַז איבעריקע זאַך) דער גאַנצער עולם, האָט מסכּים געווען, אַז ר׳ אברהם בער זאָל פירן אונטערהאַנדלונגען מיט ר׳ קלמנען. יואל האָט אַריינגעבּרענגט אַ פלעשל בראָנפן, גלעזלעך, מען האָט גע־טרונקען לחיים, געווונטשן דעם נייעם רב מזל־טוב. נאָך אַביסל גע־שמועסט. ר׳ קלמן האָט זיך אָנגעשטרענגט און גערעדט מיט די נייע באַלעבאַטים. דערנאָך האָבן די באַלעבאַטים אָפּגעטרעטן אין דער רביצינס חדר, איר אויך אָנגעוווּנטשעוועט און זענען זיך פאַנאַנדער־געגאַנגען.

יענער אָוונט האָט זיך טיף איינגעקריצט אין די קינדערשע מוחלעך. זיי האָבן אים געדענקט יאָרן לאַנג דערנאָך.

— הכּלל, ווערט איר, איה״ש, היגער רב! איך האָב געוווּסט, אַז איר וועט זיי מיטן אויבערשטנס הילף געפעלן.

ער האָט אים אָפּגעגעשטעקט די האַנט און געזאָגט:

— עס זאָל אייך זיין מיט גרויס הצלחה!

— אמן! — האָט ר׳ קלמן געזאָגט און געדריקט ר׳ אברהם בערן די האַנט מיט אַזאַ וואַרעמקייט, אַז עס איז אַזש יואַלן וואַרעם געוואָרן אויפן אַלטן האַרצן.

רייזעלע איז אַריינגעקומען. אַ בלאַסע, אַ מאָגערע, מיט די גרויסע גרויע אויגן אירע, האָט זי גיכער אויסגעזען, ווי אַ ייד אַ תלמיד־חכם, וואָס זיצט טאָג און נאַכט און לערנט. אפילו דאָס שוואַרצע קלייד מיטן פּלושענעם זשאַקעט האָבן זי נישט פאַרראַטן... ר׳ אברהם בער האָט אַרויסגערוקט אַ שטול פאַר אירעטוועגן און ווי אַ גאַסט, געבעטן זי זיצן.

— דו ווייסט דאָך שוין, אַז די באַלעבאַטים, כ׳מיין ר׳ מענדל און דער... — ער האָט שיעור נישט אַרויסגעזאָגט „קליינער מענדעלע״. נאָר ער האָט נאָך באַוויזן אַראָפּצושלינגען די צוויי ווערטער. ער האָט געזוכט, זיך צו דערמאָנען מענדעלעס פאַמיליע־נאָמען, און ווי אויף להכעיס נישט געקאָנט. ענדלעך האָט ער מיט אַ שמחה אַרויסגעזאָגט — זיי האָבן ב״ה מספּים געווען.

— כ׳ווייס, זאָל זיין מיט מזל! — האָט רייזעלע שטיל גע־וווּנטשן ר׳ קלמנען און דעם שווער זיינעם, וואָס האָט זי אָנגעקוקט, ווי אַ קו, וואָס דרייט אַמאָל אויס דעם קאָפּ, כּדי צו זען, ווער עס מעלקט זי.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן: אָט זי נעמט ביי אים אַוועק אַזאַ הון מיט געלט — און ווייטער, אפשר פּרווון אָפּדינגען? ער האָט געפּרווווט.

דער מעקלער האָט שוין געהאַט אַזאַ מזל, אַז ווען ס׳האָט שוין געהאַלטן ביי כאַפּש - נעם - און - שטרעק - אויס די האַנט, האָט זיך לסוף תמיד עפּעס אַריינגעמישט און ס׳האָט זיך ביי אים אויס־געלאָזט אַ בוידעם. דערפאַר האָט ער זיך נאָך אַלץ באַצויגן סקעפּ־טיש צום גאַנצן ענין, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט בסדר געהאַלטן אין חשבונען אויף די פּראָצענטער. ער איז געוואָרן אַזוי געררודערט פון דעם יידנס פּרווון, אַז ער האָט נישט געוווסט, אויף וועלכן עולם ער איז. אַ קוק געבנדיק אויף רייזעלען, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אָט - אָט נעמט זי און שעכט אים אָפּ. ער האָט

פאַרגעסן, אַז ס'איז גאָר געווען ר' קלמנס שווער, וואָס האָט זיך גענומען אויפסניי דינגען.

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די ציצית, גענומען פאַכען מיט זיי, ווי מיט אַ שווערד, און אויסגערופן מיט אימפּעט:

— עס איז בפירוש אַן עולה! זאָל דער רבי אַליין זאָגן! די רביצין זאָל מיר מוחל זיין, נאָר ס'איז אַ גרויסע עולה, אַ גרויסע! ס'איז אַ הון רב!

— מיר זענען נישט קיין קרעמער, — האָט רייזעלע שטיל געזאָגט צום „שווער" און געוואָלט אַרויסגיין, איבערלאָזנדיק אים אַ ביטולדיקן בליק.

דערזעענדיק דאָס, האָט זיך דער מעקלער אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט זיך אַ האַסטיקן שטעל - אויף געטאָן, מיט איין שפּאַן גע־ווען ביי דער טיר, די פיס צעשפּרייט, איז ער געשטאַנען ווי אַ סאָרט באַריקאַדע, גרייט קיינעם נישט אַרויסצולאָזן.

— ס'איז בפירוש אַ גרויסע עולה! — האָט ער זיך כמעט געבייזערט אויף רייזעלען. — מיר זענען דאָך יידן, זענען מיר דאָך! דאַרף מען זען היינט פּאַרטיק צו ווערן און מאַכן אַ סוף און פּטור!

רייזעלע האָט געשמייכלט קלוג און האַרציק. זי האָט אים גע־וואָלט צוליב טאָן, דעם קאָמישן, אָרעמען יידן, האָט זי זיך צוריק־געזעצט. דער שווער האָט מער נישט אַרויסגעלאָזט די פּאַרע פון מויל. עפּעס אַ מין מורא, געמישט מיט דרך־ארץ, אַ מין יראת הכבוד האָט אים פאַרשטומט, ווען ער האָט אויף איר אַ קוק גע־טאָן.

— נו, זאָל שוין זיין מיט מזל! — האָט זיך יואל גאָר פּלוצים אַריינגעמישט און געריבן זיך די אויגן.

— זאָל שוין זיין מיט מזל! — האָבן אַלע אַ חוץ רייזעלען אונטערגעהאָלפן, און מען האָט אָפּגערעדט, אַז אַ העלפט זאָל ר' אברהם בער באַקומען אין עטלעכע טעג אַרום און די אַנדערע העלפט, אין טאָג פון ציען זיך. און עס איז, פאַרשטייט זיך, גע־בליבן אַזוי ווי רייזעלע האָט געוואָלט: זעקס הונדערט רובל.

ערשט אויפן וועג צו דער אכסניה האָט זיך דער שווער, וואָס וויים ווי אויסצודינגען אַ שטיקל סחורה און קויפט טאַקע תמיד ביליקער פון זיינע קאָנקורענטן, געחידושט, פאַרוואָס ער האָט זיך

אזוי פארלארן אונטער רייזעלעס אויגן און האט געמוזט געבן, וויפל זי האט באשטימט.

— א מאדנע רביצין! — האט ער געזאגט צום איידעם און געפילט אין הארצן א געוויסע חרטה.

— א קלוגע יידענע און א ליטישע! — האט דער איידעם געענטפערט און שטיל א זאג געטאן:

— וואס דען, א בת - תלמיד - חכם איז גאר עפעס אנדערש...

קאפיטל דריי

# מען ציט זיך קיין ד...

נאכדעם ווי די פרעמדע מענטשן זענען זיך פאנאנדערגעגאנגען, האט מען נאך צווישן זיך ארומגעשמועסט מכוח דעם, וואס עס איז היינט געשען — ווי דער שטייגער איז. ביי רייזעלען איז עס געווען, ווי א פלוצלינגדיק געשעעניש וואלט זיך פון זיך אליין אריינגעריסן אין זייער באשיידן לעבן. זי האט זיך נישט געקאנט צוגעוווינען צום געדאנק, אז זי האט אליין געגעבן איר הסכמה צו דער גאנצער זאך. און פארט, וואלט זי איצט ווייטער מסכים געווען, ווען מען דארף, און ווידער נישט מיטן גאנצן הארצן.

א מין ויחד יתרודיקע שטימונג האט זיך, נאכדעם, ווי די פרעמדע מענטשן זענען אוועק, אריינגעריסן אין שטוב. א מין בענקען נאך דעם „אלטן" און א פארנעפלטע פארשטעלונג פונם נייעם. אפילו די קינדער האבן זיך עפעס נאר געפרייט לפנים. נאר קיינער האט מיט קיין וווּנק נישט פארראטן פארן אנדערן, וואס ער פילט. מען האט נאך לאנג געשמועסט, ארומגערעדט דעטאלן און אויסגעזען גאנץ אויפגעלעבט.

ערשט פיר אזייגער איז מען געגאנגען שלאפן, און להכעיס דער שפעטער שעה, האט מען נישט געקאנט איינשלאפן. ערשט פארטאג האט זיך דערהערט א כראפען פון די בעטן ארויס און א שווייסיקע ווארעמקייט האט זיך דערפילט אין די שלאף-חדרים.

דבורהלע האט אינגאנצן נישט געקאנט אנטשלאפן ווערן. פארטאג אויך נישט. זי האט זיך געדרייט אין איר מיידלשן בעטל.

זי האָט זיך איינגעקאָרטשעט, איבערגעדעקט זיך מיט דער דעק ביז איבער די אויערן — נאָר ס'שלאָפט זיך נישט. הלואי קאָן זי זיך צוזאַמענרעדן מיטן אַלטן טאַני. זי וואָלט אים געקויפט מאַכאָרקע פאַר דער פייקע, ער זאָל זיך אויפהערן דרייען הין און צוריק אויפן צעבערעקלטן טראָטואַר. זיינע טריט אין די שווערע שטיוואַליעס פייניקן ממש — דורך אים קאָן זי נישט שלאָפן... אַ מין שוואַרצקייט פון אַ נאַכט! ווי זי וואָלט גאַנצע פעסער טינט אויסגעגאָסן איבער דער וועלט. ס'ווערט דאַכט זיך נאָך פינסטערער. עפּעס מאָדנע אויסגעצויגן, און מען איז נאָך דערצו געגאַנגען שפּעט שלאָפן אויך. זי האָט זיך איינגענאָרעט אינם דעקל, אַזוי איינגעצויגן דעם צעשויבערטן קאָפּ ברוינע האָר, אַז ער האָט זיך צוזאַמען מיט די אונטערגעהויבענע קניען אַזש אָנגעלענט אינם בויך — נאָר אַ נעכטיקער טאָג, ס'שלאָפט זיך נישט.

נישט אומזיסט זאָגט די מאַמעשי, אַז איך בין אַ צעשויבערטע בריאה, אַ ווילדע חיה. אַלע שלאָפן, קיינער איז נישט צערודערט געוואָרן. — משוגע!

— שלאָף! דו הערסט! — און אַז זי האָט פאָרט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, איז זי אַרויס פון בעטל, אָנגעצונדן דאָס נאַפט־לעמפּל און געפּרוווט לייענען אַ שטיקל צייטונג, וואָס איינער פון די באַלעבאַטים האָט פאַרגעסן אויפן טיש, און זי האָט עס באַהאַלטן ווי אַ יקר המציאות. דאָס לעמפּל האָט גערויכערט, אויף די ווענט האָבן די שאָטנס אויפגעהערט ציטערן, די קנויט האָט גענומען ברענען. אין שטיבל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פּאַסקודנער, שטיקנדער רויך. האָט זי אויסגעלאָשן צוריק דאָס לעמפּל, באַהאַלטן דאָס שטיקל צייטונג אונטערן קישן און ווען ס'האָט שוין געגרויט אויף טאָג, איז זי לסוף איינגעשלאָפן.

אַרום צוועלף אַזייגער ערשט האָט זיך די פאַמיליע אויפגעכאַפּט, איילנדיק אָנגעטאָן זיך.

— אָוואַ! שוין שפּעט! פּשפּש!..

דבורהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ פרייליכע. די עטלעכע שעה שלאָף האָבן זי אויפגעפרישט. זי האָט זיך דערמאָנט אין נעכטיקן אָוונט. דער שפּרונג איז אַלזאָ געשען. איצט איז אַלץ זיכער. חנה איז אָנגעקומען. דבורהלע האָט זי אַרומגעכאַפּט און אָנגעהויבן אַרומטאַנצן מיט איר איבער דער שטוב. חנה איז

שטאַרק אין פּעם געוואָרן, דאָס געדונצלטע פּנים האָט באַקומען אַ בייזערן אויסזען נאָך.

— לאָז מיך אָפּ! מיר טאַנצט זיך נישט. כ׳האָב נישט קיין כּוח צו טאַנצן! אַ שמחה אויף איר קאָפּ! די באָבע איז איר רייך געוואָרן!

דבורהלע האָט זיך דערפילט מטושטש. חנהס ווערטער האָבן איר אַ שטאָך געטאָן. איז זי אַביסל ברוגזדיק, אַביסל מרה־שחורה־דיק אוועק. נאָר אַזוי ווי מיכאל איז נאָך אַלץ געווען גוטע פריינט מיט איר, האָט זי זיך נישט לאַנג געגומען צום האַרץ דאָס, וואָס חנה פרייט זיך נישט מיט איר שמחה, און איז נאָכן אָנבייסן אוועק מיט מיכאלן צום טייך (אַ זאַך, וואָס האָט פריער קיינמאָל נישט געטראָפן) בויען פּלענער פאַר דער צוקונפט... חנה איז איר שוין נישט געלעגן אין דער לינקער פּאה. מיכאל האָט אויסגעדריקט זיין גרויסע שמחה אויפן טייך, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן אַ פאַר־פרוירענער און זיך נישט גערירט, הגם ס׳איז שוין געווען גאָר נאָנט צו פרילינג — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

ס׳איז שוין נאָך פּסח. מ׳פּאַקט זיך. די שטוב גייט אויף רע־דער. מיכאל לאָזט בשום אופן נישט איינפּאַקן דעם אַלטן פּאַלטן. דבורהלע זאָגט, אַז ער קאָן נאָך אפשר אַמאָל צונוץ קומען. נאָר מיכאל הערט זי נישט.

— ווייס איך וואָס! ווער דאַרף אים, דעם אַלטן לאַפּיטוט!

ער גייט שוין אָנגעטאָן אין דער נייער קאַפּאָטע, ס׳אַרט אים נישט אַ האָר, טאָמער וועט ער זי פאַרפלעקן. דבורהלע פּראָטעס־טירט. פאַרוואָס טוט זי נישט אָן ס׳נייע קליידל? — ס׳איז דאָך געמאַכט געוואָרן פאַר דער גרויסער שטאָט!

רייזעלע ליגט נישט אויף דער קושעטקע. ר׳ אברהם בער העלפט יואלן איינפּאַקן די ספרים אין גרויסע, הילצערנע קאַסטנס אַריין. ער שוויצט און ווישט דעם שווייס, וואָס רינט אים אַזש ביז אויף דער באָרד אַרויף. יואל אַרבעט פויל, פון יוצא וועגן. אָט באַלד וועט ער ווערן שמש ביי ר׳ קלמנען און וועט אים דאַרפן העלפן. שפּאַרט ער די בוחות. נאָר ס׳קומען אַריין עטלעכע באַלעבאַטים (נישט קיין חשובע). זיי בייזערן זיך פונדעסטוועגן אויף יואלן, פאַרוואָס ער „קריכט", שטופּן אים לסוף אינגאַנצן

אַז אַן אַ זייט און גיבן זיך אַליין אַ נעם צו דער אַרבעט. ר׳ אברהם בער קוקט זיך צו, ווישט נאָך אַלץ דעם שווייס און חידושט זיך, ווי קונציק זיי מאַכן עס. ער פאַרראַווכערט די לולקע, צעפּיפּקעוועט זי. שמייכלט מיט תענוג. פּששש... ווי בריהשדיק! ער גלעט זיך די באָרד. די באַלעבאַטים שטייען נישט. איינס, צוויי, קליפּ קלאַפּ! און די קאַסטנס שטייען שוין פאַרפּאַקטע, פאַרנעגלטע, אַרומגע־בונדן מיט שטריק. דאָס בעטגעוואַנט, אַנדערע פּעקלעך, ליגן שוין אין ראַנגעשעס, אין שיטערע, זאַקענע לייוונט. ר׳ אברהם בער איז זיי אַזוי דאַנקבאַר:

— וואָסערע טייערע יידן דאָס זענען דאָס!

אַזאַ אמתע צופרידנקייט איז צעגאָסן איבערן איידעלן פּנים. אין די אויגן ליגט אַזויפיל גוטסקייט. אַזאַ מחיהדיקער שמייכל. אפילו די לולקע זעט אויס, ווי זי וואָלט געשמייכלט.

די באַלעבאַטים, אינספּירירט פון ר׳ אברהם בערן, לאָזן זיך אין קיך אַריין העלפן איינפּאַקן קליינינקייטן. לאָזן נישט רייזעלען צורירן זיך צו קיין שום אַרבעט.

— רביצין, זאָל די רביצין נישט פאַרגעסן, אַז זיי זענען אַ שוואַך מענטש! זאָל אונז נאָר דבורהלע אַזוי גוט זיין ווייזן, וואָס און ווען, וועלן מיר שוין מאַכן!

חנה איז נישט געזונט. ליגט זי מיט אַן אַרומגעבונדענעם קאָפּ אויף דער רביצינס קושעטקע און קוקט זיך צו, ווי די באַלע־באַטים פּאַרען זיך.

— זאָלן זיי! זיי זענען נישט קראַנק צו אַרבעטן! מיין קאָפּ־ווייטאָק אויף זיי געזאָגט געוואָרן!

זי איז אַזש פינסטער פון האַרץ־עסעניש. זי ווייסט נישט, צי די נייע רביצין וועט זי וועלן באַשעפטיקן. נאָר זי טרייסט זיך מכלומרשט. — נו, מילא, וועט זיין אַן אַנדערע! איין העמד און איין האָפענונג איז סיי ווי נישט גוט.

מאָטל, דער אָרעם־בחור, וואָס לערנט אין בית־המדרש און „דערעסט" — ווען עס פעלט אים אַמאָל אויס אַ טאָג — ביי ר׳ אברהם בערן, העלפט אויך צו. ער איז גליקלעך. ר׳ אברהם בער האָט נעכטן געזאָגט, אַז ער האָט באַשלאָסן מיטצונעמען אים מיט זיך. ער זאָל לערנען אין ר. אין דער ישיבה. ער אַרבעט מיט אַלע רמ״ח אברים און זוכט בסדר אויס צו טאָן עפּעס דאָרט, ווו

ס'פארעט זיך דבורהלע. טיילמאָל באַגנענענען זיי זיך מיט די בליקן. איינמאָל האָט ער זי אפילו אָנגערירט ביי דער האַנט. א ציטער איז אים אַזש דורך דורכן לייב. וואָס איז דאָס? עפּעס פּילט ער, ווי ס'וואָלט זיך אים געגאָסן עפּעס אין דער חוט־השדרה. ער גייט שוין אויך אָנגעטאָן אין דער „נייער" קאַפּאָטע, וואָס ר' אברהם בער האָט באַקומען פאַר זיינעטוועגן ביים גרויסן מענדלם שריי־בער — דאָס היטל אויך. עס איז אויף אים אביסעלע צו קליין. ער זעט אויס אין דער גרויער, געהאַקטער קאַפּאָטע מיטן שפּאַלט פון הינטן און די צוויי גרויע קנעפּלעך איבערן שפּאַלט, ווי א גאַנ־צער דייטש, און די ברילן האָט ער היינט אַזוי אויסגעפּוצט — אַז עס העלפט נישט דבורהלען נישט קיין אָפּקערן זיך, נישט קיין אויסמיידן — נישט צו שפּיגלען זיך אין זיי.

און אָט פאָרט שוין צו אביש מיט א גרויסער בויד פאַרן גע־פּעק און א וואָגן פאַר די פּאַסאַזשירן.

ס'גאַנצע שטעטל כמעט איז קאָנצענטרירט ארום רבס הויז. די קינדער זענען היינט פריי געוועזן פון חדר, האָט מען געטומלט. געקראָכן אויף די פורן, געקלעטערט אויף די רעדער, געכאַפּט שמיץ פון אבישן, פון איטשעלע שמייסער. נאָר ווער מאַכט זיך פון אַזעלכע זאַכן — זאָל זיך דאַכטן, ס'איז פון רבין.

אביש ציט שוין איין די שטריק איבערן געפּעק, פאַרריכט די בויד, גרייט אָן גומע פאַר דער צווייטער פור, אין פאַל פון רעגן. מען פאָרט שוין. מיכאל איז אין זיבעטן הימל. די קינדער און אפילו די גרויסע יונגען זענען אים נישט ווייניק מקנא. מיכאל פּילט עס און עס טוט אים טאַקע הנאה. חברה העננען זיך נאָך נאָך די פורן. מיכאל ווייזט אָן אבישן אויף דער נבלה. אביש זוכט די בייטש, חברה צעפליט זיך, קערט זיך צוריק אום אַזוי גיך, ווי אביש דרייט זיך צוריק אויס. די פורן שניידן זיך אינם זאַמדיקן שטעטל. רייזעלע איז שוין מיד און מאַט פון דרייען מיטן קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס פון ענטפערן אויף ברכות, פון צו־ריקשמייכלען צו רעדלעך ווייבער פונם פּראָסטן עולם, וואָס האָבן זיך געשעמט צו קומען געזעגענען, נאָר האָבן עס געמאַכט פאַר־ביינייענדיק.

א האַלב שטעטל, אויב נישט מער, יידן און יידענעס, וואָס האָבן זיך נישט געהאַט מיט וואָס צו שעמען, זענען מיטגעגאַנ־

געגן ביז א שטיק אויפן פעלד, טריט ביי טריט מיט די פערד. זענען זיי געגאנגען, געערדט און געלארעמט, געווונטשן און געעצהט. די פערד האבן צוגעקלאפט צום ריטם מיט זייערע נייע־געקאוועטע פאדקאוועס און נישט אויפגעהערט הירזשען. און ביי יעדן נייעם אויסברוך פון ווייבערשע ברכות, ארויסגעלאזט א טררר! ווי זיי וואלטן אויך געוואלט עפעס זאגן, אדער אפשר גאר עצהן די ווייבער, אז עס איז שוין גענוג, אז וויפל איז דער שיעור? לסוף האבן די ווייבער אויך שוין פארשטאנען, אז עס איז שוין גענוג, און האבן נאך א לעצט מאל אנווינטשעוועז גענומען זיך אויף צוריק.

אביש מאכט זיך שוין „באקוועם" אויפן קאזשעליק, טוט א פייף מיט דער בייטש אין דער לופט, א רוף־צו די פערד:

— ריירט אייך, יינגעלעך!

די פערד האבן עס נאר אויסגעקוקט. פרישע, אויסגערוטע פון עטלעכע טעג שוין, האבן זיי זיך א לאז געטאן און היידא! די פור האט זיך אזש געהויבן. ר' אברהם בער האט געציטערט, זי זאל זיך נישט, חלילה, איבערקערן. האט אביש נאכגעלאזט אביסל די לייצעס.

דאס שטעטל איז שוין לאנג פארשווונדן. אפגעפארן אפשר א מייל־אנדערהאלבן, איז מען אריינגעפארן אין א יידיש דערפל — סענצאמען, הייסט עס. דא דארף מען זיך אפשטעלן. ר' אברהם בער מוז זיך געזעגענען מיט זיינע יידן דא. אביש קרימט זיך. נאר, א ברירה האט ער, אז ר' אברהם בער וויל.

די פערד זשליקען דערווייל אריין צו עטלעכע עמערס וואסער, גראבן די קעפ אינם גראז און ווארטן שוין איצט מיט געדולד. וואס קאן מען טאן? אז יידן זענען זיי און בענקען בענקט זיך זיי און בענטשן קענען זיי... דבורהלע זיצט ווי אויף שפילקעס, איר ווילט זיך שוין פארן, קומען נענטער צו ר. אבער די יידן און בעיקר די ווייבער דארפן זיך אויסגיסן. מען האט כסדר צו טאן מיט פויערים, מיט קי און פערד, אחוץ אויף די ימים־נוראים, ווען מען פארט אריין אין שטעטל אלס „לענגאלקעס", זעט מען נישט קיין יידן אויף די אויגן. היינט, אז מען האט אזא געלעגנהייט דעם רב מיט דער רביצין, זאלן לעבן, מכבד זיין ביי זיך אין דארף, זאל מען זיי אזוי פארביילאזן? ווי קיינמאל גארנישט?

און אין דער אמתן? ווען זעט מען דאָ אפילו סתּם אַזוי אַ ליטוויש מענטשן פאַר די אויגן? און אַז עס קומט שוין אַהער איינמאָל אַ וואָך הערשל שטאָק מיטן באַוואוּסטענעם האָריך, ווי ביי אַ פּויער, להבדיל, מיט די ליימיקע שטיוואַלעס איבער די אַקסלען, מיט דער פאַרקאָלטנטער באָרד און דעם גראָבן, סענקעוואַטן שטעקן מיט אַ טשוואָק אין עק, ווי ביי אַ הונט־שלעגער — אויפ־קויפן חזיר־האָר — הייסט עס געזען אַ ייִדן? איז עס טאַקע אַ שטיקל נחת־רוח און מען פרייט זיך מיט דער זכיה און מען האָט הנאה.

נאָך מער פון אַלע פילט זיך מעשׂה בעל־שׂמחה דער פעטער יונה, וואָס האָט אַ מנהג שוין פון כּמה יאָרן יעדן נאָך סוכּות צו ברענגען רייזעלען אַ מתּנה: עטלעכע קערצלעך קאַרטאָפל, אַ זעקל קרויט, אַביסל מייערן, אַביסל בורקעס, און אַנדערע ירקות, וואָס קאָנען ליגן. עפּעס אַ קלייניער כּבוד, מיינט איר, איז עס, אַז דער רב, זאָל לעבן, גיט אייך שלום פריער פון אַלע פּויערים־באַלעבאַטים, וואָס וווינען אין דאָרף — און שמייכלט צו אייך אַזוי האַר־ציק, אַז עס צעגייט זיך אַזש אין די אבֿרים?

יונהס ווייב לאָזט איבער דעם מאַן אירן געניסן פון דעם כּבוד און אַליין כאַפּט זי זיך אַריין אין שטוב, פּאָרקעט זיך אַביסל און קומט צוריק אַרויס מיט אַ גנעלן, אויסגעטריקנטן קעז, גע־מאַכט פון הוילן שמאַנט כּמעט, מיט אַ פונט געלע פּוטער צווישן צוויי יונגע, גרינע בלעטלעך, און סיי פון דער פּוטער, סיי פון די בלעטער טריפן אַזעלכע פרישע, זילבערנע וואַסער־טראָפּן, און דאָס פּוטער ווערט אַזוי געוואַלטיק אַפּעטיטלעך, אַז כאָטש נעם און פאַרשלינג עס אויפן אָרט.

ייִנגלעך און מיידלעך דערזעען פון דערווייטנס, אַז עפּעס גע־שעט אין דאָרף, וואָס האָט אַ שייכות מיט זיי, זאָגן זיי צו די גוי־אישע חבֿרים־פּאַסטוכער אַ שטיקל „קאָלע" (חלה) אין פּריוויטיק, לאָזן איבער קו און פערד, קעלבער און ציגן אויף שקציםס באַ־ראָט און לאָזן זיך אַהיים מקבל־פּנים זיין — וועמען, ווייסן זיי נישט. דערנאָך דערציילן זיי די חבֿרים, אַז זיי האָבן געזען דעם ייִדישן „קשאָנדז", אויף וואָס שקצים און שיקסעס גלאָצן אויס פאַרוואונדערטע אויגן. זיי האָבן גאָר נישט געוווּסט, אַז ייִדן האָבן

אויך אַ ,,קשאַנדז'' — זיי האָבן דאָך גאָרנישט קיין ,,קאָש־טשאָל'' (קירבע)?

אַנדערע באַלעבאָסטעס פּאָלגן נאָך דער יונהכעס ביישפּיל. ווילן נישט בלייבן אונטערשטעליק. ברענגט מען אַרויס, וואָס איי־נער פאַרמאָגט — ווער אַ דזשיסקעלע סמעטענע, ווער אַביסל פּאָראַ־יאָריקע באַרוויקעס, אַ פּלעשל מאַלינע־זאַפט, וואָס מען האָט זיך נישט פאַרגונען צו נוצן, נאָר געהאַלטן עס אויף אַ שמחה, אָדער חלילה — די שעה זאָל נישט בשעהן — אַ קראַנקהייט. רייזעלע פּראָטעסטירט. זי דאַנקט, אָבער זי וויל נישט צונעמען. וואָס וועט זי טאָן מיט אַזויפיל. בעט זי זיך ביי זיי, ווי גזלנים. אָבער מען הערט זי ווי די וואַנט. זיי לייגן אַריין די מתנות אין וואָגן, דעקן זיי איבער מיט שטרוי — און זאָל די רביצין עסן געזונטערהייט!

נאָר גאָט זיי דאַנקען, שוין דאָס אויך איבערגעקומען. די פערד טרינקען אויס דאָס ביסל וואַסער, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אויפן דנאָ. אַביש גייט ווידער נעבן וואָגן. ווידער ריט־ראַט, ריט־ראַט פון פערדישע פּאָדקאָוועס און מען געזעגנט זיך שוין אויף אַן אמת.

אַרויסגעפאָרן פון דאָרף, עצהט ר' אברהם בער רייזעלען, זיי זאָלן זיך איבערזעצן אויפן אַנדערן וואָגן.

— עס וועט זיין ווייכער, — זאָגט ער.

רייזעלע טוט אים צוליב. זי וועט טאַקע דאָרט גיכער קאָנען אַריינקוקן אין אַ ספר'ל.

איטשעלע שמייסער גלעט אויס פּאָר זייערטוועגן די ווייכסטע פּעקלעך.

די ,,קינדער'' האָבן שוין דעם גאַנצן וואָגן פאַר זיך. ס'איז גוט. עס איז אַ דערקוויקעניש. ס'איז שוין איינמאָל גוט! די לופט שמעקט מיטן יונגן גראָז. אויף די בוימער ווייזן זיך שוין אָפענע בלעטלעך — אַזעלכע העלע, אַזעלכע צאַרטע. אויף אַנ־דערע ווייזן זיך איינציקע היפּשע בלעטער שוין — צווישן שוועדע, רויטלעכע קנאָספּן. מען זעט קלאָר, אַז זיי זענען פּעאיק איבער־נאַכט צו באַדעקן די אָנגעטרונקענע צווייגן. דער הימל איז דאָ אַן אַן ערך העכער ווי אין שטעטל און אַפילו ווי אין סענצאָמען. אַ צעשטראַלטער, אַ בלענדנדיקער, אַ בלוי־ווייסער, אַן אויסגעבריי־טערטער, ליגט ער און רירט זיך נישט פון אָרט. די זון גיסט זיך

איבערן פרייען פעלד, בריט די צעוואָרפענע בוימער, פאַרכלאַפּעט די פויערשע כאַטקעס, וואָס ליגן צעזייט איבער שטחים לאַנקעס און וואַקסן, דאַכט זיך, אַפּגעקאַלעכטע שוין פון דער ערד אַרויס און באַהאַלטן די שאָטנס זייערע אין זיך. און באַווייזט זיך אַ פיצינקע וואָלקנדל, ווייל עס זיך אַ ריר טאָן, האָט עס קיין פּוח נישט און אויך קיין שליטה נישט. אַז אַלץ רוט, אַלץ איז צעהעלט, אָנגעוואָרעמט, דורכגעדרונגען מיטן אויסערגעוויינלעכן פרילינג.

— „גיעך פאַן באָג פּאָמאָזשע!" — רופט אַביש צו פויערן און פויערטעס, וואָס גייען טריט ביי טריט נעבן קליינע פערדלעך, איינגעשפּאַנט אין גלאַנציקע אַקער־אייזנס, און וואַרפן־איבער די שוואַרצע ערד מיט חשק, מיט לוסט. זיי שטראַלן פון געזונטקייט.

— „דיי באָזשע זדראָוויע!" — ענטפערט מען אים אָפּ און מ'צלמט זיך איבער.

ר' אברהם בער פאַרשטייט נישט, וואָס זיי זאָגן, נאָר ער שטויסט זיך אָן, אַז מען טוישט זיך דאָ מיט אַ ברכה. ער האָט שטאַרק חשק עפּעס צוריקצוענטפערן. קאָן ער אָבער נישט רעדן קיין פויליש. אויף רוסיש וואָלט ער נאָך אפשר אויסגעקוועטשט אַ וואָרט. ער האָט דאָך זיך פאָרט אַמאָל געלערנט רוסיש אין ניימאַנאָוויטשעס זעלבסטלערער, געפּרוווט אַזוי אַרום באַליגן עקזאַמען. טאַקע באַלד עס אָוועקגעוואָרפן — עס איז אים באַלד נמאס געוואָרן — אָבער עפּעס געדענקט זיך נאָך. ער דערפילט פּלוצלינג אַ ליבשאַפט לגבי די מענטשן דאָרט, אויפן פעלד, וואָס זענען פאַרנומען ביי געזונטער, נוצלעכער אַרבעט. „אדם לעמל יולד", גיט ער זיך אַ טראַכט.

אַלצדינג אַרום איז פול מיט ליבשאַפט, מיט שיינקייט. ער קאָן זיך נישט איינהאַלטן און צעזינגט זיך פאַר פרייד. ער פאַרגעסט, אַז עס איז ספירה, און הייבט פּלוצלינג אָן זאָגן „אדיר ונאה בקודש קדשת מתנאים..."

— וואָס זאָגסטו עפּעס יוצר אינמיטן דערינען? ס'איז דאָך ספירה! — וווּנדערט זיך רייזעלע.

ר' אברהם בער האַקט־אָפּ און ס'איז ממש אַ צער צו זען, וואָס דער איבערברוך האָט גורם געווען. נאָר לאַנג מרה־שחורהדיק קאָן ער היינט נישט בלייבן — ר' אברהם בער. אוודאי נישט.

מען פאָרט אָפּ אַ שטיקל וועג. עס פאַרשווינדן די פויערים,

עס פארשווינדט דער האמאק מיטן קינד און די וועש, וואס ליגט אויסגעשפרייט אויף א שטיק ליידיקער לאנקע. דאס פעלד ליגט דא ברייט און אליין. קיינער איז נישטא. די ערד איז שווארץ, צעשעקעט, אבער ס'שפראצט שוין פון איר מיט חיות. עס זעען זיך שוין גרינע בלעטלעך, שפילקעלעך.

ר' אברהם בער איז אומרואיק. ער ציטערט מיט פריידיקער התפעלות; ער צעברומט זיך ווידער אמאל און הערט־אויף:

— ספירה, ספירה!

ער וואלט ארומגענומען רייזעלען און זי אויסגעקושט, ווי גרוים זי איז. איז ערשטנס שעמט ער זיך. ווייסעך וואס! אחוץ מזה, איז רייזעלע אזוי פארטראכט, אזוי ערנסט, ווי זי וואלט כאטש געדארפט דעמאלט שוין לייזן איינשטיינס רעלאטיווע טעאריע. אפגעפארן שוין א לאנגע שטרעקע. ר' אברהם בער דרימלט. רייזעלען קלעפן זיך די אויגן. זי האט זיי צופיל אנגעשטרענגט מיטן לייענען (אגב האט זי געזען און פארנומען אפשר מער פון אלע די וואונדערלעכע שיינקייטן פונם טאג). זי איז איינגעשלאפן.

מיכאל פייפט. ער זיצט אויף דער קעלנע נעבן אבישן. האלט די לייצעס אין די הענט. און פרוווט מעשה בעל־עגלה אונטערטרייבן די פערד, וואס גייען נאך אלץ מיטן אייגענעם גוטן ווילן און נויטיקן זיך נישט אין קיין ,,וויאס'' און אין קיין ,,היידאס''. נאר מיכאל האט דערפון הנאה — לאזט אים אביש צו דאס פארגעניגן.

מאטל דרייט זיך ווי א ווארעם. עס איז אים צו ענג אינם לידיקן וואגן. ער רוקט זיך אלץ איינאיינעם. ער זיצט שוין אזוי נאנט נעבן דבורהלען, אז זי פילט שוין די ווארעמקייט פונם יונג־בחורישן, תאוהדיקן גוף. א מאדנער ציטער גייט איר דורך דורכן קינדישן לייב און א געפיל, וואס זאגט איר, אז זי דארף זיך מיט אים שעמען, באהאלטן עס. ווערט זי רויט, ווי פייער, און ווייזט עס ערשט רעכט ארוים. זי רוקט זיך אפ, נאר מאטל רוט נישט. ער דרייט זיך און רוקט זיך, ווי ער וואלט געהאט די נכפה. ער זעט כמעט גארנישט פונם הערלעכן בילד. עס פארשלינגט אים כמעט איינגאנצן דבורהלע.

זי רוקט זיך אפ ווייטער אויפן וואגן.

מאטל טוליעט זיך. פלוצלינג דערפילט זי, אז ער האלט איר

האַנט אין זיינער און די האַנט זיינע בריט איר אַזוי מאָדנע היים. זי רייסט זי אַרוים. זי צינדט זיך אָן ווי גרוים זי איז, די אויגן ווערן איר פּייערדיק.

אָפּגעפאָרן נאָך אַ דריי שעה. די זון לאָזט זיך שוין אַראָפּ ני־דעריקער. וווייטע האָריזאָנטן ווערן ברייטער נאָך. שטיקער בערג און פּאַסן רויטער קופּער רוקן זיך אויפן לויטערן הימל, ווערן גרעסער און גלאַנציקער פון רגע צו רגע. פּויערים גייען אַהיים איבער גראָז און שטעזקעם מיט האַק און זעג אין האַנט, איבער אַקסל. טייל רופן־צו אַ פריינטלעך וואָרט. אַנדערע קוקן סתם נאָך. זעגן בוימער אין אַזאַ טאָג איז נישט קיין גרינגע אַרבעט. קלעפּן טאַקע די גראָבע לייוונטענע העמדער צו די פּלייצעס. אויף די שטערן־ווינקלען שטייען גראָבע שווייס־טראָפּנס. שקצים צעפּייפן זיך פאַר שמחה, וואָס מען גייט אַהיים. מען איז כּסדר גרייט צו קייען, רק מען איז הונגעריק. די בהמות זעטיקן זיך נישט מיטן גראָז. גייט מען אַהיים מיט געזונטן אַפּעטיט.

שיקסלעך זענען שוין פריער אַהיימגעלאָפן. פון כאַטישע קוי־מענס ציען זיך שוין ווייסע רויכלעך, וואָס זאָגן־אָן געקאָכטע וויעטשערעס.

אָפּגעפאָרן נאָך אַ שטיקל.

אַביש שטעלט־אָפּ די פערד. איטשעלע שמייסער טוט זיי אָן די זעקלעך אויף די מאָרדעס. זיי קייען דעם האָבער נישט מיט גרוים חשק, שטעקן אַלע ווײַלע אַרוים די פערדישע קעפּ פון די זעקלעך אַרוים, דרייען מיט די העלזער, ווי אומצופרידענע, שטעקן אַרוים ברייטע צונגען, באַלעקן זיך און פרווון ווידער קייען. די פאַרקלעפּטע נאָזלעכער באַוועגן זיך, ווי זיי וואָלטן געוואָלט עפּעס דערשמעקן. איטשעלע ברענגט צו טראָגן צוויי עמערס וואַסער פון אַ נאָענטער אָזערע. די פערד גיבן אַ הירזשע, אַ שפּרונג אונטער, קערן שיעור נישט אום דאָס וואַסער, שטעקן האַסטיק אַריין די קעפּ. אין אַ רגע זענען זיי עמערס ליידיק. עס רינט זיי נאָך פון די „מאָרדעס", האָט שוין איטשעלע נאָך צוויי עמערס פאַר די פערד פונם אַנדערן וואָגן און אַביש טראָגט אַליין אונטער פרישע עמערס וואַסער פאַר זיינע פערד. דאָס מאָל זענען זיי ווייניקער־נתפּעל געוואָרן פונם וואַסער, אָבער אײַנגאַנצן אָפּזאָגן האָבן זיי זיך נישט אָפּגעזאָגט. אַביש האָט זיי צוריק אָנגעטאָן די זעקלעך,

איטשעלע — זיינע פערדלעך, און זעענדיק מיט וואָס פאַר אַן אַפּעטיט די פערד קייען איצט דעם האָבער, איז ער אַליין נאָך הונ־געריקער געוואָרן. אַביש האָט אים אַריבערגעוואָרפן אַ נישקשה־דיקע מוציא ראַזעווע ברויט מיט אַ שטיק געטריקנטן וווּרשט און זיך אַליין אויך גענומען אונטערלעבן ס׳האַרץ.

רייזעלע האָט צוגערופן מיכאלן. זי האָט אים דערלאַנגט אַ פּעקל. די „קינדער" האָבן געגעסן, געפּראַוועט אַ סעודה שבסעו־דות. וואָס איז דאָרטן נישט געווען? אייער־קיכלעך מיט פּוטער און קעז צו פאַרביסן, האָניק־לעקעך, גוטע, זאַפּטיקע באַרנעס, אַביסעלע ווישניק, אַביסעלע מאַלינע־זאַפּט, און, ווי געזאָגט, וואָס נישט?

ר׳ אַברהם בער האָט געמאַכט איין ברכה נאָך דער אַנדערער. רייזעלע האָט שטילערהייט נאָכגעזאָגט אמן. זי אַליין האָט געגעסן זייער ווייניק, געמאַכט מער ברכות ווי עפּעס.

אַביש האָט זיך אָפּגעווישט די וואָנסעס, געדאַנקט פאַר די גוטע זאַכן, מיט וואָס חברה האָט אים מכבד געווען. אַריבערגע־לאַנגט איטשעלען אַ פלאַש וואַסער און אַ פרייַלעכער אַ רוף געטאָן צו די פערדלעך:

— איצט פאָרטס, קינדער!

נאָר אַביש איז נאָך אַ פּנים קיינמאָל נישט געפאָרן אויף דעם וועג פון זשעלעכיץ קיין ר. און נישט געוווּסט, אַז די פערד וועלן איצט ביי זייער בעסטן ווילן נישט קאָנען אויספירן זיין באַפעל.

דער וועג איז געוואָרן שווער. די רעדער האָבן זיך טיף אַריינ־געשניטן אינם ליים, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן. אפשר אַ שעה צייט האָבן זיי זיך געשניטן, אַפּערגעגלאַנצט און ווידער איינגע־גראָבן זיך, קאַפּויער געקומען און צוריק אַריין. און צום וואַלד איז, דאַכט זיך, אַזוי נאָענט שוין, אַז מען קאָן אים מיט די הענט דערגרייכן. נאָר דער וועג ווערט אַלץ שווערער און שווערער — אַ שטיקל מדבר צווישן פעלד און וואַלד.

— העי, ריר דיך, שלים־מזל! — שרייט אַ יונגער שגץ מיט אַ געזונט, קיילעכיק פּנים און נאָך געזינטערע, פאַרהאַרטעוועטע הענט, צו אַן אויסגעדאַרט פערדל, וואָס אַרבעט מער מיט די ריפּנ־ביינער ווי מיט די פיס. ס׳וויל, נעבעך, צוליב טאָן דעם באַלעבאָס, אַ דאַרער פּויער מיט אַן אויסגעשמירט פּנים און ליימיקע שוויס־

טראָפּן, ווי אַרבעס, אַרום דער נאָז. ער צעהרגעט שיעור דאָס אַרע־מע פערדל. אַליין פול מיט ענערגיע, נישט אַ האָר מיד פונם טאָג אַרבעט, ניט דער שנײַ אַ לייג־אַרויף אויפן פּורל ליים האַק און זענ און נעמט זיך אונטערשטופּן ס'וועגעלע. ס'האָט קיין סך נישט גענומען און דאָס וועגעלע האָט זיך אַ הויב געטאָן פון די ליימיקע קאַרבן און עס שטייט שוין בשלום אויף דער זייט.

אַביש שמייסט די פערד. דער שנײַ טוט אויף אים אַ קוק און גייט זיך זײַן וועג — יידישע פערד! אַביש איז אין כעס. ער בייזערט זיך אויף איטשעלען, פאַרוואָס יענער שמייסט זײַנע פערד.

— ס'קאָסט נישט דײַן געלט, האַ? דו פּאַדלעץ איינער! ווען דו וואָלסט געווען אַ שמייסער, נישט קיין שטינקער, וואָלט מען שוין לאַנג געהאַט איבערגעקומען דאָס שטיקל וועג! — שרייט אַביש און פאַרגעסט, אַז ער פאָרט גאָר פאַרויס.

דאָס אויך איבערגעקומען. מען איז שוין מיט מזל אין וואַלד. אַלע האָבן צוריק פאַרנומען די ערטער אויף די פורן, וואָס זענען נאָך געבליבן שטיין אַביסל, כדי די פערד זאָלן זיך אָפּרוען. אַביש האָט פון זיך און פון די פערד געווישט דעם שווייס מיט אַ ברודי־קער שמאַטע. די פערד האָבן געפינטלט מיט די געלע אויגן און אָנגעקוקט אַבישן מיט פערדישער דאַנקבאַרקייט.

דער וואַלד האָט אינגאַנצן געברענט. די הויכע טאָפּאָלן האָבן שיעור נישט דערגרייכט מיט זייערע גליענדיקע שפּיצן די שטיק־לעך אַרומגעשניטענעם הימל, וואָס האָט דאָ מיט זײַן גאַנצער לוי־טערקייט געהאַט אַ קליינעם פאַרנעם.

אַביש איז שוין צוריק אויף דער קעלנע. מיכאלן לאָזט ער נישט צו צו זיך.

— זעץ דיך ווו דײַן אָרט איז אויף דער פור און פאַרדריי נישט קיין קאָפּ! — פאַרגעסט זיך אַביש, אַז ער האָט דאָ נישט צו טאָן מיט איטשעלען. און מיכאל פאָלגט אים. ס'איז אים שוין איצט נישט קיין גרויסער חילוק.

דאָס שטיקל וואַלד, וואָס מען האָט ערשט מיט אַ וואָך צוריק גענומען אויסהאַקן — און ס'איז נאָך גענוג געדיכט — רוקט זיך שוין אויף צוריקוועגס. עס רוקן זיך די געדיכטע סאָסנאָווע בוימער, די שלאַנקע טאָפּאָלן, און דער הימל גלאַנצט שוין ווידער איבער אַ יונג, אָפּגעקאַלעכט וועלדל, און ס'פאָרט זיך. ס'באַווייזט

זיך שוין אַ שטיקל לבנה און עס זאַמלען זיך בלישטשענדיקע שטערנדלעך, שפּילעוודיקע, שטיפערישע, יונגענקע, פּונקט ווי דאָס ווײַבל.

נאָר אַט פֿאַרט מען אַרויס פֿונעם וועלדל און ס׳הייבט זיך אָן אַ שטיק וויסטער וואַלד מיט צעוואָרפֿענע, קרומע, אויסגעטריקנטע מתים־בוימער, שיטער באַוואַקסענע, מיט אַזעלכע צעדרייטע, אָראָפּהענגענדיקע צווײַגן, אַז זיי וואַרפֿן אַזש אָן אַ מרה־שחורה. ווי אַלטע כיטראָקעס זעען זיי אויס, די בוימער, און די צווײַגן זייערע, ווי הענט, וואָס טאַפּן אין דער טונקלקייט, סודותדיק און צימעריק.

דבורהלען באַפֿאַלט אַ מורא געמישט מיט עקל און זי איז צופֿרידן, ווען מען פֿאָרט ענדלעך אַרײַן אין אמתן וואַלד אַרײַן.

— אַט דאָס הייסט אַ וואַלד!

אין בײדע זײַטן ציט ער זיך, געדיכט און טונקל. דער וועג, אַן אויסגעשניטענער פֿון פֿריערדיקע פֿורן, ווערט וואָס ווײַטער שמעלער און שוואַרצער. די לופֿט שמעקט, ווי האָניק. אַלע מיני ריחות, וואָס זענען בכלל פֿאַראַן אויף דער וועלט, האָבן זיך דאָ קאָנצענטרירט, אַפּנים. אַן אַ אַ אַה! וואָס זאָגט איר עפּעס צו דעם? — ליגט בײַ יעדן אויף די ליפּן, נאָר ס׳פֿעלט אָטעם צום רעדן, שווײַגט מען און מען ציט אין זיך אַרײַן די שמעקעדיקע מאַי־לופֿט פֿון אַ פּוילישן בײַנאַכט.

— זע נאָר, אַ וועווערקע! — שרײַט דבורהלע אויס צו מיכאַלן. מיכאַל קוקט, נאָר ס׳איז שוין צו־שפּעט. פֿאַרשווונדן.

— אַ שאָד! האָסט געדאַרפֿט זען, ווי גיך. גישט מיט קיין פֿיסלעך, נאָר מיט פֿליגל. ס׳האָט אויסגעזען אַזוי באַחנט.

— האַ, האַ, האַ! אַזוי באַחנט זעט אויס אַ וועווערקע? — לאַכט מיכאַל.

— האָסט עס געדאַרפֿט זען! — עקשנט זיך דבורהלע.

— אַ שמחה אויף דײַן קאָפּ, אַז דו האָסט עס יאָ געזען, — זאָגט מיכאַל און וואַרפֿט פֿונדעסטוועגן די אויגן איבערן וועג...

ר׳ אברהם בער האָט אָפּגעדאַווענט מעריב, איז ער זיך מישב געווען, אַז בײַנאַכט איז גלײַכער מען זאָל זיצן אַלע צוזאַמען, אויף איין וואָגן. טוט ער אַ צי איטשעלען בײַם שפּענצער און גיט אים איבער זײַן מיינונג. איטשעלע פֿרוווט אים איבערצײַגן, אַז

ס׳איז נישטאָ קיין שום סיבה מורא צו האָבן. נאָר, אַז ר׳ אברהם בער האַלט זיך בײַ דאָס זײַניקע, שרײַט ער אַריבער צו אבישן. מען בלײַבט שטיין און רייזעלע קריכט שוין, נעבעך, ווידער פֿון וואָגן אַראָפּ אויף וואָגן אַרויף. זי זעט אויס שטאַרק נישט צופֿרידן. נישט צופֿרידן איז אויך אַביש.

— אַ וואַלד, — זאָגט אַביש, — דאַרף מען זיך אײַלן דורכ־צופֿאָרן. אין די פּוילישע וועלדער איז מען היינטיקע צײַטן נישט אַזוי זיכער. בפֿרט בײַנאַכט.

רייזעלע גיט אים אַ שאַרפֿן קוק אָן, אבישן.

— דערפֿאַר ווײַל איך דאַרף טאַקע מען זאָל זיצן אַלע צוזאַ־מען, און מען דאַרף זען נישט שלאָפֿן! — זאָגט ר׳ אברהם בער.

— טאָמער יאָ, קאָנען באַפֿאַלן באַנדיטן און צונעמען די בעבעכעס — אַרויסלאָזן די גדערעם! — שרײַט צו איטשעלע און רייצט זיך.

— אַז מען איז אויף, — פּרוווט אַביש פֿאַרגלעטן אַביסל איטשעלעס פֿויערס ווערטער, — קאָן מען זיך תּמיד אויסקויפֿן ס׳לעבן!

— נישט קיין שלעכטע טרייסט! — טראַכט רייזעלע. נאָר זאָגן זאָגט זי גאָרנישט.

— אַז נישט, קאָן מען זיך אויפֿכאַפּן מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ און פּאַר אַ צולאָג נישט געפֿינען קיין זכר פֿון די זאַכן, — חכמהט זיך מיכאל און באַהאַלט דאָס פּנים, מ׳זאָל נישט זען, אַז ער האָט אַליין אויך מורא.

— מיכאל, האַלט דאָס מויל! — בייזערט זיך ר׳ אברהם בער.

— אל תּפֿתּח פּה לשטן, — זאָגט ער מיט אַ ווייך, צעשראָקן קול.

— זײַ שטיל, שוטה! — רופֿט אים צו רייזעלע.

דבורהלע טוליעט זיך אינם מענטעלע. מאָטל פֿאַרמאַכט די אויגן. מיכאל האָט שוין חרטה אויף די אַרויסגעזאָגטע עטלעכע ווערטער. עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט פֿאַרגרעסערט די גע־פֿאַר מיט זיי...

איבערגעזעצט זיך. אַביש האָט אַ שמיץ געטאָן די פֿערד. איטשעלע — זײַנע צוויי. און מען האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ גאַלאָפּ לענגאויס דעם וואַלד. די ריחות האָבן ווי טייערער ווײַן געווירקט. דער וואָגן האָט זיך געהוידעט, געוויגט און די פּאַסאַ־

זשירן, נאָכן גאַנצן אָפּמאַך צווישן זיך נישט צו שלאָפן, האָבן ביסלעכווייז פאַרוואָרפן די קעפּ, וואָס האָבן זיך יעדעס מאָל צוריק אויסגעגלייכט, געפּרווט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלאָף, נאָר די מידקייט האָט גובר געווען און מען איז איינגעשלאָפן.

זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט ערשט, ווען די פורן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין ר.

קאַפּיטל פיר

## אין ר...

אַ בלוטיקער איז אויפגעגאַנגען דער באַגינען, אַנזאָגנדיק אַ העלן, זוניקן טאָג.

דבורהלע האָט זיך געחדושט. ווען זענען זיי אַרויס פון וואַלד? זי האָט זיך געריבן די אויגן — זי איז דאָך גאָרנישט געשלאָפן? הייסט עס, אַז זיי זענען שוין אין ר... זי האָט געקוקט פון אַלע זייטן. די איינגעשטאָקיקע הייזער פון מאַרק, ווו אַביש האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַריבערגערעדט צו ר' אברהם בערן, ער זאָל אים אָנווייזן דעם וועג צום רבינס הויף, האָבן אין אירע פאַרשלאָפענע אויגן אויסגעזען ווי וואָלקנקראַצערס. די שטאָט איז געשלאָפן. די פענסטער אַלע פאַרהאַנגען, ווו מיט פיינע, טיולענע פאָרהאַנגען, מיט געהאָפטענע ראָלעטן, ווו מיט סתם קלאָר־געוואַשענע, באַלעבאַטישע פאָרהאַנגען, ווו מיט אָרעמע, האַלבע פאָרהענגלעך, און ווו מיט אַ ליילעך און אפילו אַ פאַרטוך. דאָ און דאָרט האָט זיך געטונקלט אַ גאַסן־לאַמטערן. ערגעץ אויף אַ באַנק איז געלעגן און געשלאָפן אַן אַלטער ייד אָדער גוי — שווער געווען צו דערקענען. אַ צעבראָכענער, מיטן קאָפּ אין ביידע הענט, איז ער געשלאָפן דאָרט.

דבורהלע האָט אַזש אַ ציטער געטאָן פון געריירטקייט. אַזוינס האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען. אַ מענטש זאָל שלאָפן אינדרויסן? אויף הפקר? ס'איז איר געקומען אין זין „פאָלטשע", דער שטאָט־משוגענער פון זשעליכיץ. אפילו ער האָט דאָך אויך געהאַט זיין געלעגער אין בית־המדרש. איי ער האָט נישט געוואָלט אַריינגיין, כסדר געקלאַפּט מיט דער טיר און געשריגן, אַז די מאַמע זיינע

קלעמט אים איין די לונגען, ווען ער פארמאכט זי, די טיר, דעריבער מוז ער זי כסדר צוריק אויפמאכן און קאן זיך נישט לייגן שלאפן. ערשט פארטאג פלעגט ער אן אויסגעמאטערטער אוועקשלאפן ווו ס'איז איינדרווסן און איינשלאפן. — מילא, איז עס דאך א משוגענער! אבער דער דא אויף דער באנק זעט מען אפילו אין שלאף, אז עס איז נישט קיין משוגענער. שוין־זשע האט ער נישט אפילו ווו צו שלאפן און מוז שלאפן אינדרויסן? עס האט איר ארומגענומען אזא רחמנות צו דעם ווייסן קאפ האר, וואס איז געלעגן מיט די הענט אויף די קני, אז זי האט אזש פיינט געקריגן די שטאט, ווו אזא זאך איז מעגלעך.

דער וואגן האט זיך געדרייט אינם שמאלן געסל, מיט צרות אריינגעפארן אינם קליינעם, פירעקיקן הויפל. אביש מיט איטשעלען האבן געשלעפט די שווערע קאסטנס.

— וואס גלאצסטו, דבורהלע? זעסט דאך, אז מען איז שוין ב"ה אויפן ארט, — זאגט ר' אברהם בער.

דבורהלע הערט אים קוים. זי גייט און קוקט־ארויף אויף די פארהאנגענע פענסטער. אזויפיל שטובן פאראן. אין אט דעם הויפל אליין זענען דא גענוג שטובן — מען זעט לויט די פענסטער — און א מענטש שלאפט אינדרויסן. מען רופט זי. זי גייט אריין. נאר דער אלטער דארט אין מארק לאזט זי נישט רוען. נאך א נס, ס'איז דארטן דא א באנק, נעבן דעם אלטן פלומפ. פרווט זי זיך טרייסטן. נאר ס'לאזט זיך נישט. ענדלעך גיט זי זיך אן עצה: ער מוז אויך זיין א משוגענער, נישט אנדערש! דאס בארואיקט זי...

זי איז שוין איצט פארנומען מיט באזען די שטובן. אזוי אנדערש, ווי אין זשעלעכיץ. נאר די סופיטן זענען געקאלעכט. די ווענט זענען פארצירט מיט בלומען — ברוינע בלומען אויף א בלויען גרונט.

— ברוינע בלומען! הא־הא־הא! אז בלומען וואקסן אויף שטיינערנע ווענט, ווערן זיי ברוין און בלוי!

זי שטאט־אפ א וויזיט אין אלע דריי שטובן: פיינע שטובן, גרויסע פענסטער, לוידיק, פריי.

— וואס דרייסטו זיך ארום, דבורהלע? זע, העלף מאכן עפעס א שטיקל געלעגער פאר דער מאמען. זי איז, נעבעך, אזוי

מיד. מעגסטו זיך נאָך אַליין אויך צולייגן. ס'איז ערשט פינף אַזייגער.

דבורהלע בעט־אויס צוויי געלעגערס אויף דער פּאָדלאָגע. די מוטער לייגט זיך צו. דער פאָטער זאָגט קריאת שמע של שחרית און לייגט זיך אויך צוריק שלאָפן.

— אַאַה! אַ מחיה אויסצוגלייכן אַביסל דעם גוף!

אויף מיכאלן האָט מען זיך נישט אומגעקוקט. געמיינט, אַז ער האָט זיך צוגעלייגט מיט מאָטלען אין דער אַנדערער שטוב.

דבורהלע איז געלעגן אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער מו־טערס געלעגער, מאָטל — אין דער אַנדערער שטוב אויף אַ קאַסטן. ר' אבֿרהם בער האָט זיך דער ערשטער אויפגעכאַפּט.

— ווו איז מיכאל? — האָט ער געוועקט דבורהלען.

— איך ווייס?

רייזעלע האָט אין שלאָף דערהערט, אַז מיכאל איז נישטאָ.

— ווי איז מיר נישט! וואָס הייסט, ווו איז מיכאל? — זי האָט געפּלאָכטן די פינגער. — ווו איז מיכאל? אין אַ פרעמדער שטאָט!

און אַז אין הויף איז ער נישט געווען, „ערגעץ אַנדערש" אויך נישט, איז געוואָרן אַ טומל. נאָר איידער מען האָט באַוויזן אַרויסגיין אים זוכן, איז מיכאל דערווייל געקומען צו לויפן אַ שוויי־נענדיקער. ער האָט נישט געזען, אַז אַלע אויגן קוקן אויף אים מיט שמחה און צאָרן — גרייט מיט אַ געבייזער. ער איז אַריינ־געלאָפן צו מאָטלען, אַ שטורקע געטאָן אים אין דער זייט. מאָטל האָט צעעפנט אַ פּאָר פאַרשלאָפענע, בייזע אויגן, אָנגעקוקט אים פאַרוווּנדערט.

— זיי שלאָפן, ווי די פּגרים! — האָט ער אויסגערופן, מיי־נענדיק אייגנטלעך מאָטלען אַליין. דער „זיי" האָט זיך ביי אים סתם אַרויסגעגליטשט. — האָסט שוין געדאַרפט זען אַ שטעטל! שוין אַביסל שענער פון זשעלעכיץ!

— ווו ביזטו געווען, האַ? — האָט ר' אבֿרהם בער געפּרוווט זיין בייז.

— אין ערגעץ נישט!

— ווו איז דאָס אַזוינס אין ערגעץ נישט? — האָט זיך רייזעלע אַריינגעמישט מיט אַ געבייזער.

— כ׳בין געווען אין הויף.
— ביזט דאָך נישט געווען אין הויף!
— כ׳בין יאָ געווען! — האָט זיך מיכאל געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.
— מילא, פאַרפאַלן. אַבי ער איז דאָ, דער תכשיט.
ר׳ אברהם בער פילט זיך דאָ מעשה בעל־הבית. ער פירט ארום רייזעלען איבער די שטובן, ער באַטראַכט זיי נאָכאַמאָל. זאָגט מבינות. רייזעלע ווייזט נישט ארויס קיין ברעקל שמחה, אפילו נישט קיין צופרידנקייט. זי זעט אוים בייזלעך און פאַר־זאָרגט, הגם זי האָט נישט וואָס אויסצוזעצן, אַלץ איז פיין. די ווענט זענען פריש געמאָלן. די סופיטן וויים, ציכטיק. עס זעט דאָ אוים גרויס־שטעטישער, פיינער אַ סך ווי אין זשעלעכיץ. נאָר עס איז איר פאָרט נישט צום הארצן. — אָן אַ פאַרוואָס — אין זשעלעכיץ איז כאָטש געווען וואָס ס׳זאָל נישט געפעלן...
— פיין, וואָס? — האָט ר׳ אברהם בער הנאה...
אַ ייד טוט אַ שטוים די פראָנט־טיר מיט אַן אַלטער קני. ער באַווייזט זיך מיט אַ טאַץ אין די צוויי אַלטע, צעיוירענע הענט, וואָס ציטערן אונטער. די טאַץ איז אָנגעלאָדן מיט גלעזער, לעפע־לעך, אַ קריגל ווארעמע מילך, אַ פושקע מיט צוקער, עטלעכע „קעמים־ברייטלעך" (מאַנדל־ברויט) און אַ זודיקן טשייניק וואַ־סער. דער ייד דערשלעפט זיך קוים. ער שטעלט אַוועק די טאַץ, גלייכט אוים דעם צעיוירענעם גוף אַביסל, פרוווט אָפּדעכען און זוכט עפּעס אין די קעשענעס.
— דער רבי, כ׳מיין די רביצין, האָט דערווייל אַריינגעשיקט טיי, — זאָגט ער און שטופּט טאַבאַק אין די האָריקע נאָזלעכער אריין.
— אַ דאַנק! — זאָגט רייזעלע.
— העה־העה! מיר דאַרפט איר נישט דאַנקען. וואָלט דער רבי, כ׳מיין די רביצין, נישט געשיקט, העה־העה! אסור חזיר, צי כ׳וואָלט געבראַכט!
רייזעלע גיט שוין אַ שמייכל.
ר׳ אברהם בער איז זיך מחיה.
— וועט אונז דאָ, חלילה, עפּעס פעלן? — ווי מיינט איר, ר׳ ברוך?

— אַ שאלה! ס'זאָל מיר אַזוי נישט פעלן. דער רבי אַליין האָט אַריינגעשיקט זאָגן דער רביצין, זי זאָל הייסן דעם... האַפּטשיק!! דעם משמש, ער זאָל זאָגן דער דינסט, זי זאָל מיר געבן טיי אַריינצוטראָגן. האַפּטשש...שיק ! ! !

מיכאלן ווילט זיך, נעבעך, שטאַרק לאַכן, אָדער לכל הפּחות אַרויס מיט עפּעס אַ חכמה: מען זעט בחוש, אַז ער קוועלט זיך. נאָר ער האָט מורא איינצושטעלן. אַ נייע שטאָט, אַ נייער ייד, שווייגט ער.

— זיצט, ר' ברוך! — פאַרגעסט ר' אברהם בער, אַז עס זע־נען נישטאָ קיין שטולן.

דער אַלטער קוקט זיך אַרום.

— איר האָט דאָך אַליין נישט ווו צו זיצן.

— נישקשה, מ'וועט זיך שוין אָן עצה געבן, — זאָגט ר' אברהם בער און רוקט אים אַליין אונטער אַ קאַסטן.

דער עולם צעזעצט זיך אויף קאַסטנס, אויף פּעקלעך בעטגע־וואַנט. דבורהלע גיסט אָן טיי. מאָטל פילט זיך גוט. ר'איז ווי איי־נער פון דער משפּחה היינט.

ר' אברהם בער איז דעם יידן אויך מכבד מיט אַ גלאָז טיי. רייזעלע רוקט זיך אָפּ אויפן ווייטסטן פּעקל בעטגעוואַנט און טרינקט מיט חשק. ס'איז איר טרוקן אין האַלז.

דער אַלטער פילט אויף זיך ר' אברהם בערס פריינטלעכע אויגן. ער צערעדט זיך, דערציילט גליקן פון דער ישיבה. ר' אברהם בער קוועלט. ער קוקט אויף רייזעלען. אָפּגעטרונקען, ווישט ער זיך אָפּ די וואָנסעס מיט דער קעשענע־פּאַטשיילע. דער אַלטער גיט נאָך אַ שמעק טאַבאַק, ווישט זיך אָפּ דאָס מויל מיט דער פלאַך פון דער האַנט און גייט מיט מיט ר' אברהם בערן אין בית־המדרש אַריין.

— אַ־אַ־אַ גוטן! — האַלט ער קוים צוריק אַ ניס.

— עסט באַלד קומען, מאָטל? און דו אויך, הערסט, מיכאל?

— זאָגט זיי ר' אברהם בער אָן און גייט אַרויס מיטן אַלטן.

מאָטל כאַפּט זיך אַריין אין קיך, ווו דבורהלע פּאָרעט זיך אַרום אַ פּעקל, זוכט עפּעס. זי זעט אויס פאַרביטערט. מאָטל ווייס די סיבה. ער האָט געהערט, ווי רייזעלע האָט זיך אומזיסט און אומגישט געבייזערט אויף דבורהלען היינט אינדערפרי... און

אויף מיכאלן, וואָס האָט אָפּגעטאָן אַזאַ שטיקל, אַרומגעקראָכן אין אַ פרעמדער שטאָט, אַלע אין הויז איבערגעשראָקן, האָט זי זיך נישט געבייזערט. זי האָט נישט קיין מזל צו דער מוטער, טראַכט מאָטל — נישט אָן פאַרדרוס.

— ווי געפעלט אייך דאָ? — פרעגט ער, מאָטל, ווייל ער וויל עפּעס זאָגן און טוט באַלד אַ קלער, אַז עס איז געווען אַ נאַרישע קשיא, מחמת ס׳איז נאָך דערווייל נישטאָ וואָס ס׳זאָל געפעלן.

— אַזוי! — ענטפערט דבורהלע אַ פאַרכמורעטע.

— וואָס איז? — פרעגט מאָטל ווייטער און דערפילט זיך נאָך אומגעלומפּערטער ווי פריער: אפשר נישט געדאַרפט פרעגן קיין קשיות?

— איר גלויבט אין מזל? — פרעגט דבורהלע פּלוצלינג.

עפּעס אַזאַ מאָדנע קשיא אינמיטן דערינען? ער ווייס איר נישט וואָס צו ענטפערן.

— אין מזל? פאַרשטייט זיך.

איבעריקנס, ווייס ער נישט מיט וואָס מען עסט עס, ער האָט עס נאָך קיינמאָל נישט פאַרזוכט.

אַרום צוויי בייטאָג איז געקומען צו גיין אַ מיידל מיט אַ פּאָר געזונטע באַקן, קורצע הענט און לעבעדיקע אויגן.

— די דביצין האָט מיך געשיקט, כ׳זאָל העלפן צורוימען און אויספּאַקן, — האָט זי געמאָלדן.

רייזעלע האָט זיך מחיה געווען. זי האָט זי טאַקע נויטיק גע־דאַרפט האָבן.

ר׳ אברהם בער האָט אָפּגעגעסן און איז אַוועק אין דער ישיבה לערנען דעם שיעור.

— ס׳איז אַ שאָד צו באַלעמוטשען, — האָט ער זיך פאַר־ענטפערט פאַר רייזעלען.

דאָס מיידל האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, ווי אַ רוח. עס האָט ממש געברענט אונטער אירע הענט. אָט פּוצט זי די פענ־סטער און שוין וואַשט זי די פּאָדלאָגעס. דבורהלע האָט איר גע־פּרוווט צו העלפן, האָט זי זיך גאָר באַליידיקט. רייזעלע האָט גע־שמייכלט, ווי דאָס מיידל זוכט דאָ אַרויסצוווייזן די בריהשקייט אירע. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז נישט תמיד אַרבעט זי מיט אַזאַ

ברען, מיט אזא חשק. נאָר קיין חנה איז זי קיינמאָל נישט. דאָס זעט מען. אוי ווי גויטיק זי וואָלט געדאַרפט האָבן אָט אַזאַ מיידל!

— איצט וועל איך גיין ברענגען מיטאָג! — זאָגט זי, לאָזט זיך אַראָפּ ס'פאַרהויבענע קליידל, קעמט זיך צו די האָר מיט אַ האַלב קעמל, ווישט ס'פּנים מיט אַן עק פאַרטוך, שפּיגלט זיך אין די אויסגעפּוצטע שויבן און לאָזט זיך אַהיים מיט די כלי מכשירים. צוריקגעקומען איז זי אַן אָנגעלאָדענע מיט אַלעם גוטן.

זי האָט אַרויסגעשטעלט די טעפּלעך אויף דער קאַלטער פּליטע און גענומען זוכן אַ טישטוך. זי האָט אויסגעשפּרייט דאָס טישטוך, וואָס דבורהלע האָט איר צוגעטראָגן, אויף עטלעכע צוזאַמענגע־רוקטע קאַסטנס, אויפגעלייגט שווערע, זילבערנע גאָפּל, לעפל, מע־סער, אויסגעשטעלט פיינע, עכט־פּאָרצעלייענע טעלער, אפילו פּע־פער האָט זי נישט פאַרגעסן מיטצוברענגען.

בשעת זי האָט אָפּגעגאָסן אין אַ קליין טעפּעלע אַריין אַביסל יויך פאַר ר' אברהם בערן, אוועקגעלייגט ס'פלייש אין צוויי טע־לער און צוזאַמען מיטן טעפּעלע יויך באַהאַלטן עס אין אַ פּעקל בעטגעוואַנט אַריין, האָט זי דערציילט רייזעלען, אַז די יונגע רביצין איז אַ בריליאַנטן מענטש, אַז די אַלטע וואָלט זיך געמעגט לער־נען ביי דער יונגער און אַז ווען זי וואָלט געהאַט מזל, נישט געווען קיין יתומה, וואָלט זי געדינט ביי דער יונגער רביצין, נישט ביי דער אַלטער. זי האָט צוזאַמענגענומען דאָס געשיר און איז נאָך אַ העפּטיקער מחלוקה מיט רייזעלען, פאָרט אַהיימגעגאַנגען מיט אַ גילדן אין קעשענע.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז לייזער נתן, דער „עלטסטער", דער חוצפּהדיקסטער און דער גרעסטער פּאַסקודניק פונם רבינס אַלע פינף שמשים, געוואָרן, קעגן ר' אברהם בערס ווילן, זיין „רעכטע האַנט". ער האָט גענומען ביי ר' אברהם בערן געלט אויף איינקויפן מעבל, ער האָט געקויפט אויף אייגענע מבינות, נישט געפרעגט ביי קיינעם קיין דעות, באַצאָלט, וויפיל ער האָט געוואָלט עס זאָל קאָסטן. רייזעלע האָט דעם יידן שטאַרק פיינט געהאַט. נאָר דער ייד האָט זיך פון אַזעלכע קליינקייטן, ווי פיינט און ליב האָבן, קנאַפּ וואָס גענומען צום האַרצן. דערויף איז ער געווען אַ צו־פּראַקטישער ייד און רייזעלע האָט זיך אומ־זיסט געאַמפּערט מיט ר' אברהם בערן, פאַרוואָס ער טרויט אָן

געלט אַזאַ מין פֿאַרשווין. ער האָט אים געמוזט אָנטרויען, מחמת לייזער נתן האָט עס געוואָלט. און אַז לייזער נתן האָט עפּעס געוואָלט, האָט ער עס אויסגעפֿירט ביי גרעסערע בריות פֿון ר' אברהם בערן.

איינשטעלן די זאַכן האָט ער איבערגעלאָזט דעם אַלטן ברוך, אַז ער זאָל העלפֿן זעליקן, דעם רבינס משרת.

נישט געקוקט, וואָס דער אַלטער ברוך האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז באמת איז ער דער עלטסטער משמש, און ווען דער אַלטער זצ"ל וואָלט געלעבט, וואָלט ער געווען דער „גאַנצער מאַכער" אין הויף, נישט לייזער נתן — נאָר דער אַלטער זצ"ל האָט שוין געפֿירט זיין הויף אין גן־עדן און לייזער נתן איז יאָ געווען דער מאַכער — האָט ברוך, נעבעך, געמוזט טאָן אַלץ, וואָס לייזער נתן האָט געוואָלט, און אויסגעלאָזט דעם כעס האָט ער צו אַ שמעק טאַבאַק. אַביסל בראָנפֿן האָט ער אויך נישט פֿיינט געהאַט.

די אַלטע העניע, ברוכס ווייב, זאָגט אפֿילו, אַז זינט לייזער נתן האָט אַוועקגענומען ביי איר מאַן דאָס רעכט פֿון אַן עלטסטן משמש, האָט ער זיך גענומען צום „ביסל", נאָר אַ סך מענטשן, וואָס געדענקען נאָך יענע גוטע צייטן, ווען ברוכס ממשלה איז געווען אין פֿולן גלאַנץ, דערציילן, אַז ברוך האָט קיינמאָל נישט פֿיינט געהאַט קיין גלעזל יי"ש.

פֿונדעסטוועגן איז ער געווען אַ ווויילער ייִד, ברוך. קיינמאָל נישט אָנגעשכורט זיך. און כאָטש ער פֿלעגט זיך צעחלומען מכח „יענע צייטן", אָנהויבן דערציילן זיינע מעשיות פֿון אַמאָל און אַריינהאַקן וואָס נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן, האָט מען אים פֿאָרט געמוזט ליב האָבן און נאָכמער אויף אַן אמת פֿאַר־אינטערעסירן זיך מיט אים. איר האָט געדאַרפֿט זען בלויז ברוכן אַריין אין עקסטאַז, זען, ווי ברוך הויבט אַליין אָן גלויבן אין די אַלע פּאַסירונגען, מופֿתים, געשעענישן, פֿון יענער צייט, ווען דער אַלטער זצ"ל האָט נאָך געלעבט און ער, נישט לייזער נתן, איז געווען דער גאַנצער טוער אין הויף. דבורהלע האָט ליב געהאַט זיינע מעשיות ס'לעבן און איז צוזאַמען מיט ברוכן אַליין ממש געוואָרן אַ שונא לייזער נתנען, פֿאַרוואָס ער האָט אַוועקגערויבט ביי ברוכן די ממשלה. אפֿילו רייזעלע האָט אים ליב געהאַט. זי

פלעגט זיך נאָר וווּנדערן, ווי ס׳קומט צו אַט דעם אַלטן, אָפּגעלאָזע־נעם, שלאַבערדיקן יידן אַזאַ רייכע פאַנטאַזיע.

זעליק האָט אויפגעשטעלט די בעטן — הילצערנע בעטן מיט „קעפּ־שטיק״, אַזעלכע בעטן, וואָס האָבן צוויי מעלות: אי זיי זעען אויס שיין, אי זיי קאָסטן וואָלוול — אַ שבוש כמעט. ס׳הייסט דווקא נישט וואָלוול. מחמת פינף־און־צוואַנציק רובל פאַר אַ פּאָר בעטן הייסט גאַנץ שיין באַצאָלט. אָבער בעטן צו בעטן זענען דאָך נישט גלייך. איר האָט שוין געדאַרפט זען בעטן. מיט אַ פּאָליר און אַ גלאַנץ און אַ שניצעכץ! אוי דאָס האָלץ, וואָס רייזעלע זאָגט?... — ווייסעך וואָס! — ווען מען גייט עס אָן ס׳האָלץ? וואָס איז? מ׳גייט זיך שלאָגן מיט זיי? זאָל מען נאָר אליין זיין געזונט!

— וואָס זאָגט איר? זיי וועלן שפּעטער אָנהויבן קרעכצן, ווען מ׳עט זיך אין זיי אַריינלייגן.

— נאַרישקייטן! וועט איר זיי איינגעבן אַביסל אייל, וועט זיי בעסער ווערן. האָהאָהאָ! זיי זענען דאָך נישט בעסער פון אַ מענטשן, להבדיל! — האָט זיך לייזער נתן געחכמהט, אָנגע־זאָגט נאָכאַמאָל זעליקן, וואָס ער האָט צו טאָן, און איז אַוועק. זעליק אַרבעט, ברוך קרעכצט ־ אונטער, דערלאַנגט אים די פּאַר־קערטע כלים. דאַרף ער אַ האַמער, גיט ער אים אַ שרויפנציער. זעליק איז אפילו בייזלעך, נאָר ער וועט, חלילה, ברוכן קיין שלעכט וואָרט נישט זאָגן. פּאָרט אַ משמש — און אַ זקן דערצו. ער האָט דאָך שוין אַזעלכע אייניקלעך ווי זעליק. אַ חוץ מזה האָט ער אים טאַקע נישט פיינט אויך, ברוכן.

פּאַרטיק געוואָרן מיט די בעטן, אויסגעפּרוווט זיי, צי זיי שטייען געזונט... האָט ער זיך גענומען צו דער שאַנק, זעליק — אויך נישט קיין שלעכט שטיק מעבל.

— זי איז נאָר אַביסל צו שמאָל, — זאָגט זעליק, — און גרינג, עפּעס וועגט זי גאָרנישט. מען וואָלט זי, דאַכט זיך, געקאָנט אַוועקטראָגן אויף די פּלייצעס.

דערפאַר איז דער טיש אַ סאָלידע כלי. אַביסל איבערגעפּאָ־לירט. אַן אַלטער געווען, ווייזט אויס, אָבער ס׳שאַדט נישט. דאָס איז נישט קיין טיש ווי אַלע טישן. אַט ביי אַזאַ טיש, מיט אַזעלכע פיס, וואָס זעען אויס ווי בערישע לאַפּעס, מיט אַזוינע קריינדלעך,

מיט אזא פאליר, מיט אזא וואג, לערנט זיך גאר אנדערש און עס עסט זיך אויך געשמאקער. דער קיך־טיש איז שוין דערפאר שפאגל־ניי. די בענקלעך אויך נייע. די „וויעשאדלע" לייכט אראפ פון דער וואנט. די בענק פארענדיקט מיט קיילעכדיקע שפיצן, אין יעדן שפיץ איז קינסטלעריש אויסגעשניטן א לאך, פון אונטער יעדן לאך גלאנצט אפער א מעשן קנעפל.

— ס'איז א שאד, וואס זיי זענען נישט אפגעפארבט אויף ברוין. איך אויף אייער ארט וואלט זיי אפגעפארבט,—עצהט זעליק, — אז נישט וועט אלץ ברודיק ווערן, איידער אירט זיך ארומ־קוקן.

— זיי נישט קיין פתי! — זאגט ברוך און טוט א שמעק טאבאק, — ברוין שמרוין; אז ס'וועט ברודיק ווערן, וועט מען דאס דעמאלט צייט האבן אפצופארבן!

זעליק זאגט זיך קאטעגאריש אפ פון ביר־געלט.

— זאלט עץ נאר אלץ פאזשיען געזונטערהייט, — זאגט ער, קלויבט צוזאמען די כלי מכשירים און גייט אהיים. ברוך גייט אויך אהיים און מען איז שוין, גאט זיי דאנקען, פארזארגט מיט א היים.

ביי רייזעלען איז אלץ ניי — נייע מעבל, נייע שטובן, א נייע שטאט, א ניי לעבן. נאר עפעס האט זיך צוזאמען מיט אט דער נייקייט אריינגעכאפט נאך א נייע זאך. א ניי געפיל, וואס האט אן שום סיבה געפרעסט דאס געמיט מיט א נייער מרה־שחורה — א מרה־שחורה, וואס איז פון טאג־צו־טאג שווערער געווארן און ביי רייזעלען אין קעשענע איז פון טאג־צו־טאג גרינגער געווארן. נאר נישט דאס איז געוועזן די סיבה פון דעם מאדנעם אומעט, וואס האט זיך געפילט אין די פיין־צוגערוימטע שטובן, וואס דבורהלע האט זיך באמיט צו האלטן אין ארדענונג דערוויל.

ר' אברהם בער ברענגט יעדן טאג נייע גליקן פון דער ישיבה: עס קומען זיך אן בחורים פון אלע זייטן, ממש פון ארבע פנות העולם. עס וועט זיין די גרעסטע ישיבה אין פוילן. מ'וועט שוין באלד נישט האבן ווו אריינצונעמען — סיידן מ'זאל צובויען נאך א פליגל.

שבת האט דער רבי ביים טיש, בעתן זאגן תורה, אריינגע־ווארפן פסוקים און רמזים, וואס האבן „באוויזן", ווי גרויס עס

איז דער שכר פאַר העלפן יידן זיצן און לערנען. ער האָט גע־בעטן, כמעט גוזר געווען, אַז יעדער ייד, וואָס איז אַ תושב אין ר., זאָל אויף זיך נעמען די מצוה צו געבן אַ בחור אַ טאָג — דעם מינימום, פאַרשטייט זיך. בעלי פּרנסות דאַרפן געבן צוויי און אפילו דריי. ער האָט דערציילט, אַז אין הויף גיט מען זיי דערוויילּ עסן פון דער קיך, אַז מען וועט ווייטער אויך אָנהאַלטן די קיך און זי פאַרגרעסערן. ס'איז, כדי די ישיבה זאָל האָבן אַ קיום, אַ חוב פון די שטאָטישע בעלי בתים, זיי זאָלן אויף זיך נעמען אַרויסצוהעלפן אים אין דער הייליקער אַרבעט. דערנאָך איז ער צוריק אַריבער צו זיין געוויינלעכער תורה, פאַרגאַנגען זיך אין מתיקות... געטיילט שיריים א. א. וו. דעם רבינס אַפּעלאַציע האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט און יידן האָבן געהאָלפן. פאַרשטייט זיך, אַז נישט קיין דריי טעג, נאָר אַ טאָג אין וואָך האָבן גאָר אַ סך בעלי בתים צוגעזאָגט צו געבן.

ר' אברהם בער האָט געלערנט יעדן טאָג זיין שיעור מיט די בחורים. מיכאל האָט געלערנט צוזאַמען מיט די גרויסע בחורים און יונגעלייט און איז מיט גאָרנישט נישט אָפּגעשטאַנען. דבורהלע האָט געהאַט געגנוג אַרבעט אין הויז. נאָר רייזעלע האָט זיך געגנו־דעט. עפּעס האָט זי דאָ נישט געפילט קיין טעם אין די ספּרימלעך. געפילט זיך פרעמד, נאָך נישט איינגעלעבט זיך מיט דער נייער קושעטקע, וואָס איז אגב אויך געווען אַ שוואַכע, געבעך.

— ווען דו גייסט אַמאָל אַהין צו דער יונגער רביצין, וואָלסטו זיך מחיה געווען. זי איז אַ זעלטן מענטש — אַ ליטיש מענטש, אַ גרויסע יחסנטע, דעם באַלזאַקער רבינס אַ טאָכטער, און זייער אַ קלוגע. אַ חוץ מזה איז זי דאָך אַן אשה מלומדת, — האָט ר' אברהם בער געזאָגט און אָנגעקוקט רייזעלען, כדי צו זען דעם איינדרוק פון זיינע לעצטע ווערטער.

רייזעלע האָט געשמייכלט. זי האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז מ'דאַרף טאַקע ביי אַ געלעגנהייט אַהינגיין, באַקענען זיך.

די געלעגנהייט איז געקומען. אין אַ זוניקן פרימאָרגן איז גע־קומען צו גיין דער יונגער רביצינס אַ דינסט־מיידל, אָנגעטאָן שוין גאָרנישט ווי קיין דינסט, אין אַ ווייס קליידל, מיט אַ ווייס געפּרעסט פאַרטוכל, אין אַ פּאָר שוואַרצע, גלאַנצנדיקע שיך. אַליין אַ שיינע

בלאָנדינקע, מיט אַ חנעוודיקן שמייכל, האָט זי מיט זיך מיטגע־ברענגט לעבן אין שטוב אַריין.

— די רביצין, זאָל לעבן, האָט געבעטן, אַז די רביצין זאָל אַביסל אַריינקומען היינט נאָכמיטאָג, — האָט זי איבער־געגעבן די עטלעכע ווערטער און אַזוי זיך צעשמייכלט, אַז רייזעלע האָט אַזש אויך אָנגעהויבן שמייכלען.

די יונגע רביצין, אין אַ שוואַרץ זיידן קלייד, מיט אַ לאַנגע שנור פּערל אַרום דעם ווייסן, דיקלעכן האַלז, מיט אַ פיין־פּאַרקעמט פעלן שייטל אויפן קאָפּ, איז אויפגעשטאַנען, ווען רייזעלע, אויך אין אַ שוואַרץ קלייד, אין אַ פעלן שייטל אויפן קאָפּ, נאָר אָן אַ שנור פּערל אויפן דאַרן האַלז, איז אַריינגעקומען. זי איז איר אַקעגנגעגאַנגען, דערלאַנגט איר די האַנט, געבעטן זי זיצן, און אויפן אָרט איינגענומען רייזעלען. זי האָט איר אויפן אָרט ליב באַקומען.

מיט אירע אָפנהאַרציקע, קלוגע אויגן, האָט זי געמוזט געפעלן יעדן איינעם. און רייזעלע איז זיכער געווען אַ מבין אויף אַ מענטש.

אַ חוץ מזה איז עפּעס אַלץ דאָרטן געווען אַזוי אייגנאַרטיק און פיין קאָנסטרואירט, אַז ס׳האָט זיך ווי צוזאַמענגעלעבט מיט דער אייגנטימערין און ס׳האָט געמוזט געפעלן. די טאַפּעטן ביי דער טיר און ביי די פענסטער, טונקל־בלוי און שטיל. דאָס מעבל איינפאַך און פאָרט קינסטלעריש־פיין. אַלץ האָט האַרמאָנירט און געטראָגן אויף זיך דעם הויך פון דער באַוווינערין. אַ צאַרטע אַטמאָספער איז דאָרטן געווען אינם חדר אירן — אַן אַטמאָ־ספער, וואָס האָט גוט געטאָן, באַרואיקט דאָס געמיט, געצערטלט דאָס אויג און כאַראַקטעריזירט דעם אינדיווידואַליזם פון דער, וואָס האָט עס פאַרשטאַנען אַזוי איינצואָרדענען.

רייזעלע האָט זיך דאָ געפילט אויסגעצייכנט. ווי אַ פיש אין וואַסער האָט זי זיך געפילט. אָט אַזאַ אַטמאָספער האָט איר דאָך מזאַקע געפעלט.

די רביצין האָט איר געוויזן אַ ניי ספרל, וואָס זי האָט ערשט היינט באַקומען צוגעשיקט פון אַ פלימעניק אירן (טאַקע דער מחבר פונם ספרל). דערנאָך האָט זי צוגעפירט רייזעלען צו דער ספרים־שאַנק, אָוועקגערוקט די גלעזערנע טיר און איר געפּרוווט באַקענען אַביסל מיט די חברים אירע (אַלערליי ספרים און בי־

כער, אַלץ העברעאישע), מיט וואָס זי האָט שטאַרק שטאָל־צירט. זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מבין אויף ליטעראַטור און אומדירעקט באַוויזן רייזעלען, אַז זי ווייס, וואָס צו לייענען... רייזעלע האָט זיך דערפילט דאָ, ביי דער אָפענער ספרים־שאַנק, ווי איינער, וואָס שטייט פאַר אַ גרויסן גאָרטן מיט אַלערליי בלומען, וואָס רייצן דאָס אויג, נאָר רייסן טאָר מען נישט.

די רביצין האָט צוריק פאַרמאַכט די שאַנק. זיי האָבן זיך צוריקגעזעצט. דאָס מיידל מיטן הארציקן, צופרידענעם פנים האָט אַריינגעבראַכט טיי און פאַרבייסן אויף אַ גראַווירטער, זילבערנער טאַץ, וואָס איז שוין געווען צעקנייטשט פון עלטער. די לעפעלעך, די צוקער־פושקע, דאָס צוקער־צווענגל, זענען געווען גראַווירט אַזוי ווי די טאַץ און אויך ערטערווייז געווען געקנייטשט שוין. מ׳האָט געזען, אַז זיי שטאַמען פון איין יחוס.

— טרינקט, רביצין, פאַרוואָס לאָזט איר קאַלט ווערן? אפשר נאָך אַביסעלע זאַפט?

— חס ושלום; זאָל זיך די רביצין נישט מטריח זיין. אָט טרינק איך.

—איר האָט דאָ כאָטש וואָס צו לייענען? כ׳מיין עפּעס גוטס, אַזוי ווי מיר האָבן ליב? — האָט די יונגע רביצין גערעדט בלשון רבים און אינאיינוועגס מרמז געווען רייזעלען, אַז אויב זי וויל, קאָן זי איר אויסלייהען ביכער.

— דער רב האָט שוין אויסגערעדט אויף אייך אסור לדבר און איך ווייס שוין, אַז איר האָט מיין חסרון.

רייזעלע האָט געשמייכלט מיט אמתן תענוג.

ר׳ אברהם בער האָט זיך געגלעט ביי דער באָרד און אויסגעזען אַזוי גליקלעך, ווי ער וואָלט אַמווייניקסטן געהערט, אַז עס איז אים היינט אַריינגעפאַלן דאָס גרויסע געווינס, בשעת רייזעלע האָט אים דערציילט, אַז זי האָט פאַרברענגט היינט עטלעכע שעה מיט דער יונגער רביצין און זי געפעלט איר.

— זי האָט דאָס אַ שאַנק מיט ספרים אַביסל!

— זעסט שוין? איך האָב דיר געזאָגט, אַז עס וועט דיר דאָ ב״ה גאָרנישט פעלן. אין זשעלעכיץ האָסטו קיינעם נישט געהאַט און דאָ האָסטו שוין ב״ה אַזאַ גוטן פריינט. דו ווייסט דען, וואָס פאַר אַ מזג טוב זי איז? אַ זייד! אַן איידעלע נשמה!

— ס'איז אמת, — האָט רייזעלע מסכים געווען.

— וואָס ווייסטו, וואָס? וועסט זי ערשט דערקענען! — דו ווייסט? זי האָט דאָך אַן עולם, — האָט ר' אברהם בער געשמייכלט און דערציילט רייזעלען, אַז זי האָט אַ סך חסידים, אַז אַ סך פונם רבינס חסידים וואָלטן נישט אהיימגעפאָרן, זיי זאָלן זיך נישט פריער האָבן געזען מיט דער רביצין, ווען מען זאָל זיי אָפּגילטן — זיי האַלטן פון איר גאָר שטאַרק. און איך זאָג דיר דעם אמת, — האָט ר' אברהם בער צוגעגעבן שטילערהייט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, די ווענט זאָלן נישט דערהערן, — אַז איך אַליין האַלט פון איר אויך מער, ווי פון... — ער האָט נישט געזאָגט פון וועמען.

נאָר רייזעלע האָט שוין פאַרשטאַנען. זי האָט געשוויגן. — —

— — — — — — — — — — — — — — —

אין דער ישיבה איז אַלץ געגאַנגען כשורה. זי איז זיך געשטאַנען אַ גדולדיקע אינם ברייטן, פירעקיקן הויף. די נייע ציגל, רויט, פייערדיק, דער בלעכענער דאַך האָט געגלאַנצט אונטער דער זון, וואָס האָט אים געבריט מיט איר הייסן אָטעם. די גרויסע פענסטער זענען אַלע געשטאַנען אָפן, אַ טרויעריק־זיסער ניגון האָט זיך געטראָגן איבערן הויף, געדרייט זיך, געשלענגלט זיך, אויסגעצויגן זיך, אַזש דערגרייכט די גאַס, צוריק איינגעטוליעט זיך אין זיך, ווי אַ האַרציקער סוד, און באַלד ווידער צעטראָגן זיך איבערן הויף. און פון אַלע ניגונים צוזאַמען האָט זיך אַרויסגעהערט ר' אברהם בערס האַרציקער ניגון, מיט זיין ווייכן קלאַנג און פּאַטערלעכן „יש אומרים".

מאָטל האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דער געלעגנהייט, ווען ר' אברהם בער האָט איינמאָל אין אַ פרימאָרגן גראָד אים אויסגעקליבן צו שיקן נאָך דער לולקע, וואָס ער האָט פאַרגעסן אינדערהיים. עסנדיק פון דער קיך, איז אים איצט נישט אַזוי אויסגעקומען אַריינצוקומען צו ר' אברהם בערן אין הויז. ער האָט געהאָפט, אַז ר' אברהם בער וועט אים אַמאָל איינלאַדן, נאָר ר' אברהם בערן איז עס אפילו נישט איינגעפאַלן. צוליב וואָס, אַז ער זעט אים יעדן טאָג? ער איז דאָך נישט געווען קיין נביא, ער זאָל וויסן, אַז מאָטל ברענט מיט חשק צו זען דבורהלען.

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דער לולקע, ווי נאָך אַן אוצר, נאָר ס'איז אים וויטער נישט באַשערט געווען.

גיי, מאך! „אז עס איז נישט באַשערט, איז פאַרקערט", זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל. האָט דבורהלע גראָד דעמאָלט געדאַרפט שטיין אין אַ ווינקל פון הויף און אָפּוואַרטן צו זען דעם רבין, מחמת זי האָט אים נאָך נישט געהאַט געזען, און זי האָט זיך דערוווּסט פון מיכאלן, אַז היינט הויבט ער אָן געבן אַ שיעור אין דער ישיבה און האָט באַשלאָסן אים צו זען. זי האָט זיך דערוואַרט.

אַרום עלף אַזייגער אינדערפרי איז ער פאַרביי־געגאַנגען דעם הויף. ער איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען אויף די שטיינער, ווי פערדישע פאָדקאָוועס, להבדיל. אין דער באַגלייטונג פון אַ משמש איז ער געגאַנגען. אויפן הויף האָט זיך געשאַפן עפּעס אַ מין ספּעציפיש־אָפיציעלע אַטמאָספער. דבורהלע האָט זיך צוריקגעצויגן, ווי זי וואָלט מורא געהאַט מיט איר אָנוועזנהייט נישט צו פאַרשוועכן די הייליקייט, נאָר כאַפּנדיק אַ בליק אויף אים, האָט זי זיך גאָר דערשראָקן פאַר דער גרויס זיינער. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ מין קאָלאָס, אַ מין הויך! אַ ברייט! און אַ בויך! ווײ, ווײ, אַזעלכעס האָט זי נאָך נישט געזען! אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער, אַטלעסענער קאַפּאָטע, וואָס איז געווען אַביסל אָפן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דער ווייסער, וואָלענער טלית־קטן, מיט ברייטע, שוואַרצע פּאַסן, און די באָרד איז לאַנג און ברייט, זי דערגרייכט שיעור נישט דעם גאַרטל, און דאָס פּנים רויט, פליישיק, און גלאַנציק און אַזוי פראָסט! נישט קיין פּיצל איידלקייט. די אויגן שמייכלען קלוג און זאַט. דבורהלע גלאָצט:— סאַראַ רבי איז דאָס עפּעס? זי פּרוּווט אים פאַרגלייכן מיט איר זיידן, מיטן פאָטער, — ווי קומט עס? קיין פאַרגלייך נישט. עפּעס אַ משונהדיקער רבי.

פלוצלינג, ווי זי שטייט און טראַכט אַזוי מכח דעם רבין, חדושט זיך, דערפילט זי אַ בליץ פון אַ פּאָר קאָכעדיקע, שוואַרצע אויגן, וואָס גיבן איר עפּעס אַ מאָדנעם ריר און עס טראָגט זיך כמעט פאַרביי איר אַ הויכער, דאַרער בחור, איינגעהילט גיכער, ווי אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער אָפּגעחומלטער קאַפּאָטע, מיט אַ צעדריוולטן גאַרטל. די אויגן זענען גרויס און זיצן טיף. זיי בליצן נאָכאַמאָל אויף און בריען איר דורך ס'קינדערישע לייב. פאַרביילויפנדיק געבן זיי נאָך אַ קוק פון דער טיפעניש פונם בלאַסן פּנים, וואָס איז בלויז אויגן און קנאָכן.

דער בחור איז פארשוואונדן אין דער טיר פון דער ישיבה.

— אזוי זעט אוים א רבי? — פרווט דבורהלע נישט טראַכטן מכוח דעם בחור. — אפשר האָט זי זיך טועה געווען? אפשר איז דאָס גאָר געווען איינער פון די משמשים? נאָר א משמש טראָגט דאָך נישט קיין אַטלעסענע קאַפּאָטע אינדערוואָכן, מיט עפּעס אזא משונהדיק־גרויסער יארמולקע; אפשר דריי מאָל אזוי גרוים, ווי דעם פאָטערס איז זי, די יארמולקע זיינע, און זי זיצט ביי אים אויפן קאָפּ, ווי א פארטרוויטער חבר. באמת, זי זעט אוים, ווי זי וואָלט מיט אים געוועזן קנעפּל־שבקנעפּל — די יארמולקע מיטן רבין. זי צעלאַכט זיך. ס'וואָלט גיכער געפּאַסט, אז יענער בחור, וואָס איז אזוי געלאָפן מיט די אויגן, זאָל זיין דער רבי, — האָט זי א טראַכט געטאָן און איז רויט געוואָרן, ווי פייער. ער האָט אַן איידל אויסזען, — האָט זי נאָכאַמאָל א טראַכט געטאָן וועגן דעם בחור, בשעת זי האָט אויפן וועג אַהיים אָפּגעטרעטן אין געוועלבל עפּעס צו קויפן פאר דער מוטער.

שפּעטער, ווען זי האָט דערציילט דער מוטער, געפּרווט אים מאָלן פאר איר, דעם רבין, האָט זי זיך נאָכמער געחידושט, פאר־וואָס די מוטער וואונדערט זיך גאָרנישט, נאָר הערט זי אוים און שמייכלט.

— הייסט עס, אז ער זעט ב"ה גוט אוים... — דאָס איז גאָר, וואָס די מוטער האָט געהאַט צו זאָגן אויף איר איבערראַשונג? — מאָדנע!

קאַפּיטל פינף

## דער רבי צאלט נישט קיין שבירות

עס זענען אוועק וואָכן. ביי רייזעלען איז דאָס טייסטערל גע־וואָרן אזוי מאָגער שוין, אז עס האָט שוין באמת געהאַט די כוכאָטע. עס איז שוין באַלד נישט געוועזן וואָס אויפצועסן און דער רבי האָט נאָך אַלץ נישט געגעבן קיין שכירות. אפילו ר' אברהם בער, וואָס האָט אַלץ געמיינט, אז ער וועט מסתמא געבן

מיטאמאָל, איז שוין געוואָרן אומרואיק און ער האָט אַ פרעג געטאָן (הגם עס איז געגוג שווער אָנגעקומען).

— קומט אַריין אַרום פינף אַזייגער, וועט מען זען, וואָס מען קאָן טאָן פאַר אייך, — האָט ער אים געענטפערט, ווי מען ענטפערט איינעם, וואָס בעט אַ נדבה.

ר׳ אברהם בער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה. ער איז געגאַנגען. מ׳דאַרף לעבן, אַ פאַמיליע.

דער רבי האָט אים געבעטן זיצן. ער האָט אים דערציילט, אַז ער פאָרט די צייטן אַוועק אין די בעדער. אין אַ באַפעלערישן טאָן געבעטן אים, אַז ער זאָל אַכטונג געבן אויף דער ישיבה, זען, אַז די בחורים זאָלן זיצן און לערנען. דערנאָך האָט ער אַ שמועס געטאָן מכוח דער קיך. דערציילט, אַז די מוטער, די „אַלטע רביצין", פאָרט אויך מיט, אַז אויף דער קיך וועט אַכטונג געבן לייזער נתנס ווייב.

ער וועט איבערלאָזן געלט. דערנאָך האָט ער אַ שמועס געטאָן אין לערנען, געדרייט זיך, ווי אַ וואָרעם, געטראַכט און ענדלעך האָט ער זיך אַליין געבענדיקט, אויפגעשטאַנען, פאַנאַנדערגערוקט אַ טונקל־גרינעם, פלושענעם פאָרטיער און איז אַריין אין אַ זייטיק חדר, וואָס ר׳ אברהם בער האָט ערשט ס׳ערשטע מאָל געזען. ער האָט אים גע־הערט קלימפערן מיט שליסלען, עטלעכע מאָל איבערדרייען זיי נאָכן פאַרהאַקן אַ קלאַפ־שלאָס. דער רבי איז צוריק אַריין, אַריינ־געשטעקט ר׳ אברהם בערן צוויי פאַפירלעך און עטלעכע זילבערנע מטבעות. ר׳ אברהם בער האָט זיי נאָך מנחה־מעריב איבערגעגעבן רייזעלען: פינף־און־צוואַנציק רובל איז דאָרט געווען. דאָס האָט אַריינגעבראַכט גלויבן אין שטוב.

— ער האָט מסתמא ליב צו צאָלן מיטאמאָל, — האָט ר׳ אברהם בער געזאָגט.

— מיטאַמאָל? — האָט דבורהלע געפרעגט. — ס׳קומט דאָך שוין אפשר מער ווי הונדערט?

— זיי נישט קיין נאַר, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר אַ דערויף, ווי מ׳זאָגט, — האָט ר׳ אברהם בער אָפגעווענדעט. — איך פאַרשטיי, אַז איידער ער וועט פאָרן, וועט ער צוצאָלן די רעשט.

אין הויף זענען דערווייל געמאַכט געוואָרן אַלע הכנות פאַר דער נסיעה. עס זענען ווידער אַוועק עטלעכע וואָכן. די לאַגע איז

געוואָרן ערנסטער. מ׳איז שוין געשטאַנען זייער שמאָל. דער רבי האָט דערווייל קיין געלט נישט געגעבן. ר׳ אברהם בער האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין. דער רבי מסתמא יאָ. עטלעכע מאָל דורך דער וואָך האָט ער איבערגערעדט מכוח דער ישיבה, אַגיטירט פאַר טעג, געאַרבעט מעשים ממש אַריינצוקריגן וואָס מער טעג לטובת דער אַלטער רביצינס קיך. ר׳האָט שוין געהאַלטן ביי פאָרן. נאָר קיין געלט ר׳ אברהם בערן האָט ער נאָך נישט געגעבן. און ווען ר׳ אברהם בער האָט אים, ממש נאָך אַ מלחמה מיט זיך אַליין, אַ פרעג געטאָן — האָט ער אים געענטפערט, אַז די צייטן וועט ער אים געבן. ס׳זענען אַוועק די צייטן, און יענע צייטן, פונם פאָרן איז עפּעס געוואָרן אָן אָפּהאַלט. קיינער האָט נישט געוווסט פאַר־וואָס. ר׳ אברהם בער האָט אַלץ געהאָפט.

פאַרטיק געוואָרן, איז דער רבי מיטן אייגענעם שוחט, מיט אַ כאַליאַסטרע משמשים, מיט אַ משרת א. א. וו. אַוועקגעפאָרן און איבערגעלאָזט ר׳ אברהם בערן מיט ליידיקע הענט. די אַלטע רבי־צין איז אַוועק מיט איר סוויטע, די יונגע מיט אירער. ווען זי האָט זיך געזעגנט מיט רייזעלען, די יונגע רביצין, האָט זי איר געפרעגט, צי זי רעכנט ערגעץ צו פאָרן דעם זומער. זי האָט זיך עפּעס אָנגע־שטויסן און האָט געוואָלט אַזוי אַרום אַרויסקריגן פון רייזעלען, צי איז עפּעס פאַראַן אַ באַגרינדונג אין איר חשד, אַז עס גייט איר דאָ נישט פויגלדיק. דער גאַנצער אמת, אַז ער צאָלט לחלוטין נישט, דער רבי, און די פאַמיליע קוועלט זיך, ווערט פשוט געפייניקט, איז איר אפילו נשט איינגעפאַלן. רייזעלע האָט געענטפערט, אַז זי ווייסט גאָרנישט — זי וועט זען, די יונגע רביצין האָט פון אָט דעם ענטפער פאַרשטאַנען מער, ווויפיל רייזעלע האָט געוואָלט, זי זאָל פאַרשטיין. זי האָט געשיקט רופן ר׳ אברהם בערן, געגעבן אים פינף־און־צוואַנציק רובל, אים געזאָגט, אַז זי וועט רעדן מכוח דעם מיטן רבין. הגם זי האָט נישט קיין גרויסן איינפלוס אויף אים...

— המם... — האָט זי אַ ברום געטאָן, געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געזאָגט...

די בחורים האָבן ווייט נאָך נישט געהאַט גענוג טעג. די קיך איז פון טאָג צו טאָג מאָגערער געוואָרן און צוזאַמען מיט איר די בחורים. זיי האָבן אָנגעהויבן אויסזען בלאַס פון אונטערהונ־גערן. אַ סך זענען זיך צעפאָרן. ר׳ אברהם בער האָט זיי, פאַר־

שטייט זיך, נישט געקאָנט צוריקהאַלטן. דאָס לערנען איז צוגעגאַנגען נישט אַזוי ווי מ׳דאַרף... לייזער נתנס ווייב האָט נישט געהאַט קיין חשק אויסצולייגן איר געלט (זי האָט געקאָנט דעם רבין אפּנים), די נישט־אַוועקגעפאָרענע בחורים ווילן עסן און ס׳איז נישטאָ וואָס זיי צו געבן. דער קצב, דער בעקער, דער שפּייז־קרעמער, אַלע האָבן זיי ווי אָפּגעמאַכט צווישן זיך, נישט געוואָלט געבן אָן קיין געלט. אפילו פאַר קיין איין רובל נישט. זיי ווילן נישט געבן און דערנאָך דאַרפן נאָכלויפן, ווי נאָך אַ נדבה, האָבן זיי געהאַט אַ גערעכטע טענה.

איז זיך די ישיבה צעפאָרן. ווער עס האָט נאָר געהאַט וווּאַהין, איז אַוועק.

ר׳ אברהם בער איז אַרומגעגאַנגען, ווי אָן אַ קאָפּ. נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבן.

רייזעלע ליגט שוין ווידער גאַנצע טעג אויף דער קושעטקע.

דבורהלע איז איצט שוין נישט נאָר די בעל־הביתטע, נאָר די פּאָדלאָגע־וואַשערין און אפילו די וועשין אויך.

די שכנים אין הויף לערנען איר די מלאכה, זאָגן איר — אַז אַרבעטן שאַדט נישט, אַרבעט איז געזונט, אַז זייערע טעכטער אַרבעטן אויך. דבורהלע קריגט זיי שרעקלעך פיינט. זי פילט, אַז די שכנים האָבן הנאה דערפון, וואָס זי אַרבעט, און זי וואונדערט זיך: וואָס האָבן זיי דערפון, וואָס זי וואַשט פּאָדלאָגעס?

מאָטל קומט שוין ווידער אָפּעסן. ער רעדט אויס אויפן רבין אסור־לדבר (נאָר נישט ווען ר׳ אברהם בער איז דערביי. ר׳ אברהם בער וויל עס פונדעסטוועגן נישט ליידן).

מיכאל קומט יעדן טאָג מיט אַנדערע מעשיות פונעם רבין, וואָס די בחורים דערציילן צווישן זיך, בסוד סודות, מיט וויצן, וואָס ער און די פאַרביטערטע בחורים מאַכן אויפן רבינס חשבון. ער אַליין מאַכט אים נאָך זיינע תּנועות, בשעת ער אַגיטירט פאַר טעג, אַזוי קונציק, אַ כּפּרה דער גרעסטער מימיק. מ׳קאַטשעט זיך פון געלעכטער. דאָס איינציקע ביסעלע פריילעכקייט, וואָס רייסט דורך די שווערע מרה־שחורה. אַ דאַנק מיכאלן, לאַכט נישט נאָר דבורהלע און מאָטל, נאָר אפילו רייזעלע אויך און פאַרגעסט אַ ווײַלע די צרות.

אַחוץ מזה האָט עפּעס יענער בחור מיטן בלייכן פּנים, וואָס איז דעמאָלט פאַרבייגעלאָפן, בשעת זי האָט אָפּגעוואַרט צו זען דעם

רבין, אָנגעהויבן אריינצוקומען צו ר' אברהם בערן. דבורהלע חדושט זיך. עסן וויל ער נישט. מ'זאָל אים אָפּגילטן. תמיד האָט ער נאָר־וואָס אָפּגעגעסן. שמועסן, יאָ. שמועסן מיטן פאָטער אין לער־נען. זי ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס, נאָר יעדעסמאָל, ווען ער קומט אריין, ווערט איר עפּעס אזוי גוט, ס'פאַרגעסט זיך אין אַלעם, ס'ווערט ליכטיק און גוט. עפּעס ברענגט ער מיט זיין קומען אזא אַטמאָספער אין שטוב אריין, אַז פאַר זאָרג בלייבט קיין פּיצל אָרט נישט. און בסך־הכל זעט ער אַליין נישט אויס קיין פריילעכער. מאָדנע, אפילו די מוטער לויבט אים אין טאָג אריין און זאָגט, אַז עס איז אַ מחיה צו הערן אים רעדן. הגם מיט דער מוטער רעדט ער גאָרנישט. מיט איר אויך נישט. האַלט זיך אָפּגעזונדערט, פאַר־שלאָסן אין זיך. ער מוז זיין זייער אַ פרומער.

דער מאַמעשי געפעלן, הייסט עפּעס דערגרייכט, — טראַכט דבורהלע און דערפילט זיך צוליב דעם ויחד יתרודיק. ס'אַרט איר נאָך שטאַרקער, פאַרוואָס זי געפעלט נישט דער מוטער, און עפּעס האָט זי הנאה דערפון, וואָס אָט דער בחור געפעלט איר יאָ.

זי האָט אַליין געהערט, ווי זי, די מוטער, האָט אים געלויבט פאַרן פאָטער — אַ זעלטענער בחור, האָט זי געזאָגט. אַן איידעלער יונגערמאַן און אַ חכם עתיק: איך בין צופרידן, וואָס ער קומט אריין צו אונז.

—הערסט, יענער איז אַן עילוי, האָט אַ גאונישן קאָפּ, אַ טייער קינד! הלואי וואָלט איך געווען בכוח, וואָלט איך אים גע־נומען פאַר אַן איידעם.

דבורהלע לאַכט. ס'וואָלט גאָרנישט שלעכט געווען, ווען זי ווערט אזוי אַ כלה.

„איין זאַך" פאַרשטייט זי נישט... פאַרוואָס גייט ער נישט אי־בערן הויף, נאָר לויפט. און פאַרוואָס לויפן ביי אים די אויגן אזוי און פאַרוואָס, ווען ער רעדט מיטן פאָטער אין לערנען, דאַכט זיך, אַז ער רעדט נישט, נאָר ער שניידט מיט מעסערס. עפּעס ווערן ביי אים די אויגן דעמאָלט אזוי אויסטערליש גרויס, קריכן ארויס פון זיך אַליין און שפּריצן מיט שטיקער פייער. אפילו ווען ער רעדט נישט, זענען זיי אויך נישט, ווי ביי אַנדערע מענטשן. עפּעס זענען זיי אזוי שיין און אזוי שוואַרץ און זעען אויס, ווי ר'וואָלט געטראָגן אַ סוד אין זיי, אין די אויגן — מאָדנע אויגן. ער איז אַ שיינער,

ווען ער גייט שענער אָנגעטאָן, וואָלט ער געווען נאָר אַ שיינער, זייער אַ שיינער.

יאָ, זי פילט זיך שטאַרק אויפגערוימט, ווען ער קומט. זי זעט אַפילו נישט, ווי מאָטל איז אים אייפערזיכטיק און ווערט שיעור פאַרבּרענט פון קנאה, פאַרוואָס זי שיינט־אויף יעדעס מאָל, ווען ער קומט אַריין.

מאָטלען האָט זי אויך גאַנץ ליב. ער לייענט איר ביכער, ער רעדט מיט איר, ווען ער האָט נאָר אַ געלעגנהייט. אַנומלט האָט ער איר געבּאָרגט אַ ביכל און האָט איר אָנגעזאָגט, אַז קיין ילוד־אשה טאָר נישט וויסן דערפון, נישט, אַז זי לייענט אַזאַ בּוך, נישט פון וועמען זי האָט עס געבּאָרגט. פאַרשטייט זיך, אַז עס וועט קיינער נישט וויסן. מאָטל האָט איר געזאָגט, אַז אָט די ביכער, וואָס ער בּרענגט איר, דאַרף מען לייענען — מ'איז זיי מחויב צו לייענען און זיי בּרענגען גרויס נוצן די, וואָס לייענען זיי, און האָט איר בּסוד־סודות דערציילט, אַז ער בּאָרגט זיי בּיים עילוי. זי האָט זיך אַזש דערשראָקן, בּשעת ער האָט עס איר געזאָגט. נאָר ביסלעכווייז האָט זי זיך צוגעוווינט צום געדאַנק. אגב, האָט איר מאָטל שוין דער־ציילט, אַז דער עילוי איז נישט אַ האָר פרום. זי חזרט נישט איבּער. זי האָט געגעבּן איר וואָרט. אָבּער פון מאָטלען איז עס נישט שיין, אויסצוגעבּן יענעמס אַ סוד. אפשר דערפאַר האָט זי ליבּער דעם עילוי...

אין הויף האָט אינם משך פונם זומער עטלעכע מאָל געבּרענט. אומבּאַדייטנדיקע שריפות זענען עס געווען און מען האָט זיי בּאַלד פאַרלאָשן. נאָר זיי האָבּן אָנגעהויבּן געשען אָפטער. כמעט יעדע 2 וואָכן. אָט איז אומגעפאַלן אַ ליכט און עס האָט זיך אָנגעכאַפּט דער וואַקס אויפן טיש. אָט איז אַ בּחור אַריין אין בּית־הכּסא און פאַרגעסן דאָרט אַן אָנגעצונדן שטיקל פּאַפּיראָס. בּאַלד האָט זיך אָנגעכאַפּט ס'פאָרהענגל איבּער דער קיך. עס האָט געהאַלטן אין איין בּרענען. מ'האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין, נישט געוווּסט, מיט וואָס עס אויסצוטייטשן. עס האָט נאָך פריער קיינמאָל נישט געטראָפן. נאָר פאַרלאָשן, קיין וויכטיקע שאָדנס האָט מען נישט געליטן... האָט מען געדאַנקט גאָט פאַר דעם, דערפאַר, וואָס צוליבּ די דאָזיקע שריפות איז געווען מכח וואָס צו רעדן אין זומערדיקע פוילע טעג, ווען אַרבּעטן ווילט זיך נישט און ס'איז נישטאָ בּיי

וואָס. „אַלע זענען אין וואַרעם־באָד". קיין חסידים קומען נישט. די קיך איז אַזוי גוט ווי געשלאָסן. האָט מען טאָקע וועגן וואָס צו שמועסן צווישן זיך און מיט פאַראינטערעסירטע שכנים, וואָס האָבן אויך נישט קיין כח און קיין חשק צו אַרבעטן אין אַזעלכע טעג.

דבורהלע האָט זיך דאָ ווייניקער געגודעט, ווי אין זשעלעכיוו. דאָרט זענען די טעג געווען מער פעסטגעשטעלטע. רואיקערע אַביסל. געגאַנגען זיך זייער מאָנאָטאָנעם, לאַנגווייליקן גאַנג.

דאָ האָבן די אמתע מאַטעריעלע דאגות צעשטריית די טעג און מיט זיי—דבורהלעס יונגן מוח. זאָרג און דאגות האָבן זיך אונטער־געריקט פון אַלע זייטן. ווי ווערעם אין אַ ברודיקער דירה האָבן זיי זיך געשאַרט, געקומען צו קריכן פון אַלע לעכער. האָט מען איין לאָך פאַרשטופּט, האָבן זיך געעפנט אַנדערע צוויי... נאָר צום ערגסטן איז געווען, ווען אין אַ פרימאָרגן האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אַ מאַ־דאַם אין אַ שוואַרצן מאַנטל און גענומען מאָנען ענערגיש דירה־געלט. דאָס איז שוין אויף אַן אמת געווען, ווי אַן אומגעריכטע קויל אין קאָפּ אַריין. ביז איצט האָבן סיי ר' אברהם בער, סיי די פאַמיליע געמיינט, אַז אָט דאָס הויפל געהער צום רבין און ער גיט זיי אַ דירה, ווי ער האָט צוגעזאָגט. ער האָט נישט דערמאָנט מכח קיין דירה־געלט צאָלן און עס איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך. לאָזט זיך אויס, אַז לייזער נתן האָט באַצאָלט פאַרן ערשטן קוואַרטל פאָרויס און איצט דאַרף מען צאָלן פאַרן צווייטן.

דאָס הויפל האָט גאָר געהערט צו עפּעס אַן אַלמנה, וואָס פלעגט יעדן קוואַרטל אַריבערקומען פון וואַרשע איינמאָנען דירה־געלט. די יידענע איז געווען אַ מרשעת. זי האָט קיינעם נישט געשאַנעוועט. רייזעלע האָט איר צום הונדערטסטן מאָל פאַרזיכערט, אַז דער רבי דאַרף צאָלן פאַר דער דירה, נישט זיי, אַז ווען דער רבי וועט צו־ריקקומען פון די בעדער, וועט ער באַצאָלן מיטאַמאָל... נאָר די יידענע האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן:

— איך קען נישט קיין רבין. זי וווינען דאָ, דאַרפן זי באַ־צאָלן, — האָט זי געטענהט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן.

— פאַרוואָס זענט איר נישט פריער געקומען, אָדער מודיע געווען, וואָלט איך דאָך געוווּסט? — האָט רייזעלע אומזיסט גע־טענהט מיט דער יידענע, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול נעבן פענסטער, צוגעקנעפּלט דעם שוואַרצן גאַבאַרדין־מאַנטל,

אַרויסגעשאַרצט די שוואַרצע קרעפּ פון הוט, אַוועקגעלייגט די שוואַרצע זאַמשענע הענטשקעס אויפן טיש, פאַרלייגט די שוואַרץ־באַקליידטע פיס איינעם אויפן אַנדערן און זיך געגרייט זיצן דאָ אַזוי לאַנג, ביז — ביז זיי וועלן איר באַצאָלן דירה־געלט.

ר׳ אברהם בער איז געווען אין דער ישיבה. דבורהלע איז אים געלאָפן רופן. זי האָט אים דערציילט די מעשה.

— די מאַמעשי איז אויס מענטש, — האָט זי געזאָגט. — מ׳מוז זען עפּעס טאָן. זי וויל נישט אָפּטרעטן!

— הממ‏מי — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אוי טאַטע האַרציקער! הייליקער באַשעפער פון אַלע עולמות עליונים ותחתונים — העלף שוין פאָרט אַמאָל! — האָט זיך ר׳ אברהם בער געבעטן, ווי אַ קינד ביים טאַטן — און איז אַ צעבראָכענער פון דער בשורה, אויף וואָס ער האָט זיך בכלל נישט גערעכט, אַהיימגעגאַנגען.

— גוט מאָרגן! — האָט ער געזאָגט האַלב אין דער וועלט אַריין, האַלב צו דער יידענע.

די יידענע האָט געמאַכט אַ באַוועגונג.

— זיצט, זיצט, נישקשה! — איז ר׳ אברהם בער געווען אַ דזשענטעלמאַן.

זי איז געבליבן זיצן.

— איר וואָלט אונז אפשר געקאָנט צוואַרטן עטלעכע וואָכן? מיט השי״ת הילף וועלן מיר אייך באַצאָלן גאָר אינגיכן און עס וועט אייך חלילה קיין גראָשן נישט פאַרפאַלן ווערן.

נישט ר׳ אברהם בער און נישט רייזעלע האָבן זיך געכאַפּט, אַז אייגנטלעך קאָן די יידענע יורידיש גאָרנישט מאָנען קיין דירה־געלט, מחמת לייזער נתן האָט גענומען די דירה אויפן רבינס נאָמען. די יידענע האָט עס גאַנץ גוט געוווּסט, נאָר זי האָט געפּרוווט. וואָס דאַרף זי וואַרטן, אַז זי קאָן אפשר אויפן אָרט באַקומען דאָס איריקע?

— איך בין, נישט פאַר אייך גערעכט, אַן אַלמנה, — האָט זי געזאָגט צו ר׳ אברהם בערן. — פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז מיר דאַרף מען באַצאָלן צו דער צייט. אַ וויסטע אַלמנה און כ׳האָב

נישט, ווער עס זאָל זיך פאַר מיר זאָרגן. ווען איך וואָלט נישט גע־ווען קיין אַלמנה...

— דאָרט אויבן, — האָט ר׳ אברהם בער געזאָגט און אויפ־געהויבן די אויגן צום הימל, — זאָרגט מען פאַר אַלמנות און יתומים. — ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער מיט אַזאַ ערנסט־קייט און אַליין אַזוי זיכער, אַז ער האָט די ייִדענע איבערצייגט, ממש איבערצייגט.

דער גראָבער קניטש אַרום איר מויל איז אַביסל ווייכער גע־וואָרן און אין די אויגן האָט אַפילו אַ פייכטער גלאַנץ אַ שימער געטאָן. זי איז אויפגעשטאַנען, אַרומגעוויקלט צוריק די קרעפּ אַרום הוט, אַ שטיקל אַראָפּגעלאָזט איבערן פּנים:

— זאָגט איר מיר צו, רבי, אַז אין, לאָמיר זאָגן, פיר וואָכן אַרום וועט איר מיר באַצאָלן?

— מיטן אויבערשטנס הילף, אָבער איך האָב נישט געזאָגט, אין פיר וואָכן. אפשר פריער נאָך. ביי אים איז אַלץ מעגלעך. און אפשר שפּעטער אַביסל. ער איז אַ כל יכול! — האָט ר׳ אברהם בער צוגעגעבן, ווי פאַר זיך אַליין.

די ייִדענע האָט אַרויסגעצויגן אַ הענטשקע און האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר רייזעלען. — ווען זי וואָלט נישט געווען קיין אַלמנה...

— וואָס וועט זיין דער תּכלית? — האָט רייזעלע געפרעגט ר׳ אברהם בערן, וואָס האָט גראָד איצט אויך געפרעגט די אייגענע קשיא ביים רבונו של עולם.

— איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס די ייִדענע האָט זיך די גאַנצע צייט נישט געוויזן. אַפילו אין חלום נישט געטראַכט, אַז נאָך די אַלע צרות וועלן מיר גאָר האָבן אויף זיך אַזאַ מין אָנשי־קעניש. אויף אַזאַ אופן זענען מיר איר שולדיק אַ סך געלט. דער רבי האָט מיר צוגעזאָגט אַ דירה און איך גלויב נישט, אַז ער זאָל זיך וועלן מבזה מאַכן פאַר אַזאַ ייִדענע. בפרט אַז זי איז נישט קיין היגע. איר וועט ער באַצאָלן — אַ שאלה דאָס איז.

רייזעלען האָט זיך עס אַפילו אויך געלייגט אויפן שכל, נאָר וואָס קאָן מען וויסן?

— האָסטו עפּעס אַ שטיקל קאָנטראַקט? — האָט רייזעלע

געפרעגט גיכער לשם פרענן. ווייסט זי דען נישט, אז ר׳ אברהם בערן וואלט אפילו זיך נישט געחלומט צו טאן אזא זאך?

— פארשטייט זיך, אז עס איז מיר נישט איינגעפאלן צו מאכן מיטן רבין קיין קאנטראקט.

— פארשטייט זיך! — האט רייזעלע איבערגעחזרט ר׳ אברהם בערס ווערטער און זיך אפגעקערט. זי האט געפרוווט אריינקוקן אין א ספרל, נאר זי האט נישט געקאנט בשום־אופן זען, אפילו איין ווארט נישט. און אויך נישט צוריקהאלטן דאס נערוועזע ציטערן פונם אויסגעדארטן קערפער, וואס האט זיך נישט געוואלט בארואיקן.

— עסט עפעס עסן, טאטעשי?

— כ׳האב נאכנישט געדאוונט, — האט ר׳ אברהם בער גע־ענטפערט, ארומגעדרייט זיך איבער דער שטוב אפ און אויף, אפ און אויף, געקניימשט דעם שטערן, געצופט די באָרד און גע־ברומט.

— זיי רואיק, — האט ער זיך לסוף דערנענטערט צו רייזע־לען, — השי״ת וועט נישט פארלאזן. וועסט זען, אז, מיטן אוי־בערשטנס הילף, וועט נאך אליץ זיין לטובה. בארואיק דיך, — האט ער זיך געבעטן ביי איר, ווי ביי א קראנק קינד. ער איז צו־ריק אוועק אין דער ישיבה אריין.

— ווער שרייט דאס אזוי, דבורהלע?

— גארנישט, מאמעשי, גארנישט, ס׳איז די אייגענע יידענע.

— אבער מ׳רעדט דאך עפעס פויליש?

— ס׳איז זי, נאר מיט די אנדערע שכנים קריגט זי זיך אויף פויליש, — האט דבורהלע געזאגט און זיך נישט געקאנט צוריק־האלטן פון לאכן.

— זי זאל נאר נישט צוריקקומען אמאל, — איז דבורהלען דורך א געדאנק. זי האט עס נישט געבראכט פארן מויל, נאר ס׳האט זיך איר שוין נישט געגלוסט צו לאכן. זי האט נערוועז נאכגעפאלגט דער יידענעס געשרייען — — — — — — גאט זיי דאנקען, מ׳הערט זי נישט מער.

— א פאסקודנע יידענע, ניין, מאמעשי?

רייזעלע האט נישט געענטפערט.

— נאָך דאָס אויך! דאָס אויך נאָך! — די יידענע מיטן עקזעקוטאָרישן אויסזען, איינגאַנצן איינגעהילט אין שוואַרצן, האָט איר בשום אופן נישט געוואָלט אוועק פון די אויגן.

דאָרט, אין זשעלעכיץ, האָט זי כאָטש געהאַט אַן איינענע נחלה, נישט געדאַרפט ווייניקסטנס ציטערן, טאָמער קומט מען מאָנען דירה־געלט. זי געדענקט, ווי אזוי ס'איז איר אָנגעקומען, ביז זי האָט זוכה געווען צו האָבן אַ לייטישע וווינונג, און דער־צו נישט קהלס, נאָר טאַקע אַן אייגן הויז, און איצט — דאָס נאָך אויך! זי דערמאָנט זיך, אויף וואָסער אופן זי האָט עס געבויט — פון אַ פאַרבייגעפלויגענער מחשבה. באשר הערשל נגיד האָט זיך גענומען אין קאָפּ אַריין, אַז ער מוז מאַכן דאָס זינדל זיינס — וואָס האָט געהאַט פונקט אַזאַ פויערשן מוח, ווי דער טאַטע — פאַר אַ „לערנער", און פאַר גרויס התפעלות, וואָס ר' אברהם בער זאָגט אים צו, אַז ער וועט זען, ער זאָל אים אויסלערנען אַזוייפיל, וויפיל ס'וועט זיך נאָר לאָזן, נעמט ער און גיט אים אַ גאַנצן הונדערטער פאַראויס און זי, רייזעלע, נעמט און חזרט איבער פאַר ר' אברהם בערן, אין אַ וויץ כמעט, מכח וואָס זי טראַכט, און ר' אברהם בער נעמט און חזרט איבער פאַרן גרויסן מענדל רייזעלעס איינפאַל. דער גרויסער מענדל לאַכט און דערציילט אין שול, אַז דער רב גייט זיך בויען אַ הויז — פאַר הונדערט רובל. פונדעסטוועגן איז עס אַן איינפאַל. לאַכט דער עולם און ר' יוסף קאָן, אַ גרויסער וואַלד־סוחר, וואָס קומט נאָר אין שטעטל אַריין, ווען ער האָט יאָרצייט, נעמט און איז מנדר געהילץ לכבוד דעם רבס הויז. און ר' יוסף קאָן איז גענוג מאָסגעבנדיק, אַז אַלע שרייבערס אַרום זשעלעכיץ זאָלן נאָכטאָן דאָס אייגענע, און ס'הויבט זיך אָן משנדרם פון אַלע זייטן. ווער ס'שיקט אַריין שינדלען, ווער עטלעכע רובל, ווער בעלקעס. ס'איז שוין דאָ מער ווי מ'דאַרף, אַזוי אַז איר איז געבליבן צו צאָלן נישט מער ווי פאַר אַרבעט, שלעסער, שויבן, צעמענט א. א. וו. און פונם וויץ איז געוואָרן אַ פיין הויז. און אַז עס גייט, גייט דאָך. נעמט יהושע גליסקער (דעם פריצס עקאָנאָם) און דערציילט דעם פריץ, אַז דער רב גייט זיך בויען אַ הויז, און פאַר הונדערט רובל. געפעלט דעם פריץ די אידעע. לאַכט ער און קומט צו גיין מיט יהושע גליסקער צום „פאַן ראַבין".

זי געדענקט, רייזעלע ווי עס וואָלט איצט געווען. זי איז נאָר־וואָס געהאַט אַרויס פון בעט. ר׳ אברהם בער איז געווען אין בית־המדרש, בעת יהושע גליסקער איז אַריין און געזאָגט, אַז דער פּריץ וויל רעדן מיטן רב. זי האָט זיך דעמאָלט אויף אַן אמת דערשראָקן. וואָס דאַרף עפּעס דער פּריץ האָבן דעם רב אינמיטן דערינען? נאָר עס איז איר איינגעפאַלן, אַז ס׳קאָן זיין, ער וויל האָבן אַ דין־תורה. האָט מסתמא אַ פאַרשפּילטן פּראָצעס מיט אַ יידן. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער פּריץ וויל נישט האָבן קיין דין־תורה מיט קיינעם, נאָר ער דאַרף רעדן מיט ר׳ אברהם בערן מכח אַן ענין, וואָס איז נוגע דעם רב אַליין. יהושע גליסקער ווייסט מכח וואָס, נאָר זאָגן וועט ער נישט, זאָל די איבעררעשונג זיין גרעסער. זי געדענקט, רייזעלע, ווי ער האָט איר דעמאָלט פאָר־געשטעלט פאַרן פּריץ און דער פּריץ מיטן ברייטן נעזל אויפן ברוינעם, לאַכעדיקן פּנים, האָט אַזש אויפגעמאַכט ברייט די גרויע אויגן. נאָר ער האָט זיך באַלד טיף פאַרנייגט און געזוכט צו באַ־האַלטן דעם וווּנדער אינם פּנים אַריין, וואָס האָט געלאַכט שטרענג און גוט.

— דו ווייסט נישט צוליב וואָס, זאָגסטו, האַ? — ר׳ אברהם בער איז אַהיימגעקומען ווייס, ווי די וואַנט. נאָר דערזען, אַז דער פּריץ לאַכט אים אַנטקעגן און יהושע גליסקער איז מיט אים, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ. זי האָט זיך אַליין אויך גענוג געחדושט. וואָס פאָרט קאָן ער דאַרפן? נאָר זי געדענקט, וויפיל מער נאָך זי האָט זיך געוווּנדערט, ווען דער פּריץ האָט, נאָכדעם, וואָס ער האָט געגעבן ר׳ אברהם בערן די האַנט, דער־ציילט פון יהושע גליסקערס מעשה מכח בויען אַ הויז און גע־זאָגט, אַז ער וועט געבן פּלאַץ פריי, אָן שום „פּלאַצאָווע״ און אַנ־דערע אָפּצאָלונגען. זי געדענקט, ווי ר׳ אברהם בער (היטנדיק זיך, דער פּריץ זאָל נישט זען) האָט זיך געריבן די הענט אין דער סאַמעטענער קאַפּאָטע. אַ קלייניקייט, געגעבן אַ גוי די האַנט! ווי דער פּריץ האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַריינגיין אין הויז, פון וואָס זי איז גראָד געווען שטאַרק צופרידן.

און נאָכדעם, ווי זי האָט אים געזאָגט, אַז זיי וואָלטן געוואָלט בויען נעבן דער שול, האָט ער זיך צעשמייכלט און געלויבט דעם „פּאַן ראַבין״ פאַר זיין גוטן געשמאַק, וואָס ער האָט גראָד אויסגע־

ווײלט צו בויען נעבן דער לאָנקע... דערנאָך האָבן זײ זיך אַלע אוועקגעלאָזט אין אַ פּראָצעסיע: זי, ר׳ אברהם בער, דער פּריץ מיטן עקאָנאָם און אַ גרויסער, העל־ברוינער, לאַנגהאָריקער הונט, וואָס האָט כסדר געדרייט מיטן ווײדל, ווי ער וואָלט זיך אויך גע־פרייט מיט ר׳ אברהם בערס גוטן געשמאַק. זי צעשמייכלט זיך, זי זעט נאָך איצט, ווי ר׳ אברהם בער טוליעט זיך אין זיך אַליין, האַלט זיך אין איין אָפּרוקן, צוריקציען, און דער הונט, ווי אויף להכעיס, פּילט ער זיך גראָד גוט געשטימט און דריקט־אויס די צו־פרידנקייט אין לויפן פון איינעם צום אַנדערן. דערנאָך מעסט יהושע גליסקער מיט אַ הילצערנער מאָס, וואָס לייגט זיך איין אין פירן, אויף דער ערד מעסט ער, צייכנט מיט קרייד, מאַכט באַ־מערקונגען, קוקט אַרויף צום פּריץ פון דער ערד מיט אַ שמייכל, וואָס זאָגט: אויב דו ווילסט, בין איך אַן עקאָנאָם, באַדאַרף מען, בין איך אויך אַ בוי־מייסטער, און וואָס, כ׳בעט אייך, קען איך נישט?

ער שטייט איר נאָך איצט פאַר די אויגן, דער פּריץ. אַ הויכער, אַ גלייכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ העל־בלאָנדן קאָפּ האָר, וואָס גלאַנצט קעגן דער זון. זי זעט נאָך איצט, ווי ער קלאַפּט מיטן שטעקן אויף דער ערד, מאַכט לעכער אינם גראָז־באַוואַקסענעם, אַרומגעקרײדטן שטיק פּלאַץ. דערנאָך ווענדט ער זיך צו איר און זאָגט איר, אַז אָט דאָס שטיק פּלאַץ גיט ער זײ אינגאַנצן פרײ. זי געדענקט, ווי ר׳ אברהם בער האָט זיך פאַרגעסן און פון דאַנק־באַרקייט געדריקט דעם פּריץ די האַנט, און דערנאָך שטאַרקער נאָך געריבן די הענט אין די היפּטן פון דער סאַמעטענער קאַפּאָטע, היטנדיק זיך, דער ערל זאָל עס נישט באַמערקן. דערנאָך האָט אַ רויטער שניץ מיט אַ ליימערן פּנים צוגעפירט צוויי שוואַרצע, גלאַנציקע פערד מיט אויסגעוויינלעך־דינע פּיסלעך, שמאָלע קעפּ און קורץ־פאַרשוירענע ווײדלען, ווי דער פּריץ און דער עקאָנאָם האָבן זיך מיט אַ מין געשיקטקייט אַרויפגעכאַפּט אויף די פערדישע רוקנס, אַ לעצט מאָל פאַרנייגט זיך פאַר איר און אַ לאָז געטאָן זיך אין אַזאַ גאַלאָפּ, אַז ר׳ אברהם בער האָט זיך אַ לאַנגע צייט דערנאָך נישט געקאָנט געגוג אָפּחידושן:

— ווי מ׳האָט דאָס נישט קיין מורא?

זי האָט זיך צעשמייכלט און איז באַלד צוריק ערנסט געוואָרן.

און איצט דאַרף זי ציטערן פאַר אָט דער יידענע מיטן טייוואָלאַנישן אויסזען, וואָס וואַרפט־אָן אַן אומהיימלעכקייט מיט איר בלויזן דערשיינען. — — — — —

הם, ס'הויז פאַרטאַכליעוועט, פונם געלט איז אַ חוץ די עט־לעכע שטיקלעך שמאַטיקע מעבל שוין קיין זכר נישטאָ — און וואָס טוט מען ווייטער?

ר' אברהם בער האָט זיך מיט מי און מאַטער געשאַפט צען רובל און דערוייל פאַרשטופט דער יידענע דאָס מויל, ווען זי איז פונקט צו די פיר וואָכן געקומען זען, וואָס זי קאָן אַרויסקריגן און צי דער רבי איז שוין דאָ.

קאַפּיטל זעקס

# די שדיפה

סוף זומער האָבן זיך צוויי געזונטע, גרויע שימלען געטראָגן איבער די גאַסן און געסלעך פון ר. אָפּגעשטעלט זיך מיט אַ טפּררר! און אָנגעזאָגט אין הויף, ווו מ'האָט זיך געגרייט אויפצונעמען דעם הייליקן בעל־הבית, אַז ער איז שוין דאָ, דער רבי.

ר' אַברהם בער איז גראָד אַרויס פון דער ישיבה און איז אים נישט ווילנדיק געקומען פנים אל פנים. דער רב האָט אים נישט דערזען און איז אין דער באַגלייטונג פון צוויי משמשים גלייך אַריין צו זיך, אין חדר מיוחד.

אַרום הויף האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ חברה ליידיקגייער: יידן, ווייבער, מיידלעך, קינדער, יונגען, שקצים. געקוקט מיט דרך־ארץ אויפן רבינס פערד, וואָס האָבן זיך רואיק געקייט דעם האָבער פון די זעקלעך אַרום די מאָרדעס און אפילו נישט אומגעקוקט זיך אויפן „פּלעבס".

סוף זומער איז ער מיט זיין גאַנצער סוויטע צוריקגעקומען פון די בעדער. די אַלטע רביצין מיט אירער. די יונגע איז פאַר־בליבן אויף נאָך עטלעכע וואָכן.

אין הויף האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון לעבן.

דער רבי, אַן אָפּגעבּרענטער, מיט אפשר אַ צוויי פונט שמאַלץ וויניקער, מיט אַן אָפּגעסמאַלעטער, גלאַנציקער נאָז — האָט זיך צוריק געזעצט אויף דעם „שטול". די משמשים האָבן ווידעראַמאָל גענומען דרייען זיך אין הויף, געווען שטאַרק באַשעפטיקט... דינסטן זענען נישט געזעסן מער אויף קיין אויסדערוויילטע, הייליקע גאַניקעס און פון דאָרט אַרומגעפּלירטעוועט מיט יונגע רעסטאָראַטאָרס, מיטן איבערגעבּליבענעם משרת און סתם פאַרבייגייער. ווייבער האָבן ווידער געטראָגן קוישן הינער אין הויף אַריין. רעסטאָראַציעס האָבן צוריק אויפגעמאַכט די טירן. און הערש לייבס ווייב האָט ווידער אָנגעהויבן האָבן טענות צו גאָט, פאַרוואָס איר מאַן, דעם רבינס יינגסטער משמש, אַזאַ שיינער יונגערמאַן מיט אַזאַ פּנים, קיילעכיק בערדל, זאָל דאַרפן פירן דעם רבין „דאָסן".

— דער רבי איז מיד און ער נעמט נאָך דערוויילקיינעם נישט אויף, — האָט לייזער נתן געענטפערט מקורבים, וואָס האָבן געגאַרט אַ קוק צו טאָן אויפן אָנגעברענטן, גלאַנציקן פּנים פונם רבין.

ר' אברהם בער איז נישט געקומען. נישט קוקנדיק וואָס ער האָט נאָך אַלץ געהייסן דער גרעסטער מקורב. ער האָט אים נישט געוואָלט זען, נישט קיין חשק געהאַט אים צו געבן שלום אין דער צייט, ווען ער אליין איז פול מיט יסורים, צעשטרייט און פאַרביטערט. צוליב אים האָט ער פאַרלוירן זיין נאַאיווע צוטרוילעכקייט צו מענטשן. ער האָט עס געפילט, ר' אברהם בער, און, הגם אומבאַוווסטזיניק, האָט ער עס באַדויערט. אַ חוץ דעם האָט ער זיך שרעקלעך געשעמט פאַר רייזעלען און עס האָט אים ווי געטאָן צו זען, ווי זי ליידט. זינט זי קען אים, ליידט זי, נאָר נישט אַזוי שרעקלעך, ווי איצט. ער האָט זי אַרויסגענומען פון אַ הויז פול מיט רחבות, אַריינגעפירט זי אינם קליינעם שטעטעלע, אין זשעדלעכיץ, וווּ זי האָט זיך, נעבעך, געשטיקט און געליטן, און איצט, אז עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, ער זאָל איר קאָנען געבן אַביסעלע אַ בעסער לעבן, נעמט ער, דער רבי, און צעברעכט זיי, נעמט אַוועק פון אַן אָרט, ווו עס איז כאָטש געווען אַ שטיקעלע פּרנסה, אַ הייזל, און לאָזט זיי ממש אויסגיין פון נויט, ווי ער מיט

זיין פאמיליע וואָלטן געווען הפקר, אויסגעשטעלט פאַר אים, צו טאָן מיט זיי, וואָס ער וויל.

דעם דריטן טאָג נאָכן אהיימקומען האָט ער אים געשיקט רופן, דער רבי.

— שלום עליכם, רבי!

— עליכם שלום!

— נו, ווי איז עפּעס דאָ צוגעגאַנגען?

ר׳ אברהם בער איז אין כעס געוואָרן. ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד. דעם רבינס אָנגעגעסענער פּנים, מיט דער רואיקייט זיינער, האָבן אים נערוועאיש געמאַכט. עס איז נישט געווען דער אייגענער ר׳ אברהם בער.

— ווי אַזוי האָט עס געזאָלט צוגיין?

— וואָס הייסט? איך פאַרשטיי נישט!

— און איך פאַרשטיי נישט, וואָס דער רבי חידושט זיך! די בחורים האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן, זענען זיי זיך צע־פאָרן. „אם אין קמח, אין תורה”, — האָט ר׳ אברהם בער געזאָגט נישט אין קיין פריינטלעכן טאָן. ער האָט זיך געקליבן בעטן דעם רבין עפּעס געלט.

דער רבי האָט עס דערוואַרט. ער האָט זיך פאַרטראַכט, גענו־מען אַרומשפּרייזן איבערן חדר.

— איר זענט דאָך דער ראש־הישיבה, דער מנהל, איז עס געווען אייער חוב צו זען, אַז זיי זאָלן זיך נישט צעפאָרן און די ישיבה זאָל האָבן אַ פּנים פון אַ ישיבה, נישט פון קיין ליידיקן קלויז!

— עס איז אָבער נישט געווען קיין גראַשן מיט וואָס אָנצו־האַלטן די קיך און די „טעג” האָבן זיי אויך ביסלעכווייז פאַר־לוירן.

— עט, שטותים! — האָט דער רבי אַ זאָג געטאָן און איז רויט געוואָרן ווי אַ ראַק. ער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַרומ־דרייען איבערן חדר. פון דער אונטערשטער קעשענע האָט אַרויס־געקוקט אַ שטיק געלע קעשענע־פאַטשיילע. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ זילבערן טאַבאַק־שקעטעלע. ער האָט געמאַכט אַ באַ־וועגונג, געוואָלט עפּעס זאָגן, זיך מישב געווען און זיך לגמרי אָפּגעקערט פון ר׳ אברהם בערן. פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ אברהם

בער האָט שוין נישט געקאָנט טראַכטן אפילו מכח בעטן עפּעס געלט.

עס זענען ווידער אַוועק עטלעכע וואָכן. אַ טייל בחורים זענען צוריקגעקומען. עטלעכע יונגעלייט, וואָס האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון די ווייבער אַביסל און פון די „שווערס׳׳ פאַרקרימטע פּנימער, פאַרוואָס זיי זיצן נאָך אַלץ אויף קעסט, זענען אַהערגעקומען כאַפּן לופט אין דער שיינער, היגיענישער ישיבה. בחורים, וואָס אונטערפּאַסטן אַביסל איז ביי זיי געווען אַ וואָכעדיקע זאַך, זענען, פאַרשטייט זיך, באַלד נישט אַוועקגעפאָרן. דער רבי האָט געפונען עפּעס אַן אַנדער קאַפּעלוש — אַ געביפּטן יידן, וואָס האָט אים געמאָלקן אויף וויפיל עס האָט זיך גאָר געלאָזט.

מיכאל האָט אים אויפגעהערט פיינט האָבן, דעם רבין. מיט וואָס איז ער ערגער פון אַנדערע אָנגעגעסענע זשוליקעס? ער האָט אין אים געזען אַ פּעטן וויץ. און זיינע וויצן אויפן רבינס חשבון זענען טאַקע מיט יעדן טאָג שאַרפער געוואָרן, אָריגינעלער. זיי האָבן דורכגעבראָכן די שווערסטע שטימונגען, די גרעסטע מרה־שחורהס. ער איז צוליב זיי געוואָרן דער פּאָפּולערסטער בחור אין דער ישיבה — הגם דער יינגסטער.

— נו, מיכאל, מאַך עפּעס אַביסל פריילעכער, ס׳איז אַזוי אומעטיק, — האָט מען פון אים געמאָנט געלעכטער, ווי פון אַ פּאַיאַץ.

מיכאל האָט נישט געדאַרפט קיין סך טראַכטן און די ישיבה האָט זיך געטרייסלט — האַ־האַ־האַ! — האַ־האַ־האַ!

— גוט, מיכאל! בראַוואָ!

ר׳ אברהם בער האָט פונדעסטוועגן געלערנט זיין שיעור. אין שטוב איז נישט געווען וואָס צו עסן און ער האָט אַלץ געלערנט זיין שיעור.

עס איז שוין געווען פאַר די יום־טובים. די פּאַסן זון, וואָס צווישן בענק און טישן אין דער ישיבה, זענען פון טאָג צו טאָג קלענער געוואָרן. דער הימל איז נידעריקער געוואָרן. נאָר די היץ האָט זיך געהאַלטן, ווי נישט זי מיינט מען. פאַרקערט, עס איז נאָך פאַרנער געוואָרן. די דינסטן אין רבינס הויף האָבן נאָר־וואָס געהאַט פאַררוקט דאָס טשאָלנט. דבורהלע האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיט שבת־מאַכן... מיכאל איז געלעגן אויפן פעלד אונטער

דער שטאָט — פּרייטיק לערנט מען סיי ווי נישט — איז ער געלעגן בּיים טייך, געקוקט אויף בּאָרוועסע שיקסעשע פיס, וואָס האָבּן געטרעטן איבּערן פעלד מיט קיישלעך שוואָמען. רייזעלע, שוואַכער נאָך ווי פריער, איז געלעגן אויף דער קושעטקע — צו ליכט־צינדן איז נאָך געווען צייט און צייט — ר׳ אברהם בּער איז נאָר־וואָס אהיימגעקומען פון בּאָד, פון דער בּאָרד זיינער האָט נאָך געררונען — האָט פּלוצלינג די אַלטע רבּיצין דערפילט אַ ריח אין הויף.

אָנגעטאָן אינם שוואַרצן, אַטלעסענעם קלייד, מיטן בּליש־טשענדיקן שטערנטיכל, מיטן הויכן, פאַרפּוצטן טשיפּעק אויפן קאָפּ, איז זי געשטאַנען אין מיטן הויף און הייזעריק געשריגן. דער רויך האָט זיך בּאַלד דערפילט איבּערן גאַנצן הויף און איידער מען האָט בּאַוויזן אויסצוגעפינען די סיבּה, פונוואַנען ער קומט, האָבּן זיך גע־נומען קייקלען קנוילן רויך פון די גרויסע, אָפענע ישיבה־פענסטער. עס איז געוואָרן אַ בּהלה. עס זענען זיך אָנגעקומען צולויפן מענטשן פון גאַס, פון הויף, אַלע האָבּן געשריגן, אַלע געליאַרעמט, נאָר גע־טאָן האָט קיינער גאָרנישט. בּיז מען האָט דערהערט אַ וואָרט, אַז מען דאַרף רופן פייערלעשער און בּיז זיי זענען געקומען, האָבּן פאַרשטיקטע פלאַמען און פליענדיקע פונקען זיך בּאַוויזן צו בּאַ־פרייען פון דער געדיכטער שוואַרצקייט אין דער ישיבה. אין עטלע־כע מינוטן איז דער הויף געשטאַנען אַ צעהעלטער, אַ בּאַלויכטענער.

דער רבּי איז אין דער בּאַגלייטונג פון הערש לייבּן געקומען פון בּאָד. אויף דער בּאָרד און פאות האָט נאָך געגלאַנצט דאָס וואַ־סער. דאָס פּנים און דאָס אָפענע האַרץ האָבּן אויסגעזען ווי אָפּגע־בּריט. דער בּרייטער קאַלנער פונם העמד האָט אַזש געבּלאַנקט פון ווייסקייט.

— וואָס שטייט איר, יידן? טוט עפּעס! — האָט ער אַ גע־שריי געטאָן, ווי אַ פאַרוווּנדעטער, און אַליין זיך געלאָזט לויפן, נישט ווי אַזאַ שווערער גוף, נאָר ווי אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף, גלייך אין זיין חדר המיוחד אריין.

עס איז געוואָרן אַ געוואַלט.

איינער האָט אויסגעשריגן — דער רבּי! אַלע נאָך:

— דער רבּי! דער רבּי! דער רבּי איז אריין אין זיין חדר! געוואַלט! ראַטעוועט דעם רבּין!!

עס זענען געפלויגן יידן מיט צעשויבערטע בּערד און צעשפּריי־

טע הענט. עס זענען געפלויגן ווייבער צום רבינס חדר המיוחד. עס זענען געפלויגן פעקלעך בעטגעוואַנט, אַלערליי מלבושים און חפצים, דורך פענסטער פון שטובן, וואָס האָבן נאָך נישט געברענט. עס זענען געפלויגן פונקען פון רויכיקער שטיקעניש און עס איז גע־פלויגן דער רבי, מיט אַ לעדערנער טעקע אונטערן אָרעם, און נאָך אים די אַלטע רביצין.

אין גאַס איז ער געזעסן אויף בערגער בעטגעוואַנט, טייערע מכשירים, נעבן אַרויסגעראַטעוועטע ספרי־תורות, וואָס זענען גע־ווען איינגעהילט אין טיכער, ווי ציטערדיקע קינדער.

די פייערלעשער האָבן קיין סך נישט אויפגעטאָן. די פלאַמען האָבן זיך געשפרייט, געגאָסן, פון רגע צו רגע מער זיך צעהעלט, גע־לעקט, געשלונגען.

די אַלטע רביצין האָט געבראָכן די הענט. דער הימל, אַ רויט־לעכער פון דער אונטערגייענדיקער זון, האָט זיך געצונדן פון צוויי פייערן. אין געסל איז געווען אַ געקלאַגעריי. ווייבער האָבן געחלשט, קינדער האָבן זיך געריסן, מענער האָבן אַוועקגעטראָגן קליינוואַרג אין ווייטערע געסלעך אריין.

דער רבי איז געזעסן דרויסן אויף די געפעק. עס האָט נישט געהאָלפן קיין רעדן און קיין בעטן מצד חסידים, נישט מצד שטאָ־טישע באַלעבאַטים, ער זאָל ערגעץ אריינגיין.

ר' אברהם בער איז שוין שיעור נישט אויסגעגאַנגען פון רחמנות צום רבין. ער האָט אים שוין איצט אַלץ מוחל געווען. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז עס העלפט נישט — גאָרנישט. — דאָ, אויף די אָנגעוואָרפענע געפעק, איז ער געבליבן זיצן. די „פּאַפּירן" און דער אַלטער רביצינס אמתע דימענטן פון דער טעקע האָט ער אריינ־געלייגט צו זיך אין דער טיפער בוזים־קעשענע.

די אַלטע רביצין האָט אים נישט געוואָלט אָפּטרעטן און מיט אים צוזאַמען נישט גערירט זיך פונם אָרט.

שפּעטער, ווען אין הויף האָט שוין אָנגעהויבן טונקלען זיך (אין גאַס איז שוין לאַנג געווען טונקל), איז ער אויפגעשטאַנען און האָט צוזאַמען מיט עטלעכע מנינים יידן געדאַווּנט אַ פאַרשפּע־טיקטע מנחה. ווייבער, מיידלעך און שקצים אפילו האָבן זיך אָפּגע־רוקט און מיט יראת־הכבוד באַטראַכט די סצענע. דער הימל, אַן

אויסגעלאָשענער פון ביידע פייערן, איז שוין איצט געווען אינגאַנצן פינסטער.

מען האָט צוריק אַריינגעטראָגן די ספרי־תורות אינם אַלטן בית־המדרש, וואָס איז געבליבן נישט באַרירט. דער גאַנצער הויף האָט נישט שטאַרק געליטן, נאָר די ישיבה איז אָפּגעווישט געוואָרן און אויף איר אָרט זענען געבליבן שטיין צעבויגענע אייזערנע בעל־קעס, אַ באַרג צעבראָקלטע, שוואַרצע ציגל איז געבליבן ליגן און אַביסל נאַסע סאַזשע.

דער רבי האָט בכבודו ובעצמו געזען, אַז אַלצדינג זאָל זיין זיכער פון פרעמדע הענט, און האָט מיט זיינע ציטערדיקע פינגער אַלץ געהיט.

לאַנג, לאַנג דערנאָך האָבן משמשים און אייגנטימער פון אכסניות דערציילט חסידים, מיט וואָס פאַר אַ מסירת־נפש דער רבי האָט זיך ממש אַוועקגעלאָזט אויף קדוש־השם, כדי אַרויסצוראַטעווען פון זיין חדר המיוחד אַלערליי כתבים און קמיעות, וואָס זענען געבליבן פונם אַלטן, זכר צדיק לברכה — און נאָך נסים, וואָס זענען דעמאָלט געשען, און מופתים אָן אַן ערך. דאָס בלייבן זיצן אויף די געפּעק דרויסן האָט מען אויסגעטייטשט אויף אַלערליי אופנים: טייל האָבן געזאָגט, אַז דער רבי האָט נישט געוואָלט אַנטרינען דאָס, וואָס עס איז אים פון „אויבן" באַשערט געווען. אַנדערע האָבן געזען אין דעם עניוות. טייל ווידער האָבן געהאַלטן, אַז דער רבי האָט געוואָלט צוזאַמען מיט די ספרי־תורות אַ מין גלות אָפּריכטן. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס האָט גורם געווען די שריפה. נאָר געמורמלט האָט מען, אַז עס איז נישט געווען קיין צופעליקע זאַך, אַז די ישיבה־בחורים האָבן געהאַט אַ האַנט אין דעם צוליב נקמה. פאַרוואָס „ער" איז אַוועקגעפאָרן אין די בעדער און זיי איבערגעלאָזט לגמרי אויף הפקר. טייל האָבן געגלויבט, אַנדערע האָבן זיך אויסגעלאַכט דערפון. עס איז געבליבן אַ סוד.

עס האָבן זיך אָנגערוקט די יום־טובים. יידן האָבן זיך, ווי אַלע יאָר אין דער צייט, דערמאָנט אינם רבין. אין הויף און אַרום הויף איז אַ שטאַרקער שוווּנג. אינם שמאָלן געסל רודערט זיך, ס'דרייען זיך כסדר פרעמדע מענטשן. וואָכעדיקע פּנימער פון פאַרהאָרעוועטע יידן. אַ טייל אין די פאַרמעליקטע קאַפּאָטעס נאָך — נישט איבער־געטאָן זיך אַפּילו. ווער האָט צייט און געדולד? מען איז צופיל פאַר־

נומען מיט יאָגן זיך נאָך א שטיקל ברויט, מ'זאָל זיך קאָנען פאַר־גינען אזא לוקסוס, ווי אריבערכאַפּן זיך אמאָל צום רבין. נישט גע־קוקט דערויף, וואָס ר. איז א קאַצן־שפּרונג פון ווארשע און אנדערע יידישע ישובים, זיצט מען אינדערהיים. נאָר קומט פאַר די יום־טובים, ווערן יידישע הערצער סובטעלער, כאַפּן זיך אויף נשמות און מאָנען דאָס זייעריקע און דערמאָנען, אז דאָס אייביקע טרייבן זיך, האווען, יאָגן זיך, כדי צו פאַרזאָרגן דעם חומר, איז נישט קיין תכלית. זי פאָדערט, אז מען זאָל זיך מכח איר אויך אביסעלע פאַר־טראַכטן. כאַפּט מען זיך אריבער, כדי פאַר ,,אים'', זאָל לעבן, אוים־צוגיסן ס'הארץ, וואָס קוועלט זיך אונטער דער וואָכעדיקער קאַפּאָ־טע. איז לעבעדיק...

די משמשים זענען פאַרטאַראַראַמעוועט, נעמען כאַבאַר פאַר אַריינלאָזן פריער.

חסידישע יידן, וואָס געדענקען א גאַנץ יאָר אויך, אז נישט דאָס גשמיותדיקע לעבן איז דער עיקר, אז נישט דאָס אייביקע זאָרגן זיך פאַרן חומר דאַרף פאַרנעמען אן אָרט ביי א יידן, נאָר דאָס ביסעלע רוחניות, דאָס באַהאַלטענע לעבן אויף לעולם־הבא; יידן, וואָס כאַפּן זיך נישט אריבער, נאָר פאָרן, און טאַקע אלע פאָר וואָכן, דרייען זיך אין הויף, ווי אייגענע מענטשן. אמת, זיי זענען ווייניק אין צאָל, זענען אָבער א סך אין קוואַליטעט — אָט די יידן צאָלן נישט קיין כאַבאַר. קוויטלעך קאָנען זיי אליין ב''ה אָנשרייבן און איילן, איילן זיי זיך נישט. זיי זענען געקומען אויף איבער יום־טוב. קוקן זיי מיט גרינגשעצונג אויף די פאַרפלאָמטע, גאָטספאָרכ־טיקע פּנימער פון די פּשוטע מענטשן, וואָס וואַרטן אין דער ריי אַריינגעלאָזט צו ווערן, אָפּצוגעבן דעם פדיון און נאָך היינט כאַפּן זיך אויף צוריק. פונדעסטוועגן זענען די רעסטאָראַנדלעך אלע פול און מ'קריגט קוים אַן אָרט אויף איבערצונעכטיקן. די בעל־אכסניות מיט זייערע ווייבער און קינדער שוויצן בייטאָג און האָבן נישט ווו צו שלאָפן ביינאַכט. מאַרק־יידענעס זיצן נישט אויפן מאַרק. זיי מאַכן בעסערע געשעפטן ארום רבינס הויף. פאַרפילן זיי דעם טומל אינם געסל מיט זייערע אויסרופן:

— קויפטס, יידן! קויפטס! ט'שוין איינמאָל געזען אזעלכע אייערקיכלעך? קויפטס! — שפּעטער וועט איך קאָסטן טייערער!...

צען גראָשן פאַר צוויי געקאָכטע אייער! פריש פון דער הון! וואַרעמע אייער!

— וואַניקע עפּל! אַ האַרץ־דערקוויקעניש! — קויפט, צוויי גראָשן אַ פונט לענגאַלקעס! אינגאַנצן צוויי גראָשן!

— ווער ס'וויל עסן אַ וואַרעם קעז־קיכל? זאָל ער זאָגן! כ'גיב אַוועק אינגאַנצן אומזיסט! אינגאַנצן פינף גראָשן!! — חכמהט זיך אַ יידענע אַ קאָזאַק און לייזט געלט ווי היי...

מיכאל האָט הנאה פון דער יידענע. ער איז צופרידן, וואָס זי לייזט מער געלט פון אַלע.

— זי פאַרשטייט אַן עסק! קליגער בנאמנות פון די פאַרמעליק־טע אייזלען, וואָס קומען אַהער אַוועקגעבן די פאָר גילדן זייערע, — אַזעלכע פערד! — האַ־האַ־האַ! קומען זיך רייניקן אין דער בלאָ־טע! טאָמער האָט ער אַליין וויניק עבירות, ברענגען זיי אים נאָך צו זייערע, פאַר אַ צולאָג! — האַ־האַ־האַ!

מיכאל קרימט זיי נאָך, די יידן, ווי זיי בעטן זיך ביי לייזער נתנען מיטן געלט. ווי ער בייזערט זיך נאָך און דערשנאַפּט, ווי אַ הונט, ווו ס'ליגט דער פעטסטער ביין, דעם לאָזט ער צום ערשטן אַריין.

— מיכאל, טו מיר אַ טובה און הער מיר אויף דולן אַ קאָפּ מיטן רבין, — זאָגט רייזעלע. — דער קאָפּ טוט מיר אַזוי אויך גע־נוג וויי!

— ניין, מאַמעשי, וואָלסט נאָר געדאַרפט זען לייזער נתנען און די אַנדערע פאַרכעס, אַ קוק טאָן אויף זייערע פּנימער, בשעת אַלע בהמות וואַרטן אין דער ריי אַרום לייזער נתנען און ווילן דווקא, אַז ער זאָל זיי מעלקן. ווי די איבעריקע ווערן שיעור נישט צעפּלאַצט פאַר קנאה. די ערגסטע מפּלה האָט נעבעך ברוך. ר'האָט נאָך היינט קיין דריי קוויטלעך נישט אָנגעשריבן.

דבורהלען פאַרדריסט, וואָס מיכאל חוזקט פון די יידן. זי זעט אין זיי איר אייגענעם גורל. מען נוצט זיי אויס, מען גרינגשעצט זיי און קיינער זאָגט זיי נישט קיין וואָרט, דערציילט זיי נישט, וואָס פאַראַ פאַרשוין דער רבי איז און די כאַליאַסטרע זיינע, וואָס זיי האַלטן אויס.

— פונוואַנען זאָלן זיי וויסן? — אַרגומענטירט זי מיט מיכאלן. — דער טאַטעשי אַליין האָט דאָך פונם געהאַלטן, ניין?

מ'מיינט, אַז פון פראָסטע מענטשן דאַרף מען אָפּלאַכן, פונקט ווי פון איר, ווען זי לאָזט זיך אָפּנאַרן פון מיכאלן. מ'נוצט זי דאָך אויך אויס. און טאָמער פרוווט זי זיך אַמאָל אָפּזאָגן פון טראָגן אויף זיך דעם גאַנצן עול, פאַרזאָרגן די גאַנצע שטוב, פרעגט מען זי:

— וואָס דען ווילסטו טאָן? אפשר לערנען אַ בלאַט גמרא, האַ?

אַזוי איז עס שוין, מ'חוזקט אָפּ פון יענעם און מ'ווייזט אים נישט אָן דעם טעות.

מיכאל ווידער זעט אין אָט דעם געלויף צום רבין אַן אויס־גוס פון מענטשלעכן שטות און עס גלוסט זיך אים צו לאַכן. פּי־לאָזאָפירן לאָזט ער איבער פאַר דבורהלען.

— מאַמעשי, פאַרוואָס זאָגט קיינער נישט די יידן, אַז דער רבי איז אַ פאַסקודנער מענטש?

— ווער זאָל זיי זאָגן?

דבורהלע פאַרטראַכט זיך.

— פאַרוואָס נישט דער טאַטעשי?

— דער טאַטעשי האָט נישט מער וואָס צו טאָן? — זאָגט רייזעלע און פאַרטראַכט זיך.

— האַ, מאַמעשי, פאַרוואָס קאָן זיי דער טאַטעשי נישט זאָגן?

רייזעלע שווייגט. דערנאָך דערמאָנט זי זיך, אַז זי האָט נישט געגעבן דבורהלען קיין תשובה.

— אַז מען וועט זיי זאָגן, וועלן זיי נישט גלויבן. זיי וועלן פאַרשטיינען דעם, וואָס וועט זיי זאָגן. — זאָגט רייזעלע — — — פאַרשטייסט? פראָסטע מענטשן, וואָס ווייסן זיי? און זיי מוזן האָבן עפּעס, אין וואָס זיך צו קלאַמערן. זיי קאָנען נישט שטיין אַליין. דער רבי איז ביי זיי אַ מין עגל הזהב.

— זיי וואַרפן אַריין אַ פּדיון און עס קומט אַרויס אַ פעטע קאַלב! — מישט זיך מיכאל אַריין פון דער אָפענער טיר אינם אַנ־דערן חדר.

— נישקשה פון אַ קאַלב! — זאָגט רייזעלע.

— אַ גאַנצע בהמה, — לאַכט דבורהלע.

— אַ בהמה ביזטו, נישט ער, — זאָגט מיכאל. — בהמות זענען זיי, אָבער אַליין נישט ער, — קומט ער שוין צוריק אַריין.

— שוין, זאָל שוין זיין געגוג! זאָל ער זיך פאַרדרייען זיין אייגענעם ספּאָדעק מיט זיי אינאיינעם, וועמען גייט עס אָן?

— ס׳קומען דאָך אָבער חסידישע יידן אויך? — וויל דבורהלע נישט אָפּלאָזן.

— דבורהלע, פאַרדריי מיר נישט קיין קאָפּ!

— ניין, פאַרוואָס איז עס? זאָג מיר, מאַמעשי, — וויל זי בשום אופן נישט אָפּטרעטן.

— ווייל קיין איבעריק־גרויסע למדנים זענען די אויך נישט, און וועלן ערגעץ אַנדערש נישט האָבן קיין שום אָנזען, און דאָ זע־נען זיי די שיינע יידן, די טיש־זיצער, די מקורבים.

— און קוקן מיט ביטולדיקע שמייכלען אויף די „זעקלעך מעל", — מישט זיך ווידער אַריין מיכאל.

— וואָלטן זיי באמת נאָך אַלץ געקומען, ווען מען זאָגט זיי פּשוט אויס דעם גאַנצן אמת, אַז דער רבי איז אַ ליגנער?

— זיי נישט קיין שוטה און פרעג נישט אַזויפיל קשיות, — האָט שוין רייזעלע פאַרלוירן דאָס געדולד. — נישט אומזיסט זאָגט מען: סתם מקשן עם הארץ, — האָט זי זיך געווענדעט צו מיכאלן מיט אַ שמייכל.

דבורהלע האָט די לעצטע ווערטער פאַרשטאַנען האַלב נאָר. נאָר זי האָט אינם וואָרט עם הארץ שוין פאַרשטאַנען די רעשט. זי איז אַוועק אַ פאַרשעמטע און האָט באַשלאָסן, אַז מער וועט זי נישט זיין געגליכן צו די יידן, וואָס קומען צום רבין.

כמעט יעדע נאכט האָט זי אויפן געלעגער באַשלאָסן אַראָפּצו־וואַרפן פון זיך דעם יאָך פון דער שטוב און נעמען עפּעס לערנען. זי בענקט דאָך דאָס גאַנצע לעבן נאָך דעם. לערנען, קענען, נישט זיין אין הויז די מינדסטע. זי וועט זיך לערנען, קענען און ווייזן, אַז נישט בלויז דער טאַטעשי איז אַ למדן, די מאַמעשי איז אָנגע־זאָפּט מיט וויסן, מיכאל וואַקסט אַ תלמיד חכם — דאָס האָט דאָך דער טאַטעשי אַליין געזאָגט — און אַ מיידל דאַרף גאָרנישט נישט אויסוואַקסן, וועט זי טאַקע באַווייזן, אַז אַ מיידל קאָן אויך עפּעס אויסוואַקסן. נאָר דאָס זענען פיינע מחשבות אויפן געלעגער. אינ־דערפרי באַקומט זיך אַלץ ווי פריער און יעדער טאָג איז ענלעך צום אַנדערן. זי טוט ווידער אַלץ אין הויז, טראָגט ווידער דעם גאַנצן עול אויף אירע קינדערשע פּלייצעס. זי האָט נישט דעם מוט

און זי איז צו סענטימענטאַל, כדי אָפּצוזאָגן זיך אויף אַן אמת פון „העלפן" דער קראַנקער מאַמען, און זי שפּאַנט זיך ווידער אַליין צוריק אַיין. און ס'איז איר שלעכט פון אַלע זייטן.

ס'איז אפילו נישטאָ מיט וועמען אַרויסצוגיין אַ ביסל צו צע־שטרייען זיך. די צוויי חברטעס, דעם יונגן שוחטס טאָכטער און הערצל אייזנקרעמערס טאָכטער, האָבן איר אַמאָל געטראָפן ליגן אויף דר'ערד מיטן קלייד פאַרשאַרצט און וואַשן די פּאָדלאָגע — ווי אַ גויע. פון דעמאָלט אָן קומען זיי טאַקע נישט מער און זי גייט צו זיי אויך נישט.

נאָך אַ נס, מאָטל האָט איר געבראַכט אַ דייטש ביכל. בסוד־סודות איר דערציילט, אַז ער לערנט זיך דייטש. און אין עטלעכע טעג (אויפן גראָז) אויסגעלערנט איר לייענען די גאָטישע בוכ־שטאַבן. זי קען שוין דאָס ביכל כמעט פון אויסנווייניק.

— אַזעלכע לידער, אַזעלכע פּאָעמען, — האָט איר מאָטל גע־זאָגט, — געפינט מען נישט ביי קיין שום אומה ולשון. די דייטשן, — זאָגט מאָטל, — האָבן אַ גבורה.

קוויקט זי זיך מיט געטהעס „ערל־קעניג" און האַלט זיך שוין פּאַר אַ שטיקעלע געלערנטע — דייטש!

מיכאל שפּעט איר נאָך:

— „ווער רייטעט זאָ שפּעט דורך נאַכט אונד ווינד"?

דבורהלע איז אים שוין אַלץ מוחל. זי ענטפערט מיט עקסטאַז.

— „עס איז דער פאַטער מיט זיינעם קינד"! א. א. וו.

— און דאָס קענסטו, מיכאל? — „עס בליט איין..."

מיכאל פאַרכאַפּט איר.

— „עס בליט איין קליינעם בלימכען אויף איינער גרינער אוע..." — געדענקט מיכאל עקסטעמפּאָראַליש דעם אָנהויב נאָר.

און דבורהלע ענדיקט מיט טריאומף:

— „זיין אויג איזט ווי דער הימעל, זאָ הייטער אונד זאָ בלאַו. עס האָט ניכט פיל צו זאַגען אונד אַלעס, וואָס עס שפּריכט, איזט אימער נור דאָס זעלבע, נור פאַרגיס מיין ניכט"!

לייענען באַרואיקט זי גייסטיק. זי פילט זיך דעמאָלט, בשעת זי לייענט, לחלוטין אַן אַנדערע, אַ יום־טובדיקערע. נאָר ווו האָט זי צייט, אַז „אַ גאַנץ הויז ליגט אויף איר". זי זאָגט גאָרנישט. זי

מוט איר אַרבעט. וואָס קאָן זי טאָן? אַז ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל איבערנעמען איר עובדה אין הויז. נאָר פאַרדריסן פאַרדריסט עס איר... פאַרוואָס קומט עס איר, אַז זי זאָל מוזן טראָגן די קאָנסעק־ווענצן פון דער שלעכטער צייט, וואָס זיי לעבן איבער — מער פון יעדן איינעם? ס'וואָלט נישט אַזוי פאַרדראָסן, ווען מ'אַנערקענט עס כאָטש. ווען מען מיינט נישט, אַז זי איז באַשאַפן געוואָרן אַ קיכן־מיידל, און דאַרף גאָרנישט האָבן קיין אַנדערע פּרעטענסיעס. ווען מען האַלט זי כאָטש נישט פאַר דעם „שטאָט־נאַר" אין שטוב. אַזעלכע געדאַנקען עקבערן לעצטנס דבורהלעס מוחל און זי זוכט כסדר אַ טרייסט אין די צעגריזשעטע, געלע בלעטער פון דייטשן ביכל. אָדער, ווען ס'ווערט איר שון גאָר פאַסקודנע און זי קאָן שוין דאָרט אויך גאָרנישט געפינען, גייט זי אַרויס פאַרן טויער. אַביסעלע ווייטער שטייט אַ „בלינדער" לאַמטערן, שפּאַרט זי זיך דאָרטן אָן, קוקט זיך צו, ווי קינדער שפּילן זיך, ווי יידן און יידע־נעס זענען פאַרטאָן אין זייערע גראָשנדיקע געשעפטן, אין זייער ממשותדיקן, טאָג־טעגלעכן לעבן בלע"ז. געזונטע מענטשן אַרבעטן און טראַכטן נישט, פאַרוואָס? צוליב וואָס?

קאַפּיטל זיבן

## ר' אברהם בער ווערט אַ בעל־תכלית

עס זענען אַוועק די ימים־טובים. דעם יום־טובדיקן, זיס־טרוי־עריקן געפיל האָט פאַרביטן אַ מרה־שחורהדיקע וואָכעדיקייט. אין הויף איז שטיל. קרענקלעך שטיל. פון בית־המדרש ציט זיך אַ שטוי־לער, פאַרשלאָפענער ניגון, וואָס איז ענלעך צו אַ פאַרבענקט לידל ביים איינשלעפערן אַ קראַנק קינד, אָדער פון אַ האַלב־אויסגעניכ־טערטן שיכור.

די עטלעכע בחורים, וואָס זענען אַהיימגעפאָרן אויף יום־טוב, זענען נאָכנישט צוריקגעקומען. בעלי־אכסניות ליגן גאַנצע טעג אויסגעצויגן אויף בענק, שלאָפן אָדער דרייען זיך אַרום די געסלעך און באַקלאָגן זיך אויף שלעכטע צייטן... די זון איז געוועזן וואַרעם און העל. זי האָט זיך נישט גערעכנט מיטן קאַלענדאַר, נישט דער־

שראָקן זיך פאַר קיין יום־טובים און האָט טאָג נאָך טאָג געבריט. די שפּיציקע שטיינער פון שמאָלן געסל — נישט בדעה געהאַט אפילו אריינצולאָזן דעם ווינטער.

ביסלעכווייז האָט אָבער די צייט פאַרט גובר געווען דעם פאַר־עקשנטן זומער. די פרימאָרגנס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּעטיקן, פאַרשלאָפן, אויפשטיין מיט פאַרלאָפענע אויגן. אַ פייכטע ראָסע האָט פאַרטרערט די שויבן. הגם די נאָכמיטאָגן זענען נאָך אַלץ גע־ווען װאַרעמע, האָט די זון זיך געהאַלטן שוין נידעריק, געפילט אפנים, אַז קיין לאַנגן קיום וועט זי שוין נישט האָבן.

עס איז געווען שרעקלעך אומעטיק ביי ר׳ אברהם בערן אין הויז. ר׳ אברהם בער איז פּלוצלינג געוואָרן מער בעל־תכלית פונם גאַנצן הויזגעזינד. ער האָט געזען דעם ווינטער אָנקומען. (קיין הארבסטן מיט קיין פרילינגס האָבן ביי ר׳ אברהם בערן נישט עק־זיסטירט). מ׳דאַרף אָנגרייטן קוילן. מ׳דאַרף אַ ווינטער־מלבוש, כ׳וויים וואָס מ׳דאַרף אָנגרייטן אַלץ: וואָס דאַרף מען נישט אין ווינטער? און דאָ איז נישטאָ קיין פּיצל מקור פון וואַנען צו נעמען. וואָלט די ישיבה געשטאַנען, וואָלט נאָך אפשר פאַרט עפּעס אריינ־געקומען. אַזוי איז ער דאָך לגמרי פּטור! און וואָס עס וועט ווייטער זיין, ווי־אַזוי מ׳וועט זיך ארויסדרייען פון אָט דעם מצב, זעט ער לחלוטין נישט. ס׳איז ביטער ווי דער טויט. זיי זענען שוין געווען צוגעוווינט — טראַכט אברהם בער — צו לעבן אין דחקות, נאָר איצט הויבט זיך אָן אַ שפּאָגל נייע מסכת און אפשר אַ שווערערע נאָך פון דער ערשטער, מחמת קיין געלט איז שוין לאַנג נישטאָ און דאָ איז „זי״ אַזאַ שוואַכע, קוים וואָס זי לעבט. ווו וועט זי דאָס נעמען כּוח פאַר נייע קלערעכצער? ער איז ארומגעגאַנגען שרעקלעך פאַרדאַגהט. אוי, השי״ת זאָל זיך דערבאַרעמען!

דער רבי האָט אים אפילו עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז ער וועט לאָזן צוריק אויפבויען די ישיבה. נו, איז וואָס? איז וואָס קומט ארויס? אַז ער האָט קיין פּרוטה נישט אריינגעשיקט. ער האָט אים אפילו, נאָך אַ לאַנגער און שווערער מלחמה מיט זיך אַליין, אַ פרעג געטאָן — וואָס עס וועט זיין דער תכלית? — האָט ער אים געענטפערט, אַז מען וועט זען זוכן אַן עצה און אַז מסתמא וועט דער בורא עולם העלפן, און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט.

רייזעלעס פאָטער האָט אפילו אָנגעהויבן אריינשיקן אַ פּאָר

רובל, איז אָבער פאַראַן אַ פאָלקס־ווערטל, אַז „קיין לעבערדיקן זאָס קאָן מען נישט אָנפילן״.

עס איז אָנגעקומען דער ווינטער. דעבער האָבן זיך גענומען הילן אונטער ווייסע שנייענע דעקן. אַ פאַריתומט בוימל אינם רבינס הויף האָט אָנגעהויבן שטייפן זיך. זיינע צרהדיקע צווייגלעך האָבן זיך גענומען שפּיזן קעגן פראָסט אינם רינשטאָק און שטיינער פון ברוק האָבן געגלאַנצט אונטער פראָסטיקער, ליכטיקער זון. קראָען האָבן גאַנצע טעג געקראַקעט אויף דעבער, אונטער פענס־טער, און אַריינגעבראַנגט מער ווינטער־שטימונג אין אָרעמע הייזלעך.

ר׳ אברהם בער איז כמעט קיינמאָל אינדערהיים נישט געווען.

רייזעלע איז שוין לגמרי נישט אַראָפּ פון דער קושעטקע. זי האָט געהאַלטן אין איין לייענען.

דבורהלע האָט אָנגעהויבן אויסזען קרענקלעך־בלאַס. זי האָט אויסגעזען אָנגעשטרענגט, געררייצט, נערוועאיש, יעדע קלייניקייט האָט איר ווײ־געטאָן מער, ווי די אַקטועלע ממשותדיקע זאָרג, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע הויזגעזינד. אפילו מיכאל איז אין די לעצטע עטלעכע וואָכן געוואָרן צו־שטיל. אויסגעזען צו־ערנסט פאַר זיינע יאָרן און בעיקר פאַר זיין נאַטור. און האָט ער אַמאָל אַרויסגעשניטן אַ וויץ, איז ער געווען אַזוי בייסיק־ציניש, אַז עס האָט געגרוילט צו הערן, בפרט פון אַ פּופּצן־יעריקן בחורל.

ר׳ אברהם בער האָט געזוכט אַ כסא רבנות, נאָר דער יגעתי ומצאתי האָט דאָ דערציילט אַ ליגן.

די יונגע רביצין האָט פון צייט צו צייט אַביסל אַרויסגעהאָלפן (פאַרשטייט זיך, אַז רייזעלע האָט דערפון נישט געטאָרט וויסן און אַז עס איז געווען ווי אַ טראָפּן אין ים).

און ווי אויף להכעיס איז דער ווינטער געווען אַ שטרענגער. גליטשיקע טראָטואַרן און האַרט־פאַרפרוירענע בערגער שניי נעבן די רינשטאָקן האָבן דערמאָנט דבורהלען, אַז עס פּאַסט נישט צו טראָגן קיין זומערדיק מענטעלע, ווען זי איז געגאַנגען איינקויפן...

מיכאל פלעגט זיך פונדעסטוועגן פון צייט צו צייט אַרויסלאָזן צום טייך, אַ גליטש טאָן זיך. אָבער עס איז נישט געווען דאָס. עס האָט געפעלט די פריידיקע ענערגיע. ער האָט שוין איצט „פאַר־שטאַנען״, אַז גליטשן זיך איז קיין תכלית נישט... ער האָט גע־

טראכט, אז ער וואָלט געדאַרפט זען עפּעס צו פאַרדינען, אָבער ווי־אַזוי? ביי וואָס? ער קען דען עפּעס? ער וואָלט באַשטאַנען זיך צו לערנען אַ מלאכה, ווערן אפילו אַ שניידער, נאָר ער האָט מורא געהאַט אַרויסצופאָרן מיט אַזאַ געדאַנק, אַזאַ משונהדיקן איינפאַל. ער, מיכאל, וועט גיין פאַרדינען. פאָרט האָט עס אים גע־עקבערט דעם אַלט־געוואָרענעם מח. ער האָט אָנגעהויבן אויסזען בלאַסער און העכער און מרה־שחורהדיק.

די שויבן אין די פענסטער און אויף דער טיר זענען כסדר געווען פאַרצירט מיטן „פראָסטס קונסטמאָלעריי". די שטובן קאַלט, אָס ביסל קוילן, וואָס מען האָט שוין יאָ אַריינגעלייגט, האָט נישט געוואַרעמט. געוווּסט, אַפּנים, אַז זיי ברענגען אין אָן אָרעמען אויוון, האָבן זיי זיך נישט קיין שטאַרקע מי געגעבן. דער ווינטער האָט זיך געצויגן און געצויגן און, ווי דער שטייגער איז, פאָרט איינגענומען אַ סוף.

עס איז שוין אָנהויב פרילינג. דער שניי צעגייט זיך שוין אין טייכלעך, אין ריטשקעס. אויפן טייך אונטער דער שטאָט שווימען שוין אַרום שטיקער גלאָז. יידן גייען שוין ווידער מיט פאַרבלאַטיקטע עקן ביי די קאַפּאָטעס. עס פילט זיך שוין אָן ערב־פסחדיקע שטימונג. אינם אויר שמעקט שוין דער וואַרעמער פרילינגס־הויך. יידן הויבן שוין אָן טראַכטן מכח מצות, מעות חטין א. אַ. וו. א. אַ. וו. און צוזאַמען מיט דער זון, וואָס ווערט אַלץ וואַרעמער, העכער און שיינט אַלץ אָפטער, האָט זיך ביי ר' אברהם בערן אין הויז אַ שטיקל האָפענונג אַריינגעצויגן.

ר' אברהם בער האָט זיך אין בית־המדרש באַקענט מיט אַ רייכן יידן, וואָס פאָרט אַהער קיין ר. בסך־הכל אפשר אַ וואָך זעקס, זינט זיין אייגענער רבי איז נפטר געוואָרן און ס'איז נישט געבליבן קיין ממלא־מקומו. דערדאָזיקער ייד איז דער גרעסטער נגיד און גרעסטער תקיף אין זיין שטעטל און ער וויל, אַז דאָס שטעטל זאָל ווייטער האָבן אָן אייגענעם רבין. עס איז באַקוועמער... זוכט מען שוין טאַקע. נאָר עס מאַכט זיך עפּעס נישט קיין לייטישער שידוך. אַ רבי, ווי ס'געהער צו זיין, האָט דאָך זיין עולם און זיין אָרט. און ווידער אַבי־וועער גלוסט זיך אים נישט, דעם יידן. אַזוי האָט ער בפירוש געזאָגט ר' אברהם בערן.

ר' אברהם בער האָט אַ טראַכט געטאָן, ווען מען זוכט דאַרטן

אזוי א רב, וואָלט אפשר געווען א שעת־הכּושר. און ער האָט די מחשבה זיינע ארויסגעזאָגט דעם יידן. סתם אזוי, פארשטייט זיך. גאָר ער האָט זי ארויסגעזאָגט מיט אזא הארציקן שמייכל, אז ער האָט דעם ווייבן תקיף א נעם געטאָן. ר׳ אברהם בער איז אים ממש אריין אין הארצן און א געדאנק איז געבוירן געוואָרן:

— מ׳דארף טאַקע ביי אונז א רב אויך האָבן, מחמת דער רבי ז״ל איז ביי אונז געווען רב און רבי. וואָס־זשע דען? מיר האָבן א צד שכנגד. ס׳איז אזוי: די געווער חסידים, וואָס זענען אונזער רבין געווען די גרעסטע שונאים, האָבן געמאַכט פון אים הוכא וטלולא, ווילן איצט אויפנעמען דעם איידעם זיינעם פאַר רבי, מחמת ער איז א זייעריקער. איר פארשטייט? מיר, ס׳הייסט דאָס גאַנצע שטעטל, האלטן אָבער נישט פון אים און מיר ווען עם בשום אופן נישט צולאָזן — בשום אופן נישט, — האָט דער ייד זיך געגומען קאָבן... — און מיר זענען, געלויבט דער אויבער־שטער, גרעסערע תקיפים פון די עטלעכע מנינים געווער עזות־פּנימער און מיר ווען איה״ש אויספירן, נישט זיי... — — — קיין רבי וואָלט איר נישט געוואָלט זיין? רב און רבי! — וואָס?

— פאַרשטייט זיך, אז נישט.

— פאַרוואָס נישט?

— פּשוט, ווייל איך בין נישט קיין רבי.

— נו, ווען מיר אייך מאַכן פאַר א רבי.

— חס ושלום! מ׳מאַכט נישט קיין רבים! רבים מאַכן חסידים, אָבער חסידים קאָנען נישט מאַכן פאַר קיין רבין — אויב מען איז עס נישט.

— זאָג איך אייך, אז איר זענט פונקט אזוי ראוי, ווי א סך גרויסע רבים, — האָט זיך דער ייד אָפּן דערקלערט פאַר ר׳ אברהם בערס א חסיד — — — ווייסט איר גאָר וואָס, ווערט ביי אונז רב, — האָט דער ייד פאַרגעשלאָגן מיט אן אונטער־מחשבהדיק ציילט! איך ווייס, אז איר זענט געווען רב אין זשעלעכיץ, אז מען שפּיצל קענן די געווער. — איך ווייס! מ׳האָט מיר שוין אַלץ דער־האָט דאָרטן פון אייך שטארק געהאלטן.

— ווער האָט אייך דערציילט?

— כ׳האָב געהערט פון א סך מענטשן דאָ, וואָס האַלטן אויך פון אייך.

ר׳ אברהם בער האָט געשמייכלט, געזוכט צו פאַריאָגן דאָס שטיקעלע תענוג און נישט געקאָנט.

— וועלן מיר אייך דערווייל אויפנעמען פאַר א רב בלויז, אַבי נישט צוצולאָזן דעם גערער מחוצף, — האָט דער ייד ווייטער גערעדט מיט רוגזה קעגן גערער מחוצף.

— אויף מחלוקת איז אָבער נישט גוט צו גיין, — האָט ר׳ אברהם בער געזאָגט און געטראַכט, אַז אויב ס׳מאַכט זיך שוין עפּעס, מוז עס זיין מיט א פּגימה.

דער ייד איז אַלץ מער נתפּעל געוואָרן פון ר׳ אברהם בערן און נישט רעכענענדיק זיך מיט זיין ענטפער מכח די מחלוקת, האָט ער אים מעשה־סוחר פאַרגעשלאָגן צו זיין גרייט אריינצופאָרן אין זיין שטעטל, אויב ער וועט שיקן נאָך אים.

— דעמאָלט וועט איר זיין זיכער, אַז איך האָב באַזייטיקט דעם כנגד און איר וועט חלילה נישט האָבן קיין מחלוקת.

ר׳ אברהם בערן האָט עס נישט געשמעקט. נאָר אזוי ווי ער האָט נאָך געצווייפלט אין דער גאַנצער זאַך — האָט ער א זאָג געטאָן:

— מילא, אַז עס וועט שוין האַלטן דערביי, וועט מען זען.

— מיטן אויבערשטנס הילף וועט עס האַלטן. ס׳וועט האַלטן און איך זאָג אייך בהן שלי, אַז אויב מיר וועלן שיקן נאָך אייך, וועט אַלץ זיין גלאַטיק.

צוויי וואָכן שפּעטער האָט ר׳ אברהם בער באַקומען א בריוו פונם יידן, געחתמעט פון נאָך עטלעכע בעלי־בתים, אַז מען וויל אים אויפנעמען פאַר רב. אויב ער איז מרוצה, וועלן זיי ארויס־שיקן צוויי בעלי־בתים און אים אריבערנעמען. ווייטער זאָגט דער בריוו, אַז די צוויי חשובע בעלי־בתים וועלן מיטברענגען מיט זיך א כתב־רבנות, געחתמעט פונם גאַנצן שטעטל... און אפילו מיט א תנאי, אַז אויב ער וועט חרטה האָבן און נישט וועלן אָננע־מען די שטעלע, זאָלן זיי אים אומקערן די הוצאות בכבוד גדול.

ביי ר׳ אברהם בערן אין הויז איז געוואָרן ששון ושמחה.

ר׳ אברהם בער אליין האט זיך אויך געפרייט, נאר איין זאך האט אים געקוועלט — אפשר גייט ער אמאל אויפן גערערס ברויט?

רייזעלע האט פונם גרערער מחוצף גארנישט געוווסט, מחמת ר׳ אברהם בער האט איר וועגן אים נישט דערציילט. — ער האט זיי געענטפערט מיט א בריוו, אז ער איז גרייט.

אלס ענטפער האט זיך אין א פרימארגן באוויזן נעבן ר׳ אברהם בערס דירה א בריטשקע, געשפאנט מיט צוויי ברוינע פערדלעך, וואס האבן אויסגעזען גארנישט קבצניש. פון דער בריטשקע זענען ארויסגעקראכן צוויי פארהילטע יידן, ווי ס׳וואלט געווען אין א פראסטיקן ווינטער־טאג. דער פורמאן איז ארויס פונם הייפל מיט דער בריטשקע. שכנים האבן אים נאכגעווארפן אויגן... די יידן זענען אריין צו ר׳ אברהם בערן אין הויז.

רייזעלע איז אראפ פון דער קושעטקע, אריינגעבעטן די יידן אין דער עס־שטוב, געבעטן זיי זיצן און א ווונק געטאן צו דבורה־לען, זי זאל גיין אהיים רופן דעם פאטער.

ר׳ אברהם בער האט פארגעסן אינם גרערער. ער האט זיך דער־פרייט.

— זאגסטו, אז זיי זענען דא? געלויבט השי״ת פאר דער בשורה. — ער האט עפעס געזאגט שטילערהייט און זיך געאיילט. ער איז אריין א שיינענדיקער.

— זיצט, זיצט, נישקשה!

די יידן האבן זיך צוריגעזעצט.

ר׳ אברהם בער האט געבעטן דבורהלען, זי זאל מאכן טיי. רייזעלע איז נאך געבליבן זיצן אביסל. לשם טאקט. זיך אנטשול־דיקט און איז צוריק ארויף אויף איר קושעטקע.

דבורהלע האט אויסגעזוכט די שענסטע לעפעלעך, אויסגעפוצט די גלעזער, ווי קריסטאל, און מיט חשק אריינגעטראגן די טאץ מיט דער רויטלעכער, לויטערער טיי.

די יידן האבן געזופט פון דער טיי און אויסגעטאן די בלויע שאליקעס פון ארום די העלזער.

ר׳ אברהם בער האט זיי פארבעטן אויף אנבייסן.

דבורהלע האט היינט געבארגט אין געוועלבל מער ווי תמיד און אלס פראצענט געמוזט דערציילן דער קרעמערקע, ווער עס

זענען די יידן, וואָס זי האָט געזען צופאָרן, נאָך וואָס זענען זיי געקומען, צי זיי קערן זיך עפּעס אָן מיט זיי, ווען פאָרן זיי אַוועק, אָדער אפשר רעכענען זיי גאָר דאָ צו פאַרבלייבן. און ווי קאַרג דבורהלע האָט נישט געפּרוווט זיין, האָט זי פאָרט שיעור נישט צופרידנגעשטעלט די קרעמערקע.

נאָכן אָנבייסן איז די בריטשקע ווידער אַמאָל פאַרפאָרן נעבן הויז. די יידן האָבן צוריק אַרומגעוויקלט די שאַליקעס אַרום די העלזער, געראַטן ר׳ אברהם בערן, ער זאָל זיך אָנטאָן וואַרעם, מחמת אויפן וועג איז קאַלט, געהאָלפן אים אַריינקריכן אין דער בריטשקע, געזען, עס זאָל אים זיין גוט צו זיצן. זיך אַליין אויך נישט פאַרגעסן, און מען איז אַוועקגעפאָרן.

מיכאל איז געקומען צו לויפן ווי אַ ווילער, נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. די בריטשקע איז שוין געהאַט אַוועקגעפאָרן.

— זייער גלייך, — האָט רייזעלע געזאָגט, — אַז מען לויפט גאַנצע טעג אַרום. ווען דו וואָלסט אָבער געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט, וואָלסטו דאָך געוווּסט!

עס זענען אַוועק גאַנצע צוויי וואָכן און מען האָט נישט גע־הערט פון ר׳ אברהם בערן קיין וואָרט. אַ חוץ איין קאַרטל, וואָס זיי האָבן דערהאַלטן, געשריבן באַלד ווי ר׳איז אַהינגעקומען, האָט ער קיין אות נישט צוגעשיקט.

דער פּסח האָט זיך דערווייל דערנענטערט. רייזעלע האָט באַ־קומען צוגעשיקט עטלעכע רובל פונם פאָטער און נישט געוווּסט וואָס פריער מיט זיי צו טאָן.

די קרעמערקע מאָנט, רייסט ממש די פּאָלעס. דבורהלע האָט זיך פּשוט אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אין קרעמל, ביז מען וועט איר נישט געבן עטלעכע קערבלעך צו באַצאָלן איר, דער קרעמערקע, וואָס איז פון טאָג צו טאָג דרייסטער געוואָרן. געוואָלט וויסן אַלץ, וואָס טוט זיך ביי זיי אין הויז, און באַקומען מער חוצפּה מיט יעדן טאָג. זי פלעגט זיך שוין בכלל נישט אומקוקן אויף דבורהלען. זי פלעגט באַדינען אַנדערע קונים און זי געלאָזט שטיין. האָט זי איר אַריינגערוקט די עטלעכע קערבלעך, געדעקט דעם חוב און אין שטוב איז ווידער נישט געווען קיין גראָשן.

אין דער לופט האָט זיך שוין געטראָגן דער וואַרעמער, גע־

שמאַקער ריח פון פרישער מצה. אין יידישע געסלעך שמעקט פון געזייערטע באָרקע־באָרשט, פון ציבעלעס, כריין און פּיעטרעשקע, פון דאגות, ווו מען נעמט אויף פסח און פונם פסח אליין. יעדעס שטיינדל, יעדעס איינגעדאַרטע ביימל זעט אויס ערב־פּסחדיק גע־שטימט. טרעגער־יונגען זענען אָפּגעוואַשן, טראָגן פּאַפּירענע היטלען אויף די קעפּ און נייע זאַקענע פאַרטוכער אויף די פּלייצעס, פייפן אונטער אַ פריילעכס און טראָגן נאָך צעפּלאָמטע באַלעבאָסטעס די קוישן מצה פון בעקערשע קעלערס אַרויס... באַלעבאַטים טראָגן זעקלעך שמירה, ווי ציטעריקע קינדער. אין גאַס איז פריילעך, לעבע־דיק. אַפילו די דאגות האָבן אַ באַזונדערן חן היינט. יידן טאַראַראַמע־ווען, גוים פאַרצוקערן די פורלעך קאַרטאָפל, באָרקעס, הינער און אייער, — אויף אייער זאָלט איר שוין גאָרנישט פרעגן, נישט צוצו־קומען! אין מאַרק איז סכנות־נפשות. יידן ליאַרמען, גוים פאָרן אַהיים מיט אויסגעליידיקטע פורלעך, נאָך איידער זיי באַווייזן זיך רעכט.

ביי רייזעלען אין שטוב זעט זיך נישט אָן דער ערב פּסח. שטיל ווי תמיד, ליגט זי אויף דער קושעטקע, קוקט אַריין אין אַ ספרל, ווי זי וואָלט נישט געוווּסט, אַז עס זענען נאָך בסך־הכל פאַרבליבן נישט מער ווי צען טאָג צו פּסח. אין שטוב פילט זיך אַ שטילער צער, וואָס יעדער היט זיך נישט צו אַנטפּלעקן פאַרן אַנדערן. יעדער קלערט איבער פאַר זיך: — וואָס פאַרט האָט געשען? מען זאָל נישט ענטפערן אויף קיין ברייוו?

ענדלעך זעקס טעג פאַר פּסח, איז ר׳ אברהם בער געקומען צו פאָרן. אַוועקגעזעצט זיך — פונקט ווי דעמאָלט אין זשעלעכיץ, בעת ער איז געקומען מיטן פּלאַן מכח דער ישיבה — אויף אַ שטול קעגנאיבער רייזעלעס קושעטקע און שטיל, מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, דערציילט, אַז „עס וועט איה״ש זיין ווויל ווי די וועלט״ — אויב, אויב זי, רייזעלע, וועט נאָר וועלן, אויף וואָס רייזעלע האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן און אים לאַנג אָנגע־קוקט: צי האָט ער שוין נישט געפּאַקט אַמאָל אַ נייע צרה?

— עס איז אַזוי, — האָט ר׳ אברהם בער געפּרוווּט אויסזען געלאַסן, נאָר ס׳איז אים נישט געלונגען. אין יעדן קנייטש איז גע־

לעגן באַהאַלטן אומרואיקייט. — קיין רב דאַרף מען דאָרט דערוויילנישט.

רייזעלעס אויגן זענען גרעסער געוואָרן נאָך.

— נאָר? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

ביי ר׳ אברהם בערן האָט זיך ס׳מויל נישט געקאָנט עפענען אויף גאַנצע פינף מינוט.

— נאָר אַ — — — — אַ רבין.

— וואָס?!

— ס׳הייסט, ס׳איז אַזוי: דער פריערדיקער, אונז צו לאַנגע יאָר, איז געווען רב און רבי. געהאַט פרנסה בריוח און בכבוד גדול. איצט ווילן זיי האָבן אַ נייעם רבין.

— איז וואָס־זשע? — האָט רייזעלע נישט פאַרשטאַנען און האָט אים אונטערגעבראָכן אין מיטן דערציילן.

— ווילן זיי, — האָט ער געזאָגט אַזוי שטיל, אַז רייזעלע האָט זיך געמוזט צונייגן, כדי אים צו הערן. — זיי האָבן געהערט, זאָגן זיי, אַז איך בין ב״ה דער גרויסער מיוחס און פון מיר אַליין האָבן זיי אויך געהערט, ס׳הייסט, איך געפעל זיי ב״ה שטאַרק. זיי זאָגן מיר צו פרנסה בהרחבה. איך האָב ב״ה געהאַט אַ סך כבוד. ס׳גאַנצע שטעטל וויל מיך האָבן בכל לב ונפש. פאַר — — — — הממ... זיי ווילן האָבן אַ נייעם רבין!

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט — האָט רייזעלע געזאָגט.— איז וואָס־זשע — וואָס־זשע פאַר אַ שייכות האָט דאָס מיט דיר? זיי האָבן דאָך דיר געבראַכט אַ כתב רבנות?

ר׳ אברהם בער האָט זיך באַגאָסן מיט שווייס.

— ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אַן איידעם דעם פריערדיקנס וויל באין אופן נישט אָפּטרעטן. ער איז, טענהט ער, דער איינציקער, וואָס האָט אַ רעכט צו זיין דער ממלא־מקומו, און ער וועט נישט דערלאָזן, אַז אַ פרעמדער זאָל פאַרנעמען זיין שווערס כסא רבנות. קומט אויס צו גיין אויף מחלוקת, און ער האָט אַ צד אויך. ער איז אַ גערער חסיד און די גערער, וואָס האָבן פון שווער זיינעם אָפּגעחוזקט און אים גערודפט, האַלטן פון אים דווקא יאָ. און זיי וועלן נישט דערלאָזן קיין אַנדערן, עס זאָל זיך אַפילו גיסן בלוט אין די גאַסן. אַ חוץ זיי איז דער כתב רבנות טאַקע געווען אונטערגעשריבן פונם גאַנצן שטעטל כמעט. און די בעל־בתים זאָגן מיר צו, אַז מיט

השי״ת הילף וועלן זיי אויספירן אויך. נאָר וואָס דען? עס דאַרף נאָך נעמען אַביסעלע צייט. ווילן זיי, אַז איך זאָל קודם־כל אריין. עס וועט אונז מיט השי״ת הילף זיין ווויל ווי די וועלט. זיי זענען ערלעכע יידן און זיי מיינען אַלץ ערנסט. — איר וועט דערווייל זיין אונזער רבי, אונזער פירער, — זאָגן זיי צו מיר, — און מיר זאָגן אייך צו, אַז מיר וועלן אויספירן — נישט זיי. — לכתחילה האָט זיך עס מיר שטאַרק נישט געגלוסט, נאָר זענענדיק, אַז דאָס האָט שוין נישט קיין שום שייכות מיטן אמתן ממלא מקומו... מיינסט, זיי האָבן סתם גערעדט? חס ושלום! זיי מיינען עס מיטן גאַנצן האַרצן. פּופּציק רובל האָבן זיי מיר געגעבן אויף צו מאַכן יום־טוב. עס האָט נישט געהאָלפן קיין רייד. זיי האָבן מיך ממש געגנויט, איך זאָל צונע־מען. הגם איך האָב זיי נישט אינגאַנצן צוגעזאָגט, מחמת איך האָב דאָך נישט געוווסט, צי דו וועסט באַשטיין.

— „טוט אונז צוליב און נעמט צו״, — האָבן זיי זיך ממש געבעטן מיטן געלט, — „און מאַכט אַ יום־טוב כיד המלך״.

רייזעלע האָט לאַנג געשוויגן.

ר׳ אברהם בער איז שוין מיד געוואָרן זיצנדיק. ער איז אויפ־געשטאַנען און אַרומגעדרייט זיך הין און צוריק איבער דער שטוב. געווישט דעם שווייס פון שטערן מיט דער קעשענע־פאַטשיילע. אַ פערטל שעה איז פאַרביי, אַ האַלבע שעה, זי ענטפערט נישט. זאָגט נישט קיין וואָרט. קוקט אים נאָך די טריט מיט אירע צוויי גרויסע, גרויע, מעלאַנכאָלישע אויגן, וואָס בריען אים, ווי אָנגעגליטע קוילן.

דבורהלע איז געקומען פון געוועלבל. דערזען דעם פאָטער, איז זי אַזש רויט געוואָרן פאַר שמחה.

— גוט נ׳אָוונט, טאַטעשי? ווען איז דער טאַטעשי געקומען? פאַרוואָס טוט זיך דער טאַטעשי נישט אויס? ס׳איז דאָך צו־וואַרעם? זאָל איך מאַכן טיי? — און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, נעמט זי זיך פאָרען און עס שטייט שוין טיי אויפן טיש. — וואָס מאַכט דער טאַטעשי?

— נישקשה, דבורהלע, נישקשה, — האָט זיך ר׳ אברהם בער דערפרייט, וואָס אימיצער רעדט צו אים.

— וועט דער טאַטעשי ווערן דאָרט רב? — קאָן זי זיך שוין לענגער נישט איינהאַלטן.

— מסתמא! — ענטפערט איר ר׳ אברהם בער און כאַפּט

אַ באַהאַלטענעם בליק אויף רייזעלען, וואָס ליגט נאָך אַלץ אין דער אייגענער פּאָזע אויף דער קושעטקע אין שווייגט: שווייגט פאַרביסן, פאַרביטערט און עקשנותדיק. נעבן די מויל־ווינקלען האָבן זיך די קנייטשן טיפער נאָך איינגעקאַרבט. זי שמייכלט, דאַכט זיך? צי איז עס אַ גרימאַסע אַזאַ? אַזאַ מין אָנגעווייטיקטקייט, וואָס זעט אויס ווי אַ ביטערער שמייכל וואָלט זיך איר צעלייגט אויפן איינגעדאַרטן פּנים. אָדער וויינט זי? אָדער אפשר אַלץ צוזאַמען. זי ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

ר׳ אברהם בערן ווערט מאָדנע וואַרעם ביים האַרץ און פון צופיל וואַרעמקייט נעמט אים אַזש אָן אַ נישטגוטקייט. עס הויבט אים אָן שטיקן אין האַלז. ער צעהוסט זיך און בעט ביי דבורהלען אַביסל וואַסער. זי טראָגט עס אים צו און פאַרשטייט נישט, וואָס דאָ קומט פאָר. זי האָט ערשט איצט דערזען, ווי די מוטער ציטערט אינגאַנצן. ר׳ אברהם בער גיט אַ שליק פון דעם גלאָז, פאַרלייגט די הענט אויפן רוקן און הויבט אָן האַסטיקער נאָך אַרומדרייען זיך איבערן חדר.

— אוי, אוי, אוי, רבונו של עולם, העלף שוין פאָרט אַמאָל. אוי, רחמנותדיקער באַשאַפער פון אַלע עולמות עליונים ותחתונים! — וואָס־זשע דען זאָלן מיר טאָן? — ווענדט ער זיך פלוצלונג צו רייזעלען, ווי זי וואָלט געווען דער רבונו של עולם: — זאָלן מיר אויסגיין פאַר הונגער? זאָג, אדרבא! איך האַלט מיך דען פאַר אַ רבי? אַ מנהיג ווילן זיי, כ׳זאָל זיין. אַ מנהיג. לערנען מיט זיי אַ שיעור קען איך דאָך אַלץ. לערנען מיט פשוטע יידן אַ שיעור און זיין זייער מנהיג.

רייזעלע ענטפערט נישט.

— איז וואָס איז דאָ די עולה? זאָג, אדרבא, וואָס־זשע דען זאָלן מיר טאָן? — בעט ער זיך ביי איר, ווי ביי אַ גזלן, נאָר זי שווייגט. אַ שמייכל, וואָס זעט אויס סיי האַרט — ציניש כמעט — סיי רחמנותדיק, פּיעשטשענדיק, ווי אַ קינדעריש געבעט, ליגט באַהאַלטן אין די צוויי טיפע קאַרבן אַרום מויל. פלוצלונג צעלאַכט זי זיך, נישט ווי איר שטייגער.

— דו האָסט נאָכנישט אָנגעהויבן, דאַכט זיך, און דו קענסט שוין די מלאכה? — זאָגט זי צו ר׳ אברהם בערן מיט אַזויפיל חוזק

און אזויפיל ביטול אינם קול, אז ר' אברהם בער דערפילט זיך פלוצלינג מאָדנע שפלדיק און באַליידיקט.

— אָט האָסטו געזאָגט, אז דו גייסט ווערן אַ רבי, און שוין זאָגסטו, אַז אַ מנהיג! וואָס־זשע פאַרא טענות קאָנסטו האָבן צו אים דאָ? — פרעגט זי און קוקט אים אָן מיט אַ שאַרפקייט פון אַ שטרענגן ריכטער, וואָס וואַרט אויף אַן ענטפער פונם באַשול־דיקטן.

איצט איז געקומען ר' אברהם בערס טערמין צו שווייגן. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך דערפילט נאָך מער פאַסקודנע. ער האָט דערפילט, אַז זי איז גערעכט. אַז עס איז ממש אַ חרפה, ער זאָל גאָר געווען טראַכטן מכח טאָן אַזאַ זאַך. אַז די יידן דאָרט אינם שטעטל מיטן טרויעריקן מצב דאָ האָבן אים שיעור פאַרפירט. און ער דערפילט אַ מין דאַנקבאַרקייט צו איר דערפאַר, וואָס זי האָט אים באַצייטנס געראַטעוועט. זי איז תמיד גערעכט, — זאָגט ער זיך, — תמיד! זי איז די אמתע הכמה. און אַ דערלייכטערטער, ווי מ'וואָלט אים אַראָפּגענומען אַ שווערע משא פונם האַרצן, נעמט ער זיך זופּן די טיי, וואָס איז שוין לאַנג קאַלט געוואָרן.

— דו שלאָפסט? — האָט ר' אברהם בער שפּעטער אַביסל געוועקט רייזעלען אין קעגנאיבערדיקן בעט.

— ניין, — האָט רייזעלע נאָך אַלץ אַ ברוגזע שטיל גע־ענטפערט.

— הערסט, ביזט גאַנץ גערעכט. איך האָב באַרעכנט, אַז ביזט זייער גערעכט. אַ מענטש קאָן זיך לאָזן אַמאָל פאַרפירן, בפרט אַז מען איז אין אַזאַ מצב, ווי מיר זענען. איך וועל עס נישט אָנ־נעמען און פונם געלט וועל איך מיר נאָר אויסבאָרגן אויף יום־טוב־מאַכן. דאָס איבעריקע וועל איך זיי איה"ש באַלד נאָך יום־טוב אָפּשיקן און מסתמא וועט השי"ת נישט פאַרלאָזן. אפשר וועסטו מיט די קינדער אַהיימפאָרן אויף אַ שטיקל צייט, ביז דער אויבער־שטער וועט עפּעס צושיקן. איך וועל מיך אַזוי אַרום גיכער קאָנען אַרומזען.

רייזעלע האָט זיך איבערגעבעטן, און ר' אברהם בער, אַ מידער און אַ דערלייכטערטער, איז אַ צופרידענער איינגעשלאָפן.

דבורהלע און מיכאל האָבן זיך ערשט אינדערפרי דערוווּסט,

אַז פון דעם שטעטל איז גאָרנישט געוואָרן... דבורהלע האָט עס געהאַלטן פאַר אַ „ריין אומגליק". נאָר זי האָט נישט קיין צייט געהאַט קיין סך צו טראַכטן. דער פסח איז שוין געווען אַזוי נאָנט און בײַ זיי אין הויז איז אינגאַנצן וואָכעדיק נאָך. אגב, האָט איר דער פּאָטער געזאָגט, אַז עס איז ב"ה דאָ געלט אויף יום־טוב, האָט עס איר אַביסל געטרייסט. זי האָט נאָך אַ לאַנגן אַרומזוכן עמעצן, וואָס זאָל איר העלפן מאַכן אַלץ פּסחדיק, געבראַכט צו פירן עפּעס אַ מין פאַררעסטעטע יידענע און זיי האָבן זיך צוזאַמען אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט...

די יידענע האָט זיך געדרייט איבער די שטובן, געקראַצט מיט אירע איינגעדאַרטע, צעדרייטע הענט — ווי צווייגן פון געשטאָרבענע בוימער — אויף טישן און בענק, פּאָליצעס און פּאָדלאָגעס. געשאָקלט מיטן לײדיקן זעקל אונטער דער גאָמבע און געקרעכצט. געווישט די רויטע, אייטערדיקע אויגן און דערציילט רייזעלען, אַז זי האָט נאָכנישט קיין סימן פון קיין יום־טוב אין שטוב.

— אַז מען קאָן נישט שנאָרן, — האָט זי באַדויערט, — איז ביטער! אַרבעט מען צום טויט, אַלע גוים, און מ'האָט קרענק. אַזוי איז עס שוין, — האָט די יידענע פילאָזאָפירט און געווישט מיט די פאַרריסטע פינגער אויפן שוואַרצן פּנים. איבערגעלאָזט סימנים פונם יום־טוב אויף דער נאָז און געאַרבעט מיט אַלע כחות אַרום דעם חמץ אין די שפּאַלטן.

ר' אברהם בער האָט באַשטעלט שמורה פאַר זיך מיט רייזעלען, מצות פאַרן „הויזגעזינד". זיך אויף אַ האָר נישט פאַרשפּעטיקט. דער יום־טוב איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן על רגל אחת. מ'האָט נאָך אַלץ באַוויזן.

רייזעלע האָט געזען, אַז די יידענע זאָל אויך געניסן פונם אויסגעבאָרגטן געלט, און זי האָט טאַקע געהאַט סימנים פונם פּסח, נישט נאָר אויף דער נאָז, נאָר אין שטוב אויך.

מיכאל האָט דעם גאַנצן ערב־פּסחדיקן הוהא אויסגעמיטן. ער איז געלעגן אויף דער בית־המדרש־באַנק (נישט דעם רבינס) און געפּרוווט מאַלן „מענטשעלעך" — אַזוי האָט ר' אברהם בער גערופן מיכאלס קונסט־מאָלעריי — צו וואָס ער האָט זיך לעצטנס גענומען מיט גרויס חשק. און ווען ער איז אהיימגעקומען אָפּעסן, האָט ער זיך געאײַלט צוריק, מחמת די יידענע האָט אים

ממש פארטריבן פון הויז. נאָר דעם צווייטן אָוונט פון זינט זי איז געקומען האָט זי אים געגעבן א קאָמפּענסאציע. ער איז אהיימגע־קומען און געזען, ווי די יידענע, מיטן קלייד ארויפגעשפּילעט נאָך, שטייט און קוועלט פון די פּעקלעך אין ברוין פּאַפּיר, וואָס ליגן אויפן נאָר־וואָס אויסגעשייערטן דיל, גרייט פאר אירעטוועגן מיט־צונעמען אהיים. ער האָט א טראכט געטאָן, אז מען דאַרף איר פּרווון צייכענען. און נישט לאַנג געקלערט, האָט ער ארויסגעשלעפּט פון קעשענע א בליישטיפט מיט פּאַפּיר. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. די יידענע אודאי נישט. נאָר ווען ער האָט איר א בעט געטאָן, זי זאָל אביסל אויסדרייען דעם קאָפּ און העכער ארויפשפּילען די פאַרסאַרגעטע ספּאָדניצע, האָט זי אויף אים אָנ־געשטעלט אַזאַ פּאָר אויגן, אַזאַ פּנים, פאר וואָס מיכאל איז איר ס'גאַנצע לעבן דאַנקבאַר געווען.

דאָס איז געווען זיין ערשטע אַרבעט און זיין לעצטע, וואָס ער האָט נישט צעריסן.

באַלד נאָך פּסח האָט ר' אברהם בער אָפּגעשיקט דרייסיק רובל. און זיך פאַרענטפערט, פאַרוואָס ער קאָן עס נישט טאָן און נאָך מער דערפאַר, וואָס ער שיקט נישט אָפּ איינגאַנצן. ער האָט צוגעזאָגט אָפּצושיקן דאָס איבעריקע באַלד ווי ער וועט באַקומען א שטעלע. אויף דעם בריוו האָבן זיך ווידער אַמאָל באַוויזן די צוויי יידן: ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן קיין רעדן און קיין איינ־רעדן. ר' אברהם בער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

די יידן זענען צוריקגעפאָרן דערשלאָגענע. ס'טייטש! אַזאַ פאַרשעמונג. זיי האָבן בשום־אופן נישט געקאָנט משיג זיין, פאַר־וואָס ר' אברהם בער זאָל זיך אָפּזאָגן, ווען יידן, ערלעכע, פשוטע יידן, ווילן אים האָבן פאר זייערס א „מנהיג'', האַלטן פון אים, ווילן אים געבן פּרנסה בריוח. ער וויל נישט, מען זאָל אים האַלטן פאר א רבין, — האָבן מיר דאָך אים אַלץ נאָכגעגעבן! ער האָט געוואָלט הייסן „מנהיג'', זאָל זיין „א מנהיג''.

— מסתמא פּאַסט אים נישט צו זיין אונזער רבי. ווען די חסידאַקעס וואָלטן אים נאָר געוואָלט אויפנעמען, וואָלט ער שוין געדאַנקט גאָט! — האָבן די יידן גערעדט צווישן זיך מיט פאַר־דרוס.

צוויי טעג דערנאָך האָבן שווער און איידעם געטוישט זיך

מיט בריוו. ר' אברהם בער האָט. אוועקגעשריבן אַ בריוו צום שווער. ער האָט אים אַ חוץ דעם געוויינלעכן טיטל גערופן היינט: הגדול בישראל, צנא מלא ספרי א. אַ. וו. א. אַ. וו. אינם בריוו, האָט ער אים מסביר געווען געגנוי דעם מצב. געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז ער האָט זיך תמיד באמית און געזאָרגט צו קאָנען פאַרזאָרגן דאָס בני־בית מיט פרנסה, אַז אַזוי מוז עס זיין. אַז מסתמא איז עס מן השמים, קענן וועמען דער גרעסטער בריה קאָן שוין קיין חכם נישט זיין, אַז רייזעלע מיט די קינדער וועלן דער־ווייל מוזן זיין ביי אים, פאַרשטייט זיך אַ שטיקל צייט נאָר, ביז ער וועט געפינען אַ מקור פרנסה... אויפן דאָזיקן בריוו האָט אים דער שווער געענטפערט מיט אַ בלויזן „לכבוד חתני היקר המופלג וכו'.'' אָן שום ווייטערדיקע טיטלען, אַז ער זאָגט זיך חלילה נישט אָפּ פון זיין „קינד מיט די קינדער'', נאָר אַז ער, ר' אברהם בער, איז געווען און וועט בלייבן אַ בטלן.

קאַפּיטל אַכט

## איז אָבער מן השמים אַנדערש באַשערט געווען

אַרום צען טעג נאָך פּסח איז עס געווען. רייזעלע האָט זיך שוין געגרייט מיט די קינדער אַהיים, קומט צו גיין ר' אברהם בער אין דער באַגלייטונג פון אַ טונקל־פּנימדיקן יידן, מיט אַ קלוגער, פיין־צונקעמטער באָרד און אַ פּאָר ברוינע, לעבעדיקע אויגן.

— גוט נ'אָוונט!

רייזעלע האָט אים געענטפערט אַ קאַלטן „גוט־יאָר''. זי האָט געטראַכט: מסתמא שוין ווידער אויסגעפונען עפּעס אַ נייע צרה. אָבער וואָס אַרט עס איר? זי פאָרט אַהיים און צוריקקומען וועט זי שוין נישט אַזוי גיך. גענוג! — נאָר ווען ר' אברהם בער האָט זי אַריינגערופן, האָט זי פונדעסטוועגן נישט געקאָנט זיין גראָב און איז אַריינגעקומען.

ר' אברהם בער האָט איר אַרויסגערוקט אַ שטול און דער־ציילט איר, אַז ר' זלמן (אַזוי האָט געהייסן דער ייד) איז אַליין אַ וואַרשעווער, ער איז געקומען צום רבין מכח אַן ענין, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער ישיבה... און אַז אָט דער ר' זלמן ראָט אים, ער זאָל ווערן וואַרשעווער מורה־הוראה.

— דאָס וואָלט נישט געווען קיין שלעכטער פּלאַן, — האָט רייזעלע געשמייכלט, אַביסל סקעפּטיש און אַביסל צופרידן, הגם זי האָט זיך אַזוי געריכט, אַז מען קאָן דאָס סתם אַזוי מיר־נישט דיר־נישט ווערן וואַרשעווער מורה־הוראה, ווי זי האָט זיך געריכט, אַז די טיי דאָ זאָל אָנהויבן רעדן, און עפּעס פּאַרט האָט עס איר אַביסל הנאה געטאָן, בשעת ר׳ זלמן האָט געזופּט פון דער טיי און דערציילט, אַז אין אַ געוויסער וואַרשעווער געגנט דאַרף מען נויטיק האָבן אַ מורה־הוראה, מחמת ס׳איז אַ יידישע געגנט, און היות די שטאָט־מורה־הוראות וווינען ווייט, פוילן זיך די דינסטן צו גיין פרעגן שאלות און זענען פשוט מאכיל טריפות, רחמנא־לצלן, אַז ער, ר׳ זלמן, האָט דאָרטן אַ סך גוטע פריינט און באַקאַנטע און ער וועט זען, אַז יידן זאָלן זיך פאַרשרייבן לגבי דער פּענסיע. אגב, איז ער אַליין אַ בורר, קען זיך מיט אַ סך שטאָט־מורה־הוראות און ער וועט נאָך אפשר פועלן, מ׳זאָל באַשטימען אַ שטיקל פּענסיע פונם בית־דין. ער וועט זיי אויפווייזן, ווי ווייט מ׳נויטיקט זיך דאָרטן אין אַ מורה־הוראה, וואָסערע מכשולים עס קומען אַרויס א. א. וו. א. א. וו.

אָט דער ר׳ זלמן איז אין ווייניקער פון פינף מינוט היימיש געוואָרן, סיי מיט דבורהלען, וואָס האָט דערווייל אַריינגעטראָגן נאָך טיי, סיי מיט מיכאלן, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער אים ביים טיש און מכלומרשט אַריינגעקוקט אין אַ ספר, סיי מיט די ווענט, סיי מיט דער טיי און אַפילו מיט רייזעלען. זי האָט זיך איינגעהערט מיט אינטערעס אין אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, ר׳ זלמן, און געטראַכט, אַז ער איז אַ קלוגער ייד.

— מיטן רבין וועל איך אויך רעדן. ער דאַרף מיין טובה און ער וועט מיר, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּזאָגן — מיר זאָגט מען נישט אָפּ! — האָט ער צוגעגעבן מיט זיכערקייט. — איך וועל אים בעטן, אייגנטלעך פאַרלאַנגען פון אים, ער זאָל אַריינשרייבן צו זיינע חסידים פון יענער געגנט, געבן זיי אַ באַפעל, אַז זיי זאָלן מיר צוהעלפן אין דער אַרבעט. פאָלגט מיך! וואַרשע איז אַן עיר ואם בישראל; וואָס וועט איר דאָ אויסזיצן אינם קליינעם שטעטל?

דבורהלע האָט אַזש צעעפנט אַ פּאָר אויגן ביי די לעצטע ווערטער — ווי קאָן מען דאָס אָנרופן ר. אַ קליין שטעטל? ער

איז נאָך מסתמא קיינמאָל נישט געווען אין זשעלעכיוו, — האָט זי געטראַכט.

— עפּעס אַ קלייניקייט וואַרשע! — האָט ר׳ זלמן גערעדט מיט גדלות, ווי גאַנץ וואַרשע וואָלט געהערט צו אים. — שפּילט זיך מיט וואַרשע. וואָס קאָן מען נישט טאָן אין וואַרשע? אַז אַ ייד האָט שוין נישט קיין פּרנסה אין וואַרשע, וועט ער שוין אין ערגעץ נישט האָבן.

עס זענען פאַראַן אין וואַרשע אַ סך אַזעלכע מורה־הוראות, ווינקל־מורה־הוראות רופט מען זיי. און זיי האָבן אַלע פּרנסה. און איר וועט אי״ה נישט אָפּשטיין — פאַרקערט! איר האָט מער שאַנס פאַר זיי, מחמת אין אייך נויטיקט מען זיך. איר פאַר־שטייט?

ער האָט נאָך גערעדט און גערעדט, ר׳ זלמן, ווי ס׳וואָלט אים געגאַנגען אין לעבן אָדער אין דער פּרנסה, וויניקסטנס, אַז ר׳ אברהם בער זאָל וווינען אין וואַרשע. און גערעדט האָט ער מיט אַזוי פיל ענערגיע, מיט אַזאַ וועלט מיט זיכערקייט אין די אויגן; און דער פּלאַן איז געוואַקסן אויפן טיש — פון מינוט צו מינוט רייפער געוואָרן און אַלע אין שטוב אָנגעשטעקט מיט אַ חשק כאָטש די רגע אַרויסצוציען זיך קיין וואַרשע. ער האָט גערעדט אַזוי שכלדיק, אַלץ אַזוי געמאָסטן, צוגעשניטן, פאַר־זאָרגט, אַז עס איז נישט געבליבן קיין פּיצל אָרט פאַר קיין אַר־גומענטן אָדער ספקות. און עס איז געבליבן, אַז ר׳ אברהם בער זאָל צוזאַמען מיט ר׳ זלמנען אַריינפאָרן קיין וואַרשע, אַרומ־קוקן זיך און רייזעלע מיט די קינדער זאָלן זיך דערווייל אָפּ־האַלטן אַ וואָך אָדער צוויי פון פאָרן.

— פאָרן האָט איר דאָך תמיד צייט, — האָט ר׳ זלמן גע־געבן צו פאַרשטיין.

ביי דבורהלען האָט ס׳האַרץ געטיאָכקעט. אויף אַזוינס האָט זי זיך שוין נישט גערעכנט. ווי וואָלט געווען, ווען דער פאָטער קומט אַזוי צוריק און זאָגט, אַז זיי וועלן זיך טאַקע אויף אַן אמת אַריינציען קיין וואַרשע? ס׳וואָלט שוין איינמאָל גוט געווען, אַביסל בעסער ווי אָוועקצופאָרן צום זיידן! זי געדענקט נאָך, ווען זי איז מיט דער מוטער געפאָרן צוגאַסט מיט עטלעכע יאָר צו־ריק. וואָס האָט זי דאָרטן געהאַט? די באָבע איז כסדר געווען

פּאַרטאָן מיט אירע איינגעמאַכטצן און סאָק און וויקעלעך און פּאָווידלע. גאַנצע טעג האָט געפּאַלעט דער אויוון, פון דער קיך איז דאָס פייער אַ מינוט נישט אויסגעגאַנגען.

אין שטוב איז געווען פון אַלעם גוטן, נאָר רירן האָט מען נישט געטאָרט. אַלץ האָט מען געדאַרפט אויפן ווינטער: די קאַרשן, די אַגרעס, די מאַלינעס, די יאַגדעס. דערנאָך די פלוי־מען, די באָרוווקעס, אַ שטייגער ווי זומער דאַרף מען נישט עסן. ווי אַלץ, וואָס וואַקסט, וואַקסט לכבוד ווינטער, און זומער האָבן מענטשן נישט קיין רעכט צו כאַפּן אַ נאַש. אַזוי איז זי, דאַכט זיך אַ גאַנץ גוטע, די באָבע, דערלאַנגט, טראָגט צו פונם שענסטן און פון בעסטן: פיש, פלייש, זופּ — דאָס יאָ! אדרבא ואדרבא, מיטן גרעסטן כבוד! זי איז גאָר גליקלעך, אַז מען עסט. טאָמער נישט, גייט עס איר אין לעבן. נאָר נישט נאַשן! נישט דאָס, וואָס דו ווילסט, דאָס, וואָס דו האָסט ליבער פון אַלע געריכטן, וואָס זי גיט דיר מיט אַזאַ ברייטהאַרציקייט. טאָמער נעמסטו אַן אַגרעס, ביזטו נישט קיין לייט, ביזטו אַ נאַשערין, אַ קאַץ, נישט דערצויגן, און וואָס ביזטו דעמאָלט נישט? און טאָמער איז דיר וויינציק? גייט זי זיך גאָר פּאַר אַ צולאָג אַוועק אין שול אַריין דאַוונען — יעדן פרימאָרגן — און נעמט מיט זיך מיט דעם גאַנצן בונט שליסלען. אַזוי, אַז מען קאָן חלשן, קאָן מען זיך צו גאָרנישט נישט צורירן. אַ גליק אויף דיר, אַז דאָס טוט זי צוליב דעם, וואָס זי האָט אַמאָל געכאַפּט די דינסט ביי אַן עברה... דערפאַר דאַרפסטו פאַסטן, וואַרטן מיטן אָנבייסן, ביז זי וועט צוריקקומען פון שול. אמת, אַז זי גיט דיר נאָכדעם אַן אָנבייסן פיד המלך, פון סמעטענע מיט יאַגדעס, פון געקאָכטע שוואָמען און פּוטער, פון פרישע בייגעלעך מיט פּוטער און קעז, פון דער אמת־שמעקעדיקער קאַווע, נאָר אַליין טאָרסטו זיך נישט צורירן. און קומט דאָנערשטיק, ביזטו דאָך שוין אַ טאָפּלטער אַרעסטאַנט. דעמאָלט האָט דאָך עפּעס די לאַנגע מלכה אויך אַ שטיקל דעה. עפּעס אַ קליינקייט וואָס זי טוט אויף אין אַ דאָנערשטיק! ברויט באַקן קען די באָבע נישט אַליין און מוז אָנקומען צו דער לאַנגער מלכה, און די לאַנגע מלכה ווייסט עס, און איז ביי זיך געהויבן, מער ווי דער שטאָט־פּרעזידענט. בפרט נאָך, אַז זי באַקט די חלות אויך און מאַכט סיי דעם פּוטער, סיי דעם פּאַרע־

ווע קוכן, סיי די אייער־קיכלעך. סיי די אויל־קיכלעך און די פלעצלעך און די מאַנדל־ברויטלעך. און קנעט און וואַלגערט און שניידט די פאַרפל און די לאָקשן און די ספּעציעלע לאָקשן אויף אַ קוגל. און אָפּגעהיטן זאָלסטו ווערן, זאָלסט זיך צורירן צו איר לאָקשן־ברעט, אָדער ס'זאָל זיך דיר פאַרגלוסטן צו כאַפּן אַ וואַרעם מאַנדל־ברויטל, ווען זי האָט עס נאָר־וואָס אַרויסגענומען פון אויוון. ווען ס'וואָלט געווען איר פּריוואַט־אייגנטום, וואָלט זי נישט געדאַרפט מאַכן מער לאַרעם! און עס ענדיקט זיך נאָך נישט מיט דעם. נאָך אירע געשרייען, קומט אַ פּאַרציע מוסר פון דער באָבען און פון דער מומען, וואָס עסט שוין אפשר צוואַנציק יאָר קעסט און האַלט זיך אויף פאַר אַ דעה־זאָגערין. דערנאָך אַן אָפּחוזקן פונם פעטער און לסוף אַ ווײַסטע מפּלה פון דער מאַמען. און טאַמער ביזטו נאָך נישט פאַרטיק, שיקט מען דיך פרייטיק אינדערפרי אָפּשטאַטן וויזיטן ביי בכבודיקע אָרעמעלייט און זיי אונטערשטופּן אַ בולקע אַזוי גרויס ווי עוג מלך הבשן מיט אַ האַלב פונט כשר־געמאַכט פליייש. מעג רעגענען, מעג די זון פּאַלען, ווי דער באָבעס אויוון אין דאָנערשטיק, מוזטו זיך שלעפּן מיט אפשר צוואַנציק בולקעס, מיט צען פונט פליייש, און פאַר טייל אויסדערוויילטע, נאָך אַ שטיקל געקאָכטע פיש פאַר אַ צולאָג, און אָפּגעהיטן זאָלסטו שוין טאָקע ווערן, זאָלסט זיך אָפּזאָגן פון דערדאָזיקער מצוה.

דער זיידע ווידער זיצט אַ גאַנצן טאָג ביי זיך אין חדר, ס'הייסט אין דער בית־דין־שטוב און לערנט. קוקסט אים נישט אָן פאַר די אויגן. און טאָמער קומט ער שוין יאָ אַריין, וואָלסטו געוואָלט עפּעס רעדן צו אים, אָדער על כל פּנים הערן אים רעדן (אים האָסטו גראָד ליב סכנות נפשות), רעדט ער צו דיר טערקיש — נו און נו־אָ — און מער הערסטו נישט, און די „נוס" מיט די „נו־אָס" וואַרפן אַריין אין דער ליבשאַפט, וואָס דו האָסט צו אים, אַ מין פרעמדן יראת־הכבוד און דו הויבסט אָן האָבן פאַר אים מער דרך־ארץ ווי ליבע. אַ חוץ צו דער מאַמעשי רעדט ער נישט אוים מיט קיינעם קיין וואָרט. פילסטו זיך עפּעס אַזוי קליין, אַזוי מאָדנע שפּלדיק, אין זיין קעגנוואַרט, פילסט, אַז ער איז אַזוי גרויס, אַזוי קלוג און דערהויבן, און דו אַליין אַזוי נישטיק, אַז דו שעמסט זיך פאַר אים. און לאַכט ער צו דיר, וואָל־

סטו זיך באהאלטן אין א לאך פאר חרפה, וואס ער לאכט צו דיר און זעט, דאכט זיך, אזויאנאך רעכט, ווי קליין דו ביזט קעגן אים — א ווערימל. היינט דער טאראראם, פון דער מומעס יאטלעך, וואס פילן אין דיר א קאנקורענט, וואס האלטן, אז נאר זיי האבן דאס רעכט דא פון אייניקלעך, מחמת זיי וווינען דאך דא, זענען דא געבוירן געווארן, דא דערצויגן, אבער ווי קומסטו אהער — דו, א פרעמדע?... ווער שמועסט נאך, אז די באבע מאכט דיר א ניי קליידל אדער א מאנטעלע אלס גאסט, ביזטו שוין אויף אן אמת באגראבן. הויבט זיך אן קנאה און שנאה און אפלאכן און נאכשפעטענישן, אזוי, אז עס פארגייט דיר דער אפעטיט. וואלסט שוין מוחל געווען די מתנה. און טאמער שיקן זיידע־באבע נאך אוועק דער מאמען אין די בעדער, כדי זי זאל אביסל צו זיך קומען, איז שוין גאר יום־טובדיק. מעגסטו זיך שוין אויף אן אמת באגראבן. היינט וואלט אפשר געווען אנדערש. אבער ווארשע!...

נאר, נאך וואס נאריש מאכן זיך, וועלן זיי דען וווינען אין ווארשע? זי האט געהערט פון ווארשע, געוויס, דער קליינער מענדעלע פארט קיין ווארשע נאך סחורה, יוסף קאנס זון לערנט זיך, זאגט מען, אין ווארשע, אבער אין ווארשע זאל מען גאר דארפן האבן א מורה הוראה? אז איר טאטע, וואס סיי דער זיידע, סיי די מוטער האלטן אים פאר א בטלן, זאל ווערן א מורה הוראה אין ווארשע? ס'איז דאכט זיך א ווילדע מחשבה און פארט זאגט ר' זלמן, אז עס איז מעגלעך, אז אזוי איז עס — — — אפשר!

מיכאל האט עס גענומען ווי א גאנץ נאטירלעכע זאך און ער האט זיך געפרייט. ער פלעגט לעצטנס ארומגיין מיט מחשבות מכח ווארשע. ער האט געטראכט, אז ווען ער וועט עלטער ווערן, זאל ער זיך אריבערכאפן קיין ווארשע, אוועקווארפן דאס לערנען און לערנען זיך א פאך. און דא קומט פון זיך אליין אזא געלעגנהייט. אויף דעם האט ער זיך באמת נישט געריכט. ער האט אזש פאר גרויס שמחה א פייף געטאן.

ר' אברהם בער האט זיך דערשראקן:

— הא? — וואס איז דאס! — מיכאל?

מיכאל האט זיך ארומגעקוקט. אביסל פארשעמט זיך פאר ר' זלמנען און מיט א פיינעם שמייכל אויפן רויט־געווארענעם

פנים, פארענטפערט זיך, אז ער ווייס נישט, ווי אזוי עס האט זיך עפעס ביי אים ארויסגעריסן א פייף.

סיי ר׳ אברהם בער, סיי רייזעלע האבן פארזיכערט ר׳ זלמנען, אז זיי האבן עס נאך פון אים פריער קיינמאל נישט גע־הערט.

— איז וואס־זשע בלייבט? — האט זיך שוין ר׳ זלמן אויפ־געהויבן צו גיין.

ר׳ אברהם בער האט א קוק געטאן אויף רייזעלען.

רייזעלע האט זיך פארטראכט א ווײַלע, סוף כל סוף ליגט זיך עס אויפן שכל. ווארשע איז דאך די שטאט, ווו מען איז נישט אויסגעשטעלט אויף עטלעכע געציילטע בעלי־בתים און אהיימצופארן מיט די קינדער האט מען דאך תמיד צייט. דער ייד איז דאך גערעכט.

— איז וואס־זשע זאגסטו?—האט זיך שוין ר׳ אברהם בער נישט געקאנט דערווארטן, — זאל עס אזוי בלייבן — וואס?

— כ׳מיין, אז יא, מ׳קאן דאך פרווון.

דבורהלע האט אזש א ציטער געטאן. זי קאן נאך אמאל טרעפן דארט דעם עלוי. מ׳האט דאך געזאגט, אז ער איז אוועק קיין ווארשע, ווען מ׳איז אים פלוצלינג געקומען רופן דעמאלט. זי איז אזוי אויפגערעגט געווארן, אז זי האט זיך פארגעסן און א פרעג געטאן ביים פאטער, צי דער עלוי איז אין ווארשע.

— פונוואנען זאל איך וויסן? מען האט אים דעמאלט ארויס־גערופן פון בית־המדרש, דערלאנגט אים א בריוו און ער האט גע־כאפט די קאלייקע און איז אוועקגעפארן. אפילו נישט צוריקגעקו־מען געזעגענען זיך. מען האט געזאגט, אז עמעצ אין דער משפחה איז זייער קראנק געווארן און דאס איז געווען די סבה. נאר וווהין ער איז געפארן, האט מען נישט געוווּסט.

— קענן וואס פרעגסטו דען?

דבורהלע איז רויט געווארן ווי פייער. — גארנישט, כ׳האב גלאט געפרעגט.

— בלייבט הייסט עס, אז מארגן אי״ה פארן מיר אריין קיין ווארשע, — האט ר׳ זלמן געזאגט און זיך געזעגנט.

— א קלוגער ייד, נאר נישקשה פון אן איבערטרייבער, — האט רייזעלע געזאגט נאך זיין אוועקגיין.

— ר׳איז אַ טייערער ייד, זייער אַ קלוגער, אַ געשעפטס־מענטש, האַנדלט און וואַנדלט. אַלץ אין דער וועלט קען ער. או־מעטום איז ער און אומעטום האָט מען אים ליב. — איך קען אים נאָך פון פריער.

— ער איז אַ היגער חסיד?

— ניין. דאָס דוקא נישט. נאָר ער קומט אַריבער צום רבין. עפּעס האָבן זיי צווישן זיך עסקים.

— המם — האָט רייזעלע אַ ברום געטאָן. זי האָט שוין פאַרלוירן דעם צוטרוי צו ר׳ זלמנען. — נאָר מען קאָן דאָך פּרווון. עס האָט זיך איר אויך נישט שטאַרק געגלויבט אַהיימצו־פאָרן, ווערן אויפסניי אַ קעסט־קינד.

אַרום צען אַזייגער אינדערפרי איז ר׳ אברהם בער צוזאַמען מיט ר׳ זלמנען אַפּגעפאָרן קיין וואַרשע און אין צוויי וואָכן אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַ בשורה טובה, אַז ער האָט שוין אפילו געדונגען אַ דירה.

— אַזוי גאָר, געדונגען אַ דירה און גאָר ביי קיינעם נישט געפרעגט.

— ראשית, האָט ר׳ זלמן געזאָגט, אַז מ׳דאַרף נישט פרעגן, — האָט זיך ר׳ אברהם בער פאַרענטפערט. — און איך זאָג דיר, אַז ר׳איז גערעכט. מ׳נעמט און מ׳טוט אָפּ און פאַרפאַלן, — זאָגט ער. — טאָמער הויבט מען זיך אָבער אָן וואַקלען, מאַכט מען אַ סך מאָל קאַליע זאַכן, וואָס מען קאָן שוין דערנאָך צוריק נישט כאַפּן. אויף הוצאות וועט געבן דער רבי — האָט מיר ר׳ זלמן געזאָגט. ער האָט עס אים צוגעזאָגט. — האָסט אפשר אַ גלעזל טיי, דבורהלע?

— אַ וואַזשנער סימן — האָט רייזעלע געלאַכט.

— וועסט זען, אַז דאָסמאָל וועט אַלץ זיין לטובה.

— הלואי!

— דער וואַרשעווער ייד — האָט ר׳ אברהם בער דער־ציילט, — איז קודם־כל אַ מענטש מיט אַ ברייטער האַנט, מיט אַ רחבותדיקן פּאַרנעם — האָט ער געזאָגט, זופנדיק פון דער טיי.

— ער איז נישט אַזוי ענגהאַרציק, אַזוי קליינלעך און גראָ־שעדיק — האָט אים רייזעלע אונטערגעבראָכן — נישט אמת?

— פאַרשטייט זיך, אַז נישט — האָט זיך ר׳ אברהם בער

באַגייסטערט, מער נאָך מיט רייזעלעס פאַרשטאַנד, ווי מיט דעם וואַרשעווער יידנס ברייטע האַנט. ביי אים, האָט ער ווייטער דערציילט, שפּילט נישט קיין ראָלע דער רובל. ער קאָן אים אויס־געבן און ער קאָן אים פאַרדינען. האָסט געזען ר׳ זלמנען? אַזוי זענען זיי אַלע: געפעלט זיי אַ מענטש, וועלן זיי גיין אין פייער און אין וואַסער פאַר זיינעטוועגן און איך בין זיי ב״ה געפאַלן. האָסט געדאַרפט זען אַ מין קבלת פנים איך האָב דאָס געהאַט אין שטיבל. מען האָט געטרונקען בראַנפן לכבוד מיר. מ׳האָט מיר פון אַלע זייטן געגעבן שלום, מיט אַזאַ וואַרעמקייט, מיט אַזאַ האַרציקייט, ווי זיי וואָלטן מיך שוין געקענט פון ווי לאַנג. זיי האָבן זיך אויף אַן אמת געפרייט, וואָס כ׳צי מיך אַריין. כ׳האָב עס דערקענט אויף יעדן איינעמס פנים... מ׳דאַרף טאַקע זייער נויטיק האָבן דאָ אַ מורה־הוראה, האָבן זיי מיר געזאָגט, מחמת עס איז ממש אַ חלול־השם, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ. — מיר ווילן אייך גאָר אַזויפיל נישט דערציילן. און טאַקע אַזאַ ייד ווי איר דאַרפן מיר. אַן ערלעכן יידן, נישט קיין גונב־דעת — נישט אַזעלכן, וואָס וויל בלויז פאַרדינסטלעך: אַ דין־תורהלע, אַ גוטל, און טאָמער וועט מען דאַרפן אַ שאלה פרעגן, וועט ער שלאָפן, אָדער נישט זיין אינדערהיים, האָט מיר איינער געזאָגט, איינער, וואָס זעט אויס צו זיין אַ גרויסער חשוב אין שטיבל. מיר האָפן, אַז איר וועט דאָ אי״ה האָבן פּרנסה בהרחבה, האָט ער געזאָגט, און מיט השי״ת הילף וועט טאַקע אַזוי זיין. און ר׳ זלמן איז דאָרט גאָר פון די געהויבענע! פון די אמתע אנשים חשובים. דעם גאַנצן אָוונט האָט ער פאַרבראַכט, ביז ער האָט געקריגן אַ רשימה מיט די „נעמען״, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צו צאָלן... קיין איינער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט, און וועמען מען האָט נישט געדאַרפט, האָט ער לגמרי נישט געפרעגט. איך האָב זיך אומישנע צוגעקוקט. אַ קלוגער ייד, אָט דער ר׳ זלמן. אַ טייערער ייד. וואָס האָט ער נישט געטאָן פאַר מיינעטוועגן? קודם־כל האָב איך געמוזט איינשטיין טאַקע ביי אים אַליין. מילא, האָט ער אַ ווייב, איז זי די אמתע אשת־חיל. זי האָט זיך ממש מוסר נפש געווען פאַר מיינעטוועגן. אפשר וויל איך דאָס און אפשר יענץ? און אַ געלעגער האָט זי מיר געמאַכט, ווי פאַר אַ קיסר, און טאָמער איז נאָך ווייניק געווען, האָט זי אַריינגעשיקט

מיטן בחור אירן נאָך אַ קישן. זי האָט גאָר אַליין נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. און ער, ר׳ זלמן אַליין, איז אַרומגעלאָפן כמעט אַ גאַנצע וואָך מכּח אַ דירה. געזוכט און גענישטערט. אַלץ איז אים נישט געפעלן, אַ בעל־מדקדק אַפּנים! געזוכט און געקליבן, ווי ס׳וואָלט געווען פאַר אים אַליין; ער האָט געוואָלט עס זאָל זיין אַ שיינע דירה, אַ זי זאָל נישט קאָסטן טייער. איז דאָך שווער צו געפינען, האָט ער נישט געזשאַלעוועט קיין צייט און קיין טרחה, נישט געקוקט, וואָס ער האָט היזק געלט. און אַזוי לאַנג געזוכט, ביז ער האָט געפונען וואָס ער האָט געוואָלט.

— איר זעט? — זאָגט ער צו מיר. — יגעתי ומצאתי.—און מיט אַ התפעלות, ווי ס׳וואָלט אים כאָטש געשטאַנען צו פאַרדי־נען טויזנטער. — און איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך האָב גאָרנישט געזען. מיר זענען די פריערדיקע דירות אויך געפעלן געוואָרן.

רייזעלע האָט געשמייכלט מיט אַ שמייכל, וואָס האָט גע־זאָגט: מילא ביזטו אַ בטלן! און פאַרט האָט זי דערפילט, אַז נישט אין איר סקעפּטיציזם ליגט די חכמה פון לעבן, נאָר אין דער האַרציקער תמימותדיקייט, אַז מיט אַזאַ סאָרט בטלנות, ווי ר׳ אברהם בערס, קאָן מען איינגעמען אַ וועלט מיט מענטשן, אַז אָט די קינדערשע נאַטירלעכקייט איז דאָס שענסטע, וואָס דאָס לעבן פאַרמאָגט, און אַן אמת קלוגער איז דער, וואָס פאַרשטייט וואָס אויסצוקלויבן. טאַקע, צוליב וואָס? צוליב וועמען גריבלען זיך? וואָס דערגרייכט מען דערמיט? — האָט זי זיך געזאָגט, און איז צוויי וואָכן, גאַנצע צוויי וואָכן נישט געלעגן אויף דער קושעטקע. זי האָט זיך געפּאָרעט, געהאָלפן דבורהלען צוגרייטן זיך צו דער נייער נסיעה. אַפילו איבערגעציילט די וועש, וואָס די גויה האָט אָפּגעבראַכט (לכבוד וואַרשע האָט געוואַשן אַ גויה).

אַזוי האָבן זי די קינדער קיינמאָל נישט געזען און זיי האָבן זיך געחידושט — וואָס איז עפּעס פּלוצלינג געוואָרן מיט דער מאַמעשי? זיי האָבן זיך געפרייט.

מיכאל, זעענדיק די מוטער אַליין זיך פּאָרען, האָט באַקו־מען אינספּיראַציע. ער האָט מיט חשק צוגעהאָלפן. נישט גע־לעגן אויפן גראָז ווי דעמאָלט אין זשעלעכוויץ — בשעת מען האָט

געפּאַקט. ער האָט ממש געאַרבעט מעשים. אַט האָט ער אַראָפּגע־שלונגען אַ פּייף און זיך צעזינגען אָנשטאָט. אַט האָט ער צע־בראָכן אַ וואַזע. געכאַפּט אַ שווער אָנגעפּאַקעוועטע וואַליזע און אַרומגעלאָפן מיט איר איבער די ליידיקע חדרים.

דבורהלע האָט געאַרבעט שווערער פון אַלע, ווי איר שטיי־גער, און געטראַכט — נישט אויפגעהערט פרווון אויסמאָלן זיך וואַרשע, הגם זי האָט זיך נאָך איצט קוים געקאָנט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז ס'איז טאַקע וואַרשע גופא, וווהין זיי ציען זיך דאָסמאָל.

נאָר אָט איז שוין דינסטיק אינדערפרי. ס'פאָרט שוין צו אַ גרויסע בויד, מ'פּאַקט שוין אַריין שטיקער מעבל און אַנדערע חפצים. ס'פאָרט שוין צו נאָך איינע, מ'פאַרציט שוין די לייוונט אויף רייפן, ווי פּיילנבוינגנס. זיי לאָזן זיך שוין אַוועק מיט אַ געפּילדער, מיט אַ וויאָ, מיט אַ קליפּ־קלאַפּ אויף די רויע שטיינער. מ'טוט זיך שוין אָן. די מוטער שטייט שוין אָן אָנ־געטוענע אינם שוואַרצן קלייד, מיטן סאַמעטענעם זשאַקעט, מיטן שוואַרצן, זיידענעם שאַליק איבערן שייטל, וואָס איז גורם דעם בלאַסן פּנים אירן אַ מאָגערערן אויסזען נאָך ווי געוויינלעך, און ר' אברהם בער מיטן ווינטערדיקן אויבער־בגד נאָך, מיטן פּלושענעם קאַפּעלוש אויפן קאָפּ — ס'איז אַזוי מחיהדיק צו זען אים צוריק אינם רבנישן קאַפּעלוש (אין ר. האָט ער גע־טראָגן אַ סאַמעטן היטל). ער געזעגנט זיך מיט יידן. שאָקלט מיטן קאָפּ צו ווייבער אפילו.

— האָסט זיך געזעגנט? — פרעגט רייזעלע.

— יאָ! כ'בין אים אַלץ מוחל! השי"ת זאָל אים אויך מוחל זיין, — זאָגט ר' אברהם בער מיט נישט קיין הונדערט־פּראָצענטיקער זיכערקייט, צי השי"ת וועט אים אויך אַלץ מוחל זיין. — — — הגם, ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין דעם אמתן טייטש פון „אל תבטחו בנדיבים, בבן אדם שאין לו תשועה". פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען ב"ה דאָ געגוג טייערע יידן אויף דער וועלט, נאָר פאַרלאָזן איז זיך גוט אויפן רבונו של עולם. ער איז אַ גוטער און אַ רייכער טאַטע, כאַפּט ר' אברהם בער אַ קוק אַרויף צום קלאָרן הימל. נאָר אָט פאָרט שוין צו די בריטשקע מיטן רבינס שימלען. דער רבי האָט דוקא געוואָלט,

אז ר׳ אברהם בער זאָל צופאָרן צו דער באַן אין זיין אייגענער, דעם רבינס, בריטשקע, געוואָלט אָנטאָן אים כבוד, ר׳ אברהם בערן.

— דו מיט דער רביצין האָסט זיך געזעגנט?

— וואָס הייסט? אודאי!

— כ׳מיין מיט דער אַלטער!

— ניין, כ׳האָב נישט געקאָנט, בשום אופן נישט.

— דבורהלע אויך נישט?

— ניין.

— הממם — נו־יאָ!

מ׳זעצט זיך שוין אריין. ר׳ אברהם בער, לייזער נתן, מיכאל און ברוך אין איינער. רייזעלע מיט דבורהלען אין דער צווייטער, אין דער געדונגענער, ווו ס׳איז געשפּאַנט איין פערד נאָר, אַ דיק־לעכס, מיט אַביסל געבויגענע, דיקלעכע פיס און ווייסע בער־שטלעך איבער די קלאָען. מ׳געזעגנט זיך מיט יידן, מיט יידענעס, אפילו מיט די יידענעס, וואָס האָבן איר געלערנט וואַשן די פּאָד־לאָגעס, געזעגנט זי זיך, דבורהלע — אפילו מיט דער קרעמער־קע. אַ געוווינטשעריי, און מ׳פאָרט שוין צו דער באַן. דבורהלע דרייט אוים דעם קאָפּ, כאַפּט אַ בליק צום לעצטן מאָל אויף דעם נמאס געוואָרענעם הייפל. זי דערזעט מאָטלען. אַזאַ רחמנות־דיקן, אַזאַ מרה שחורהדיק שמייכלענדיקן. ער קוקט זיי נאָך. זי האָט גאָר פריער נישט געטראַכט פון אים. אינם איצטיקן בליק, וואָס ער האָט איר צוגעוואָרפן, איז עפּעס געלעגן אַ מין פּראָ־טעסט, פאַרוואָס מ׳נעמט אים נישט מיט קיין ווארשע. זי דער־פילט אַזאַ רחמנות אויף אים, אַז ווען זי שעמט זיך נישט, וואָלט זי זיך כאָטש נאָכאַמאָל געזעגנט מיט אים און זיך פאַרענטפערט. דערציילט אים, אַז זיי פאָרן דערווייל אַליין אויך אויף אַ ווינ־טיקער פּרנסה. זי פאַרגעסט באַלד אין מאָטלען. דער עלוי שטייט איר פאַר די אויגן. ווארשע. זי זעט אים אַן איינגעהילטן אינם אָפּגעטראָגענעם, ערטערווייז צעריסענעם כאַלאַטל. ער זעט אוים אַזוי איידל און קלוג, מאָדנע קלוג!

מיכאל רופט צו מאָטלען עטלעכע פרייַלעכע ווערטער. דער ייד גיט אַ פּיצקע מיט דער בייטש און מען פאָרט. דער עולם רוקט זיך אָפּ, גלאָצט נאָך און זיי זענען שוין אויף דער גאַס.

מיכאל איז אויפגערוימט.

— פּאַרטס, פּערדלעך, פּאַרטס און דערלעבט נישט צוריק־צוקומען! — שעלט ער צווישן די ציין ווי אַ בעל־עגלה־יונג.
— פּאַרטס, אָנגעפּרעסענע פּאַסקודניאַקעס, איר האָט נישט ווייט צו פֿאָרן, צו דער באַן נאָר, — גיט ער זיי אונטער מוט.

— מען וואָלט זיי געדאַרפֿט שאָפֿן חסידים, — זאָגט ער צו זעליקן אויף דער קעלנע.

זעליק גלאָצט אויס אַ פּאָר אויגן, קוקט אים אָן און דער־מאָנט זיך אפשר אין אַ פערטל שעה אַרום אויסצופּלאַצן מיט אַ געלעכטער.

— וואָס איז? צעקייט די חכמה?

— וואָס רעדט ער? וואָס צעקייט? וואָסער חכמה? — טראַכט זעליק און צעלאַכט זיך נאָך העכער.

— איר האָט געזען דעם פּגר?

— ווו?

— דאָרט, — ווייזט זעליק מיט דער בייטש אויף אַן איינ־געדאַרט פערדל מיט נאָך נישט קיין פאַרטריקנטע פּליישיקע לאַ־טעס אויפֿן הינטן, ביי די זייטן.

מיכאל קוקט זיך אַרום. ער זעט, ווי דאָס פערדל, וואָס פירט אַן אָנגעפּיקעוועטן וואָגן פאַרדעקט מיט אַ צעריסענער גומע, האַלט אויסגעצויגן דעם קאָפּ און מעלה־גרהט מיט אים, אַרבעט מער מיטן ברודיקן פּיסק ווי מיט די פיס, וואָס בויגן זיך ביי די קני.

— ביזט אַליין אַ גוטע נבלה, לאַכסט פון אַ קראַנקן, קנאַ־כינגן ווי־הייסט־מען־עס. וואַרט! וואַרט! וועסט זיין אַ פּאָר יאָר ביים רבין, וועסטו זען, וואָסער פּנים דיין אידיאָטישער טאָכעס וועט קריגן: פונדעסטוועגן קיין שלעכטער שמייסער איז ער נישט.

די בריטשקעס שטעלן זיך אָפּ ביים באַנהויף.

לייזער נתן פּאַרעט זיך, העלפט בכבודו ובעצמו אַרייַנטראָגן ר' אברהם בערס וואַליזקע חדושים אין וואַגאָן. אַרויסגעלייגט עס אויבן איבער דער באַנק, געזען, עס זאָל זיין באַקוועם, געבייי־זערט זיך אויף ברוכן, וואָס ער שטייט ווי אַ שמאַטעוואַטע לאַל־קע און טוט נישט קיין ריר מיט קיין אבר, האָט ער זיך ענדלעך געזעגנט און איז אַרויס. ברוך האָט געציטערט מיט די קני, מכבד

געוועזן ר׳ אברהם בערן מיט א שמעק טאבאק, אפגעשיט אביסל אין א פאפירל און געגעבן ר׳ אברהם בערן א געזעגענונגס־מתנה.

— ס׳וועט אייך דערקוויקן! אויפן וועג דארף מען נויטיק האבן א שמעק טאבאק! און דו, שקאץ, מעגסט אויך נעמען א שמעק טאבאק! ביזט אפילו א גרויסער שגץ, נאר א שמעק טא־באק ביזטו ווערט — האט ער צווישןביידע פינגער פארהאלטן מיכאלן די מתנה — מיכאל, איך זאג דיר ס׳איז גוט! ס׳עט דיך דערפרישן! נעם, זאגט מען דיר, שוטה! אזוי — די וואליזן וועסטו דאך שוין אליין ארויפלייגן?

מיכאל האט גענומען. ער איז שיעור דערשטיקט געווארן צווישן ניסן און לאכן.

— האפטשיק, האפטשיק, האפטשיק!

איר זאלט שרייבן א בריוול אמאל, איר זאלט נישט פאר־געסן! למען השם! — האט ברוך געשאקלט ר׳ אברהם בערס האנט — און איר, — האט ער זיך געזעגנט מיט רייזעלען—זאלט למען השם נישט מאכן דארט אייערע געשעפטן, נאר זיין גע־זונט. און דו, מיכאל, זאלסט זיצן און לערנען — אין ווארשע איז נישטא קיין רבי, דו פארשטייסט?

מיכאל האט זיך צעלאכט.

— נו, מען דארף גיין, — האט ברוך זיך ענדלעך דערמאנט.

— זייט מיר אלע געזונט! — ער איז אראפגעקראכן פון די איי־זערנע טרעפ מיטן שמאטיקן גוף. דער צוג האט זיך גערירט, ווי ער וואלט געווארט אויף ברוכן די גאנצע צייט.

— ברוך שפטרני — האט מיכאל געזאגט און ר׳ אברהם בער האט אים געהייסן שווייגן.

— אפילו ברוך ווייס, אז מיט מיר דארף מען זיך נישט געזעגענען באזונדער, — האט דבורהלען פארדראסן. הגם געוואלט האט זי גארנישט, האט עס איר אבער מאדנע וויי געטאן, — אלע, אלע!

— מיכאל, שטיי נישט נעבן דער טיר; דבורהלע, בויג זיך נישט אזוי ארויס פון פענסטער! — האט זיך רייזעלע געבעטן, געבייזערט, נאר ווער האט זיי געקאנט אפרייסן, אז די שטאט זעט שוין אויס ווי א לאנגער בארג, א גרויער בארג מיט עטלעכע דראפיקע שפיצן. די בוימער מיט די פייכטע ריטער, מיט די

רויטע קרעלן־קנאָספּן ציען זיך אויף צוריקוועגס און זעען אויס אזוי נאַריש־שיין בשעת זיי לויפן גיך־גיך, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך נישט צו פאַרשפּעטיקן אַמאָל. און דער רויך זעצט־זעצט, זעצט און דער הימל זעט אויס קיל און לויטער, איז ווער זשע קאָן איינזיצן, נישט קוקן דורכן פענסטער?

— דבורהלע!

— וואָס?

— די מאַמעשי שלאָפט.

— ששש... כ׳וויים.

— ס׳איז שיין, האָ?

— מאָלסט שוין ווידער? ווען איך בין אויף דיין אָרט, וואָלט איך פריער צעריסן ס׳פּאַפּיר. וואָס דאַרפסטו פריער מאָלן, דערנאָך צערייסן?

מיכאל איז עפּעס נישט אין כעס געוואָרן.

— זעסט דאָרט, ווי ס׳באַגעגענען זיך הימל און ערד? האָ־ריזאָנטן הייסט דאָס! זעסט?

— כ׳זע, כ׳זע!

— זעסט ווי ברייט זיי זענען? — זיי ציען דאָס אויג אזוי לאַנג, ביז מען מוז איינשלאָפן.

— מ׳מוז? פאַר וואָס־זשע ביזטו נישט איינגעשלאָפן, איך?

— מ׳מוז גאָר?

— ווי לאַנג פאָרסטו דען, שוטה?

— ששש. דער טאַטעשי שלאָפט שוין אויך.

— כ׳האָב דיר געזאָגט?

מיכאל פאַרלירט אַפּנים די מוזע, ער פאַרשטעקט פּאַפּיר און בלייפעדער אין קעשענע און זיי שטייען שוין ביידע מיט די נעזער אויף די שייבלעך.

עמעץ פאַרמאַכט ס׳פענסטערל קעגנאיבער. זיי קוקן זיך אום און כאַפּן זיך צוריק צו די שייבלעך. קאָנקורירן צווישן זיך אַריינצוכאַפּן וואָס מער אָנבליק. נישט צו פאַרזען, חלילה, די בערגלעך, וואָס האַלטן זיך שוין אין גרינען, די אָזשערקע, וואָס שטייט אינם ברייטן פעלד, גרין, לאַנג, שמאָל און מאָכיק.

— עס מוז דאָ זיין אַ דאָרף דערלעבן, — זאָגט מיכאל.

— פאַרוואָס מוז עס זיין?

— אַט האָסטו דאָך קי, לאַשאַקעס, זעסט נישט? קעלבער און פּאַסטוכער — קוק!

דער לאָקאָמאָטיוו צעפּייפּט זיך, דער רויך ציט זיך איבער די וואַגאָן־פענסטער, מענטשן פאַרמאַכן זיי. די באַן שטעלט זיך אָפּ מיט אַ ציטער.

ר׳ אברהם בער כאַפּט זיך אויף. רייזעלע כאַפּט זיך אויף. ס׳כאַפּן זיך אויף עטלעכע עלטערע גוים און גויהס. ס׳באַווייזט זיך אַן אויסגעמוטשעט קאָנדוקטאָרל.

— אַ בילעטע יעסט? — פּרוווט ער זיין אַ קאָנדוקטאָר, מיט קאָנדוקטאָרן גלייך.

בלויז אָרנטלעכע מענטשן. לאָזט ער זיך אריין אין די אַנדערע וואַגאָנען. אפשר וועט דאָרט בעסער זיין.

קריכט ארוים אַן אַלטע גויה, מיט אַן אויסגעלײדיקט אייער־קיישל, אָנגעפּילט מיט אַלעם גוטן... קריכט זי נעבעך, האַלט זיך אָן אין דעם אייזערנעם פּאָרענטש און ווערט שיעור נישט געהרגעט, ביז זי דערלעבט שוין מיט מזל צו דערזען דעם הערינג מיטן זאַלץ מיט זיך אַליין אַן אַראָפּגעקומענע בשלום פון די הויכע טרעפּ, וואָס זענען אפשר אַ מייל אָפּגערוקט איינע פון די אנדערע.

קריכט ארוים אַן אַלטער גוי מיט אַ זעקל אין האַנט, מיט דער אַנדערער שאַרט ער איבערן קאַלטן אייזן. שפּרינגט אַראָפּ אַ שנעץ מיט גאָרנישט אין האַנט און צעמזיקט זיך, אַז די יוכע רינט אים אַזש פון מויל.

מ׳פאָרט שוין ווייטער. עס ציען זיך שוין ווייטער וועגן לײדיקע און ברייטע. עס ציען זיך אָפּגעהאַקטע שטיקלעך וואַלד און עס ציען זיך פּויערשע כאַטקעס. מיט קוימענדלעך ביי דער ערד. און עס ציען זיך רויכעלעך פון די שוואַרצע קוימענדלעך, וואָס שטאַרן פון די ברודיקע שטרויענע דעכלעך איבער נאָכנישט קיין אָפּגעקאָלעכטע הייזקעס. מיכאל האָט הנאה. נאָר וואָס איז דאָס? פונם לאָקאָמאָטיוו יאָגט שוין ווידער אַ רויך, דאָס מאָל אַ געדיכטער, שוואַרצער רויך, וואָס ציט זיך להכעיסדיק גלייך אין פּנים אריין. פון אַלע זייטן איילן זיך מענטשן אַראָפּצוקריגן געפּעק, אַראָפּצושלעפּן.

— פּיף־פּאַף, פּיף־פּאַף! טטס־טטס!! די באַן שטייט.

דבורהלע האָט געמיינט, זי איז נאָך אַלץ אין דערפֿל. מ'איז דאָך נאָך כמעט נישט רעכט געפֿאָרן? אַזעלכע גרויסע הייזער האָט זי דאָך אפֿילו אין ר. נישט געזען! צי איז מען שוין נישט אַמאָל אין וואַרשע?

— איז דאָס וואַרשע, מאַמעשי?

— ניין, דאָס איז אַ שטאָט פֿאַר וואַרשע. פּראַגע, אויב כ'האָב נישט קיין טעות.

— און צו וואַרשע איז נאָך ווייט?

— ניין, מיר זענען כמעט שוין אין וואַרשע. דאָ וועלן מיר מאַקע אויסשטייגן.

— זעט וואַרשע אויך אַזוי אויס?

— כמעט!

— אַזוי גאָר? איז וואַרשע אַזוי נאָנט? אַבי, — זאָגט דבורהלע, — איך האָב געמיינט, אַז וואַרשע איז ווייט. העט ווייט!

— ווער האָט דיך געהייסן מיינען? — לאַכט מיכאל און דבורהלע ווערט רויט.

אַ סטאַציע אַביסל, געפּלאַסטערטע טראָטואַרן, ווי אינם ביכל. אַלע איילן זיך. אַלע קויפֿן זיי ציַיטונגען. צוליב וואָס־זשע שטייען דאָרט די פּאַרקויפֿער מיט שאָקאָלאַדע און פֿרוכט און זשורנאַלן און אפֿילו ביכער צום לייענען, אַז קיינער קויפֿט נישט, רירט זיך נישט צו. סיגאַרעטן קויפֿט מען דאָך עפּעס יאָ! — מסתמא לייזן זיי אַן אַנדערשמאָל. וואָס פֿליען זיי אַזוי אַרום ווי משוגענע? זיי קאָנען, ווייזט אויס, נישט גיין, נאָר לויפֿן.

מיכאל נעמט אַראָפּ די וואַליזן. ר' אברהם בער העלפֿט אים אונטער. דבורהלע אויך. רייזעלע מאַכט זיך גלייך דעם שאַליק.

אַלע שלעפּן וואַליזעס, אַלע שטייגן אויס, ס'בלייבט נישט קיין איין פּאַסאַזשיר. זיי שטייען אין באַנהויף, די טשעמאָדאַנען ביי זייערע פֿיס. עס מעלדן זי פּאָרטערן:

— אוועקטראָגן די זאכן?

— איר דאַרפֿט אפשר אַ דראָשקע?

ר' אברהם בער שמייכלט צו זיי, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט איבערבעטן, פֿאַרוואָס ער דאַרף נישט קיין דראָשקע און לאָזט זיי נישט אוועקטראָגן די זאכן.

נאָר אָט באַווייזט זיך ר' זלמן.

— אַ־אַ־אַ!! שלום־עליכם! אין אַ מזלדיקער שעה!

— אמן!

— פּונקט אויסגערעכנט! ערשט די רגע בין איך צוגעקו־מען. די דראָשקע האָט זיך אַביסל געשלעפּט אויף. איר וואַרט נישט לאַנג, וואָס?

— חס ושלום! מיר זענען איצט אָנגעקומען.

— ס׳גוט געווען! צי איך ווייס, ווען ס׳קומען אָן די באַנען? וואַרט דאָ צו אַ רגע, איכ׳ל אַרויסגיין צוברענגען אַ דראָשקע! — האָט ר׳ זלמן אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס.

ר׳ זלמן האָט מיט זיין דערשיינען געשאַפן אַן אייגענע אַט־מאָספערע, אויסגעשלאָסן פון דער אַלגעמיינער אַטמאָספערע אין באַנהויף. עפּעס האָט זיך מיט זיין אָנקומען די גאַנצע פאַמיליע דערפילט היימיש און זיכער, ווי זיי וואָלטן שוין דאָ געקענט יעדעס ווינקעלע. זיי האָבן נישט געוואַגט אוועקצורירן זיך פונ־דאַנען, ווי ר׳ זלמן האָט זיי געהייסן וואַרטן. מחמת אַ טריט אַוועק האָט שוין געשמעקט מיט פרעמדקייט, מיט ווייטקייט, עס איז שוין דאָרטן נישט געווען ר׳ זלמנס הויף, וואָס ער האָט געלאָזן.

— נו, ווי געפעלט דיר עפּעס אזא ייד? צו דער מינוט איז ער געקומען? צו דער רגע! און דאָס קאָסט אים געלט און צייט — האָט ר׳ אברהם בער געזאָגט.

— אַ זעלטענער ייד. אַ פיינער און אַ קלוגער ייד — האָט רייזעלע מסכים געווען.

ר׳ זלמן איז צוריקגעקומען, גענומען אַ וואַליזע אין יעדער האַנט אַריין. בשום־אופן נישט דערלאָזט, אַז רייזעלע זאָל הייסן צורופן אַ טרעגער.

— אַן עבירה געלט. אָט זענען מיר שוין אינדרויסן!

איין וואַליזקע האָט ער איינגעשטעקט מיכאלן. דבורהלען אַ קלענערע. ר׳ אברהם בער און רייזעלע זענען געבליבן מיט ליידיקע הענט. און אַזוי זענען זיי נאָכגעגאַנגען ר׳ זלמנען, וואָס האָט געשפּאַנט פאַראויס. אַ דראָשקאַזש מיט אַ בלעכענעם נומער אויף דער פּלייצע פון אַ לויזן, בלויען כאַלאַט מיט אַ ברייטן לאַקירטן דאשעק און אַ רויט, אָפּגעשרפּהט פּנים, האָט זיי גע־האָלפן איינזעצן זיך. אַוועקגעלייגט די וואַליזן ביי זיך אויף דער קעלנע. רייזעלען מיט דבורהלען אויבנאָן. מיכאלן אַריינגע־

פוועטשט צווישן זיי און ר׳ אברהם בער מיט ר׳ זלמנען קעגנ־איבער (א נס, זיי זענען ביידע נישט געווען קיין איבעריק ברייטע). דער דראשקארזש האט א טראכט געטאן, געוואלט עפעס זאגן, זיך מישב געווען און איז ארויף אויף דער קעלנע. און אזוי אוועק־געלאזט זיך איבער די שפיציקע שטיינער.

טריפ־טראפ! — טריפ־טראפ! און אט איז מען שוין ביי דער בריק. מען פארט ארויף. אויף דער בריק זענען די שטיינער גלאטיקער אפנים. מען פארט עפעס גיכער. נאר באלד שטעלן זיך אלע אפ. זייער דראשקע אויך. ס׳ווערט אן ענגשאפט, סכנות־נפשות. טראמווייען, אויטאמאבילן, משא־וועגענער, דראשקעס, וועליסאפעדן, פויערשע פורלעך, עפעס אזויפיל פויערשע פורלעך...

— וואס איז דאס? וואס שטייען זיי? אין באנהויף האבן זיך אלע געיאגט און דא שטייען אלע.

— זעט, זעט — זאגט רייזעלע — אין באנהויף זענען אלע געפלויגן, ווי א מינוט וואלט ווערט געווען א מיליאן, און דא שטייען זיי אלע ווי די סלופעס.

— פונקט וואס איך האב געטראכט!

נאר וואס ארט איר, דבורהלען, וואס מ׳שטייט, אז פון ביידע זייטן ליגט די ווייסל און אויף איר ליגט די פארנאכטלעכע זון. א רויטע, א גלאטיקע. פלוצלינג הויבט זי אן ציטערן, ביסלעכווייז שטארקער באוועגן זיך און אט טאנצט זי גאר. עס הערט זיך א פייף און עס גליטשט זיך א גרויסער, א ריזיקער סטאטעק... מיט אזעלכע קליינינקע פענסטערלעך, וועלכע טונקען זיך כמעט אין וואסער. ער צעשניידט די טאנצנדיקע זון. ווייסער שוים שלאגט זיך אין וואסער ארום אים. און עפעס האט זי פריער גאר־נישט געזען, לודקעס, ווי קינדער־שפילעכלעך, גליטשן זיך ארום אים — אן פיצל מורא, שווימען זיי אינם ריזיקן טייך, וואס זעט אויס אין דבורהלעס אויגן ווי דער ים גרויס. עס קומט שוין אן נאך איינער.

— א כלי אביסל, — זאגט זי צו מיכאלן.

— הא? א כלי! אפילו אויפן דאך וואלט איך דארט נישט מורא געהאט צו פארן — זאגט מיכאל — דאס הייסט א פעסטע כלי!

דבורהלע לאַכט.

— און זע נאָר דאָס ביסל, וואָס ליגט בײַ די ברעגן.

זי קוקט: ווײ, ווײ, וואָס דאָ טוט זיך! ס'ליגן סטאַטקעס, בערלינקעס, געהילץ אָן אַן ערך. ציגל, אײַזן, קאָנקרעט און פּע־סער! אַזעלכע גרויסע פּעסער האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען. און אַזויפיל? אויף וואָס ליגן זיי? די סטאַטקעס מילא. אָבער דאָס איבעריקע אויף וואָס ליגט?

נאָר אָט רירט מען זיך שוין. עס רירט זיך זייער דראָשקע און צוזאַמען מיט איר, פאַר איר און אונטער איר, באַוועגט זיך שוין אַלץ. ווי אָפּגעשמועסט צווישן זיך. און מען פאָרט שוין. אי־בערגעפאָרן די בריק, פאַרשווונדן די ווייסל.

— איצט זענען מיר אין וואַרשע! — זאָגט ר' זלמן. — נו, ווי געפעלט אײַך עפּעס וואַרשע? — פרעגט ער מיט אַ באַדײַטנ־דיקער מינע. אַלע זאָגן, אַז וואַרשע איז די שענסטע שטאָט אין דער וועלט. און ר' זלמן האָט הנאה. נאָר עפּעס פילט ער זיך נאָכ־נישט איינגאַנצן באַפרידיקט. ער דרייט אויס דעם קאָפּ און פרעגט בײַ דעם דראָשקאַרזש:

— אַ שיין שטעטל וואַרשע, וואָס?

— שיין! שיין! — ענטפערט דער דראָשקאַרזש בייז און אין פראָסט מאַמע־לשון.

דבורהלע גיט זיך אַ האַסטיקן קוק אום, ווי ס'וואָלט עפּעס אַראָפּגעפאַלן.

— וואָס? אָט דער איז אַ ייד? — קאָן זי זיך שוין מער נישט איינהאַלטן און פרעגט בײַ דער מוטער.

— ווײַזט אויס — זאָגט רייזעלע. זי חדושט זיך אַליין אויך.

— ער זעט אויס צו זיין אַ גרויסער תלמיד־חכם — זאָגט מיכאל און ר' אברהם בער זוכט אַ זכות.

— מ'קאָן נישט וויסן. ער קאָן אַמאָל זיין אַ גאַנץ ערלעכער ייד. די מלבושים זענען אים אפשר גורם אַזאַ מגושמדיקן אויסזען.

— אפשר איז ער גאָר אַ גוי, נאָר ער קען אַ פּאָר ווערטער יידיש! — זאָגט דבורהלע אויפן קול. זי קאָן זיך נישט צוגלייבן, אַז אַזוי קאָן אויסזען אַ ייד.

— אַ ייד! אַ ייד! — רופט זיך אָן דער דראָשקאַרזש אַליין

— אַז אַ ייד דאַרף אַרבעטן ווי אַ פּויער — זאָגט ער — אויף

דער כּאַלערעדיקער פּרנסה, ווערט ער אַליין אויך אַ פּויער, אַ פּויער ווערט ער — גיט ער צו מיט אַ ברוגזלעך קול און גיט אַ שמיץ דעם פערד אין רוקן אַריין, ווי ער וואָלט אים שולדיק געווען אין אַלעם.

— לאָזט נישט אויס דעם כעס צום פערד — זאָגט מיכאל — כאָטש איר זענט אַ ייד.

— אַ נס דער דראַשקאַרזש האָט נישט דערהערט. — זאָגט ר' זלמן און לאַכט.

דבורהלע האָט שוין קיין אויגן נישט. זי דרייט מיטן קאָפּ אויף רעכטס און לינקס. עס איז דאָ אַזוויפיל צו זען. זי קאָן זיך גאָר קיין עצה נישט געבן. קוקט זי דאָ און דאָרט. שווער צו באַשליסן, וועלכעס ס'איז כדאי דורכצולאָזן. אַלץ איז ניי, אַלץ אינטערעסאַנט. רייבט זי אונטער אַביסל די אויגן און קוקט אומעטום. מיכאל קוקט שטייף פאַר זיך, ער קאָן זיך נישט דרייען...

אַ געפּאָרעריי! אַ גויאָגעריי! עפּעס זעט דאָ אויס, ווי אין אַן אייביקן גהנום, וווּ די זינדיקע מוזן זיך כסדר דרייען אינם אייביקן קעסל אָן אויפהער און אָן אָפּרו. נאָר וואָלט דער גהנום געווען אַזאַ מין וואַרשע אַ שטייגער, וואָלט ער מיט שמחה געלאָפן אין גהנום אַריין, מיכאל.

— אַ מין יאַריד — זאָגט דבורהלע גלאַט אין דער וועלט אַריין. זי האָט נישט קיין צייט צו רעדן. מען פאָרט שוין אַ היפּשע ווײַלע און ס'שעפּט זיך נישט אויס. סיי די געשעפטן, סיי די גאַסן, סיי די מענטשן, סיי דער פאַרקער. אומעטום איז פול. אומעטום רוישט און ס'רודערט, באַוועגט זיך און וויברירט דאָס לעבן. אַ מין אומענדלעכער פּראָצעס פון לויפן, אײַלן זיך, יאָגן זיך — און וווּ אַהין? אַז מען זעט גאָרנישט, ס'זאָל עמעץ אָפּשטעלן זיך, אַרײַנגיין ערגעץ. אַ געלויפעריי, ווי פון רוחות געיאָגט. וווּ הויבט זיך אָן וואַרשע און וווּ לאָזט זי זיך אויס?

— אַ שטיקל שטעטל ! — זאָגט רייזעלע שטיל און פאַרוווּנדערט.

— אַ יאָ, ס'איז פיין! — כאַפּט ר' זלמן אויף רייזעלעס באַמערקונג מיט אַ שמחה, ווי ס'וואָלט איהם ווער דערלאַנגט אַ קאָנטראַקט, אַז פון איצט אָן געהערט גאַנץ וואַרשע טאַקע אים אַליין.

— פּראָגע איז אויך אַ פיינע שטאָט — זאָגט ר' אברהם בער.

— ווייסעך וואָס! ווי קומט זי צו וואַרשע!—פּילט זיך ר׳ זלמן אַזש באַליידיקט — אַ פאַרגלייך אַביסל! — ר׳ אברהם בער שמייכלט גוטמוטיק: — פאַרשטייט זיך, אַז צו וואַרשע קומט זי נישט.

ר׳ זלמן באַרואיקט זיך.

— מיר האָט זיך געדאַכט, אַז וואַרשע און פּראַגע זענען ווי איין שטאָט, אַזוי ענלעך זענען זיי. לסוף איז גאָר פּראַגע אַ פאָר־שטאָט צו וואַרשע. אַ מין פאָרשטאָט? — זאָגט דבורהלע. —

— כ׳וואָלט געשווירן, אַז פּראַגע איז וואַרשע, זאָגט מיר דער טאַטעשי גאָר, אַז ווען ס׳לאָזט זיך אויס פּראַגע, הויבט זיך אָן וואַרשע. איצט זע איך טאַקע דעם חילוק.

— צוויי קעץ אין איין זאַק — לאַכט מיכאל.

— צוויי זעק אין איין קאָטער — טשעפּעט דבורהלע, און ר׳ זלמן האָט הנאה.

— עס געפעלט אייך דאָ, האַ? — פרעגט ר׳ זלמן דבורהלען, מיט אַ גאַנצער וועלט שטאָלץ און גליק, דערמיט, וואָס ער און נישט קיין אַנדערער איז עס געווען, וואָס האָט אַריינגעבראַכט דבורהלען אין זיין וואַרשע.

— צי ס׳געפעלט מיר? — ענטפערט דבורהלע אַ פאַרגאַפטע. און ר׳ זלמן שלינגט אַזש די סלינע פון הנאה. — אַ וואויל מיידל.

דער דראָשקאַרזש גיט אַ טאַנץ אַראָפּ פון דער דראָשקע.

— אָט זענען מיר! ווי כ׳בין אַ ייד! גאָרנישט באַמערקט. יאָ, נומער 24.

— נומער 24, זאָגט מען דאָך אייך!

— שרייט נישט אַזוי! כ׳בין נישט טויב! — בייזערט זיך דער דראָשקאַרזש אויף ר׳ זלמנען און שטעלט זיך אָפּ נומער 26.

— איר! ר׳ ייד! מען האָט דאָך אייך געזאָגט נומער 24, — שרייט ר׳ זלמן.

— טאָסטסי — גיט דער דראָשקאַרזש אַ ברום און אַ צי די לייץ. דאָס פערד שטעלט זיך אָפּ נומ. 24.

מיכאל כאַפּט זיך אַרויס פון צווישן דבורהלען און דער מוּ־טער. קריגט זיך אַראָפּ פון דער דראָשקע דער ערשטער און הויבט אָן אַרבעטן אַרום די וואַליזן. אַלע שטייען שוין אויפן טראָטואַר און וואַרטן אויף רייזעלען. אַ פּוס איז איר אַנטשלאָפן געוואָרן.

מיכאל אליין א צעקנאָדערטער, א צעקוועטשטער העלפֿט איר אראָפּקריכן, ווי עס איז. זי הינקט כמעט. קוים וואָס זי שלעפּט זיך אריין אין טויער. די וואליזן ליגן שוין אויפֿן טראָטואַר. דבורהלע טראָגט אין איין האנט א וואליזקע, אין דער אנדערער א שאלעכל. מיכאל זוכט אין דער דראָשקע, צי מען האָט נישט עפּעס פארגעסן.

ר׳ זלמן דינגט זיך מיטן דראָשקאַרזש. דער דראָשקאַרזש ברומט, שעלט אין די וואָנסעס אריין. גיט זיך לסוף א קלאַפּ אין דער לעדערנער פלאַך פון דער האנט. באַקוקט נאָכאמאָל די פּאָר גילדן. שפּייט אריין אין זיי. קנעפּלט זיי איין אינם גרויסן לעדערנעם געלט־בייטל, פאררוקט זיי טיף אין דער גלאַנציקער הויזן־קעשענע אונטערן בלויען כאַלאַט און יאַזדאַ!

— זעטס נאָר מענטשן: פּראָווינצער חיות ציען זיך דאָך אריין אין מיין מאַמעשים דירה! — זאָגט א מיידעלע פון א יאָר צוועלף, מיט א צעשויבערט צעפּל און א פארפּעדערט מענטעלע. אן אנדער מיידעלע, א געלס, מיט א געשפּרינקלט פּנימל און אן אָנגעדראָלעט נעזל, ווישט זיך אָפּ ס׳נעזל מיט דער פלאַך פונם געשפּרינקלטן הענטל און צעלאַכט זיך. דאָס געוועלבל ווערט אויפמערקזאַם.

— זי וויסן, מלכהלע, דאָס איז דאָך דער מורה־הוראה, זאָל לעבן! וואָס זאָגן זי צו דעם? אונזער הויף האָט טאַקע א „סביע״, ווי יאָך בין א יידישע טאָכטער, — זאָגט א צעשעקעטע יידענע מיט אן אויסגעקראָכן שייטל.

— וואָס דען מיינען זי? דאָ, ווו יאָך וווין, מוז אלץ זיין, — זאָגט מלכהלע און קוקט זיך אַרום א צופרידענע פון דער חכמה, ציט איין די צעריסענע שאַל אַרום די שמאָלע אַקסלען און פארשווינדט מיט א קריגעלע מילך אין האנט אין דריטן טויער אריין.

— ווער איז דאָס דאַרע ווייבל, נעבעך? — פרעגט אן אַלטע יידענע אויף רייזעלען און טאַפּט א הערינג ביים בויך. די קרעמערקע קוקט מיט בייזע אויגן אויף דער יידענע און ענטפערט איר נישט. — זי מוזן דאָך וויסן?

— פונוואַנען זאָל יאַך וויסן? — קרימט זיך די קרעמערקע — שוין! אויסגעקליבן מיט מזל! פּאַטשקען זי זיך נישט אין די אוגערקעס — ווייטער אויפֿן ביכל?! פּאָר א שיינע ריינע כפּרה זאָל

זי מיר זאן! אפשר פיר גילדן איז זי שוין שולדיק, — זאגט זי, די קרעמערקע, צו זיך אליין, נאך דער יידענעס אוועקגיין — און זי קלאפט נאך! א חוצפה דאס האט!

ר' זלמן שפרייזט פאראויס מיט צוויי וואליזן אין די הענט. די פאמיליע פאלגט נאך. א טיר שלינגט זיי איין. פלאכע, גרויע, שטיינערנע טרעפ, ערטערווייז אפגעבערעקלט. זיי האבן שוין באלד נישט קיין כוח צו קלעטערן. מ'שטעלט זיך אפ, מען פראכט, מ'גייט ווייטער, מ'גליטשט זיך שיעור נישט אויס אויף שטיקלעך שאלעכץ פון זויערע אוגערקעס און אנדערע שאר־ירקות און ענד־לעך איז שוין די טיר פון זייער וווינונג. א הויכע ברוינע טיר. ר' זלמן זוכט אין די קעשענעס, געפינט לסוף דעם פאסיקן שליסל, צעעפנט ברייט די טירן.

— א־א־א! אט אזוי לוינט זיך צו וווינען.

ר' אברהם בער טראגט צו רייזעלען א שטול. זי זעצט זיך.

— נו, וואס זאגסטו עפעס דערצו? — זאגט ר' אברהם בער און קוקט אויף ר' זלמנען. — ר' זלמנען האבן מיר צו דאנקען. אזעלכע יידן זענען קיין סך נישטא! — קאן ער זיך נישט איינ־האלטן און לויבט אים פאר גרויס התפעלות, אין זיין קעגנווארט.

ר' זלמן טוט א נעגאטיוון מאך מיט דער האנט, טוט א זאג „עט" און דערהאלט זיך קוים אויף די פיס פון גליק.

דער עולם צעזעצט זיך אויף וואליזן, אויף שטולן, מ'רוט זיך אפ. דערנאך, נעמט ר' זלמן, מיכאלן מיט זיך. זיי קומען צו־ריק אין א האלבער שעה ארום. ביידע טראגן זיי עפעס, איינ־געהילט אין ברוין פאפיר, וואס איז ערטערווייז נאסלעך און פארפלעקט. מ'שטעלט צונויף דעם טיש מיט א פאר שטולן. עפעס א פרעמדער טיש, פרעמדע שטולן. ווו האט ער זיי גענומען?

מיכאל העלפט ר' זלמנען אויסלייגן א שטייפן נגידישן סערוועט.

ס'קלאפט ווער, ר' זלמן עפנט די טיר. ער ברענגט אריינצופירן א דיקלעכע יידענע פון א יאר צוויי־און־פערציק, מיט א בלאנד שייטל, א גלאנציקס, א פארקעמטס, מיט א גוטער שפילקע אין סאמע גרעק, מיט א פאר ווייסע הענט, א רויטלעך, גלאטיק פנים, קינדערשע חן־גריבלעך, בשעת זי שמייכלט און א מויל גאלדענע ציין.

ר׳ זלמן שמייכלט צו איר. זי ווערט רויט ווי א קינד, באַווייזט דאָס ביסל גאָלד אין מויל. ס׳נעמט זיך ביי איר רויטלען דער ווייסער גוידער און זי ווייסט נישט, ווו זיך אהינצוטאָן.

רייזעלע באַגריסט איר און בעט איר זיצן.

זי דאַנקט, זעצט זיך און קאָן זיך קיין עצה נישט געבן. ענדלעך שטייט זי אויף, זאָגט עפּעס צו ר׳ זלמנען און נעמט זיך אויסשטעלן טעלער פון א קוישל ארויס. דערנאָך גייט זי אריין אין קיך, ברענגט אריין א פאַרצעלייענע וואזע זופּ מיט לאָקשן, טיילט אוים. שטעלט אוועק א געלע הון, א גאַנצע, ווי זי וואָלט געלעבט אָפּגעקאָכטערהייט. עטלעכע זויערע אוגערקעס. א סיפאָן סאָדעוואסער, ברויט און עפּל־קאָמפּאָט. לייגט אוועק מיט א זילבערנעם געקלאַטער א בינטל „פּראַזשעטס״ לעפל־גאָפּל און בעט רייזעלען, זי זאָל אזוי גוט זיין, זען, עס זאָל גאָרנישט פארלוירןגיין.

— מ׳ציט זיך, קאָן זיך אמאָל מאכן, — פאַרענטפערט זי זיך און שמייכלט שולדיק.

רייזעלע זאָגט איר צו. זי וויל איר דאַנקען און געפינט נישט קיין פּאסיק וואָרט. די יידענע האָט איר אויך אריינגעבראַכט אין פארלעגנהייט.

— א גרויסן דאַנק אייך — זאָגט זי לסוף, רייזעלע.

— ס׳איז נישטאָ פארוואָס! — ענטפערט די יידענע און רוקט זיך אונטערוויילעכץ ארוים.

— א שכנטע — זאָגט ר׳ זלמן — אָנגעשטאָפּט ווי גרוים זי איז. זיי זענען זייער ווילע מענטשן. אָפּגעהיטן ביז גאָר. דער מאַן אירער קען אביסל לערנען. איז א טייערער מענטש. האָט א ברייטע האַנט. פאר זיינס א גילדן קען שוין קיין ייד נישט אויסגיין. נאָר זיי האָבן נעבעך נישט קיין קינדער. א שאָד! — באדויערט ר׳ זלמן. — זי האָט מיר צוגעזאָגט, אז אַלץ וועט זיין גרייט און זי האָט געהאַלטן וואָרט. איר וועט דאָ געפינען א סך אַזעלכע יידן. א סך גוטע מענטשן. א ווארשעווער ייד איז גאָר עפּעס אַנדערש — לויבט ר׳ זלמן נאָך איין מאָל די ווארשעווער יידן...

— אודאי, — איז ר׳ אברהם בער מסכים און גלעט זיך צופרידן די באָרד.

ר׳ זלמן האָט מיטגעהאָלפֿן. און ער איז טאַקע געווען הונגע־ריק אויך. מען האָט געבענטשט מיט מזומן.

עס איז שוין געווען טונקל, ווען ר׳ זלמן איז צוזאַמען מיט ר׳ אברהם בערן אַוועק אין שטיבל אַריין. צוריקגעקומען איז ר׳ אַברהם בער אַליין. אין עטלעכע שעה אַרום זענען פֿאַרפֿאָרן צוויי גרויסע משא־וועגענער, און מען האָט אָנגעהויבן אַרויפֿ־טראָגן די זאַכן.

מיכאל האָט זיך נעבעך אומזיסט געמאַטערט, פּרווונדיק עפּעס צוזאַמענשטעלן.

שפּעטער אַביסל איז אַריינגעקומען דער „ווילער" יידענעס מאַן. אַ נידעריק יידל, מיט אַ גאָלדענעם זייגער אויף אַ פּעט בייכל, אין אַ גרויער, געהאַקטער קאַפּאָטע און אַ פּאָר גלאַנציקע, קורצע שטיוול. און אַז ער האָט געלאַכט, האָט ער פּונקט ווי זיין יידענע באַוויזן אַ מויל גאָלדענע ציין. ער האָט באַגריסט ר׳ אברהם בערן, געגעבן אים שלום. מיכאלן אויך געגעבן די האַנט. צו די ווייבער האָט ער געשאָקלט מיטן קורצן, דיקן קאָפּ. ער האָט אַביסל געשמועסט, געלויבט ר׳ זלמנען אין טאָג אַריין. צוגעזאָגט ר׳ אברהם בערן, אַז ר׳ זלמן, ער, און נאָך אַזעלכע יידן, וועלן זען, אַז עס זאָל אים דאָ גאָרנישט פֿעלן. דערנאָך האָט ער אַראָפּגע־נומען די קאַפּאָטע, פֿאַרשאַרצט די שטייפֿע, אָנגעקראָכמאַלעטע אַרבל פֿונם זויבערן העמד און זיך גענומען מיט מיכאלס הילף, צוזאַמענשטעלן די בעטן. נאָך אַ שווערער אָנשטרענגענדיקער אַר־בעט איז עס זיי געלונגען. דער ייד האָט צוריק אָנגעטאָן די קאַ־פּאָטע, געכאַפּט אַ בליק אויפֿן זייגער, צוגעווונטשן אַ גוטע נאַכט און איז אַהיימגעגאַנגען.

— שוין באַלד צוועלף דער זייגער — האָט ער צוגערופֿן שוין נעבן דער טיר.

נישט ר׳ אברהם בער, נישט רייזעלע, נישט די קינדער האָבן געוווסט, ווו די נאַכט איז אַהינגעקומען. זיי האָבן זיך געחידושט, ווען ר׳ זלמן האָט געקלאַפּט אין טיר.

— שוין טאָג?

זיי האָבן זיך אינדערגיך אָנגעטאָן. אַריינגעלאָזט ר׳ זלמנען.

— ס'איז זיך געשלאָפֿן געשמאַק, ווייזט אויס! — האָט ר׳ זלמן געלאַכט. — איך האָב אַליין אויך נישט געוווסט, ווו די נאַכט

איז מיר אַהינגעקומען. הייסט עס, אַז עס זענען שוין דאָ די זאַכן!
— יאָ! געלויבט השי״ת.
— אָט דער יונגערמאַן וועט צוזאַמענשטעלן די זאַכן, — האָט ר׳ זלמן געמאָלדן. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט. זיי האָבן גאָר־נישט געזען, ווען ער איז אַריינגעקומען, דער יונגערמאַן, מיטן פאַרריסטן, קנאָכיקן פּנים.
דער יונגערמאַן האָט זיך אַוועקגעשאַרט פון נעבן דער טיר און גענומען פאָרען זיך.
ר׳ זלמן איז נישט אָפּגעטרעטן, ביז אַלץ איז נישט געווען אין דער פולסטער אָרדענונג. דער בחור הסטאָליאַר האָט אים אין האַרצן נישט איין קללה געגעבן, דערפאַר, וואָס ער מוז האָבן אַלץ אויסגעשטעלט ווי ער וויל. ענדלעך איז שוין ר׳ זלמן אויך אַהיימגעגאַנגען צו זיינע געשעפטן, און מען איז שוין ווידער אויף אַ ניי אָרט. ווידער פּרעמדר.
— אַ פרימאָרגן אַביסל, נאָר מען שרייט — האָט רייזעלע באַמערקט.
— נעכטן האָט מען עס גאָרנישט געהערט — האָט דבורהלע זיך געוווּנדערט.
— פרישע בייגל! בייגל! בייגל!!! — קאָכעדיקע בייגל!!!
— אַלטוואַרג קויפעך! אַלטוואַרג! אַלטוואַרג! אַלטע קאַמאַשן, קאַפּעלושן, אַלטוואַרג!!!
— קאָשטשי קופּויע! גאַלגאַני קופּויע, קאָשטשי!!!
— שאָבן! שאָבן! שאָבן!!!
— וואַרעמע קיכלעך! קיכלעך! קיכלעך!!!
— רבונו של עולם! מען קאָן דאָך דאָ משוגע ווערן! — איז רייזעלע געוואָרן אומגעדולדיק.
— וועסט זיך צוגעוווינען, וועסטו עס אפילו נישט הערן, — האָט ר׳ אברהם בער געטרייסט איר. — ר׳ זלמן האָט מיר גע־זאָגט, אַז איך זאָל אייך פאַראויס זאָגן, איר זאָלט אייך נישט דערשרעקן, ווען איר וועט עס הערן, נאָר כ׳האָב פאַרגעסן — יידן זוכן פּרנסה, פאַרשטייסט, — האָט ר׳ אברהם בער געזיפצט.
— הייסט עס, אַז קיין צרות פעלן אין ערגעץ נישט, אפילו אין וואַרשע אויך נישט.

קאַפּיטל ניין

# א ייד האט געוואלט א שאלה פרעגן

עפּעס זעען די וואַרשעווער יידן גאָרנישט אויס, ווי ר׳ זלמן האָט זיי געמאָלן. — אַ וואַרשעווער ייד, האָט ער געזאָגט, קאָן אויסגעבן און קאָן פאַרדינען. זי האָט טאַקע געמיינט, אַז אַלע וואַרשעווער יידן זענען גבירים, אדירים, ווייסעך וואָס! אָט זיצט זי אַליין שוין באַלד דריי וואָכן אין שטוב (אין וואַרשע) און קאָן אויף דער גאַס נישט אַרויסגיין.

און צוליב וואָס? צוליב אַ פּאָר גילדן? — איז דבורהלע אין כעס אויף די וואַרשעווער יידן.

פאַננאַ רוזשקאַ, ר׳ זלמנס מיידל אין דבורהלעס יאָרן, וואָס איז באַלד דעם ערשטן שבת געווען ביי זיי צוגאַסט, האָט איר דערקלערט, אַז אין וואַרשע אָן קיין הוט גייט מען נישט! אַזאַ געזעץ הערשט דאָ. זיצט זי אין שטוב. ס׳איז נאָך דערוייל נישטאָ קיין געלט אויף קיין הוט און דאָס מאַנטעלע איז אויך אָפּגעטראָגן. פאַננאַ רוזשקאַ, וואָס האָט זיך שיעור נישט צעוויינט, ווען דער פאָטער אירער, ר׳ זלמן, האָט זיך פאַרגעסן און האָט איר אָנומלט, ווען זי איז געקומען זען, צי דבורהלע האָט שוין אַ הוט, גערופן זי רחלע און געזאָגט, אַז ס׳שאַדט נישט, אַז מען קאָן אָן אַ הוט אויך אַרויסגיין און כדי עס צו באַווייזן, האָט ער נאָך ערגער געמאַכט, דערמיט, וואָס ער האָט זיך נישט באַטראַכטערהייט אַ רוף אָן געגעבן: ביזט אויך אַמאָל אַזוי געגאַנגען.

— מיט אַכט יאָר צוריק, ווען מיר האָבן זיך נאָר־וואָס אַריינגעצויגן פון זשולקאָווקע. און זי איז שוין געווען אַ דערוואַקסן מיידל, מוזטו נישט פאַרגעסן.

פון דעמאָלט אָן שמעקט זי נישט אַריין און דבורהלע נודעט זיך געבעך אַליין, אָן פאַננאַ רוזשקאַ.

מיכאלן איז גוט. מיכאל דאַרף נישט קיין הוט. קאָן ער טאַקע גיין ווי ער וויל. און טאָמער איז דער פאַלטן נישט אַזוי איי־איי־אידיק, איז ער בדלות. נאָך וועמען פרעגט ער? דערצו נאָך איז ער שוין היימיש אין קרעלס שטיבל, אויף דער גנוינע גאַס. לערנט ער דאָרט צוביסלעך, שטיפט צוביסלעך, די איבעריקע צייט שפּאַ־

צירט ער איבער די ווארשעווער גאסן, ווי א טוריסט. פארבלאָנ־
דזשעט זיך, פלאָנטערט זיך צוריק אויס, וואָס פעלט אים?

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ר׳ זלמן געבערענגט צו פירן
א שווארצן בחור מיט א פּאָר תחינהדיקע אויגן, מיט א האָרב אויף
דער אויסגעטריקנטער פּלייצע, וואָס האָט זיך געשניטן אינם
באַלאַטל אריין און איבערגעלאָזט דאָרטן גלאַנציקע פלעקן.

מיכאל האָט זיך גראָד געהאט ארונטערגעקעמט די פּאות,
אָפּגעבערשט דעם פּאלטן און דאָס היטל פון פעדערן און זיך גע־
קליבן מאכן איינע פון זיינע שפּאציר־גענג איבער ווארשע, ווען
ר׳ זלמן האָט אים דערקלערט, אז פון היינט־אָן וועט ער מוזן
גיין צוזאמען מיט יוספן — דעם בחור מיטן האָרב — קלויבן
דאָס געלט, וואָס באַלעבאַטים האָבן זיך פארשריבן צו צאָלן.
מחמת עס ווייזט זיך ארויס, אז מ׳קאָן זיך נישט פארלאָזן אויף
זייער ברענגען עס אין שטיבל אריין.

— אמאָל פארגעסט יענער, אמאָל האָט ער פּונקט נישט ביי
זיך. אָבער, אז מען קומט דערנאָך, איז שוין גאָר אַן אנדער עסק—
האָט ר׳ זלמן דערקלערט מיכאלן אביסל לאָגיק.

מיכאל האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט. פארקערט, ער האָט געזען
דאָ א געלעגנהייט צו באקענען זיך מיט א סך ווארשעווער מענטשן.
ארומגיין איבער די הייף, קלעטערן אויף טרעפּ און צוזאמענגע־
מען געלט, איז דאכט זיך, א גאנץ ווילע ארבעט. א בעסערע ווי
זיצן און לערנען, אלנפאלס.

נאָר ער האָט נישט לאנג אזוי געטראכט.

נאָך א צוויי־דריי וואכן האָט ער אָנגעהויבן באגעגענען פאר־
קרימטע נעזער פון באַלעבאָסטעס אָדער א בייזערן זיך פון
דינסטן, פארוואָס יוסף וויל זיי נישט גלויבן, ווען זיי זאָגן אים,
אז עס איז קיינער נישטאָ אינדערהיים. אָדער — גאָר פארשלאָסע־
נע טירן. דאָס קלעטערן אויף טרעפּ האָט זיך אויך ארויסגעוויזן
פאר נישט אזוי גרינג, ווי מיכאל האָט זיך עס לכתחילה פאָרגע־
שטעלט. פאר א צולאָג האָט זיך גענומען פילן אויפן הויף און
טרעפּ א פוילער, עיפושדיקער ריח. וואָס הייסער עס איז גע־
וואָרן, וואָס ווייטער אין פרילינג אריין, וואָס נענטער צום זומער,
אלץ נודנער, אלץ עקלדיקער איז דאָרט געוואָרן...

די געוואלטן אויף די הייף און אין די גאסן זענען געוואָרן

ממש אומדערטרעגלעך. קינדער האָבן זיך נישט אריינגעוויזן אין די אָרעמע, ענגע שטיבלעך. גאַנצע טעג געשפּילט זיך אין די הייף און אויף טראָטואַרן אין די גאַסן. גאַנצע טעג געלאַרעמט, געפילדערט. מיט די באַפרייטע קולעכלעך שיעור נישט פאַרדולט די איינוווינער, וואָס האָבן אליין אויך געגוג געגרוישט. יידן האָבן נאָך אַלץ געוואָלט קויפן אַלטוואַרג און פאַרקויפן בייגל, און האָבן מיט די געבראַכטע מציאות מויערן שיעור נישט דורכגעבראָכן. היינט מוזיק — אָט האָט מען ערגעץ אָנגעשטעלט אַ גראַמאָפאָן, איז געקומען צו גיין אַ בעטלער מיט זיין גראַמאָפאָן און אונטערגע־האַלפן. אָט איז געקומען צו גיין אַ גויע און זיך צעזונגען ווי אַ פויגל. באַלד האָט זיך דערהערט אַ יידיש, תחינהדיק געבעט פון אַ צעוויינטיקטער פרוי אין שמאַטעס.

— וואַרפטס עפּעס אַראָפּ! יידן, האָט רחמנות אויף אַן אָרעמער, קראַנקער אַלמנה, מיט זעקס קליינע קינדער און וואַרפטס עפּעס אַראָפּ!

— יידן בני רחמנים — „וואַרפטס אַראָפּ אַ קאַליקע"!!!

א. א. וו.

מיכאלן איז עס נמאס און מאוס געוואָרן און ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מיטצוגיין מיט יוספן. איז נעבעך דער אָרעמער הויקער אַליין געקראָכן. און מיכאל איז זיך בעסער גאַנ־צע טעג געגאַנגען שפּאַצירן, איבער יענעם וואַרשע, ווו עס האָט געוואַקסן אַ בוים. ווו ס'איז געווען זויבער און שטיל. ווו ס'האָבן געגלאַנצט שויבן און געבליט בלומען אין וואַזאָנעס לעבן פענ־סטער. אָדער ס'זענען גאַנצע טעג געווען אַראָפּגעלאָזט שטאָרן פון בהרחבהדיקע, לופטיקע וווינונגען, פון וואַנען די באַוווינער זע־נען אַוועק אויף דאַטשעס אָדער קיין אויסלאַנד.

ביי דבורהלען איז אַזש ס'האַרץ געשפּרונגען פון גלוסטעניש, אַליין אַרויסצולאָזן זיך איבער יענע חלומות, וואָס מיכאל קאָן דערגרייכן און זי נישט. — און אַלץ איבער אַ הוט.

וואָס וואָלט איר געפעלט, ווען זי איז אַ יינגל? נישט אומזיסט זאָגט דער טאַטעשי, אַז אַ מיידל דאַרף גאַרנישט אויסוואַקסן. פאַרוואָס קאָנען נישט פרויען און מענער גיין אָנגעטאָן אין דיי־זעלבע מלבושים? דעמאָלט וואָלט זי דאָך, אַזוי גוט ווי מיכאל, גע־קאָנט גיין, ווי זי וואָלט געוואָלט.

זי האָט זיך דערוואַרט! געקאָנט קויפן אַ הוט, גיכער ווי מאַכן רעפאָרם.

אין אַ פרימאָרגן. די ניינטע וואָך איז עס געווען, זינט זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן קיין וואַרשע, האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין טיר, דבורהלע האָט געעפנט און איז אָפּגעשפּרונגען. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דער רבי איז געקומען, נאָר אין אַנדערע מלבושים.

— דער רבי זאָל לעבן איז דאָ? — האָט אַ פּאַרשוין מיט אַ גלאַט־ראַזירטער, בלוי־רויטער מאָרדע, מיט אַ בויך, וואָס האָט זיך בײַ אים אָנגעהויבן בײַם סאַמע האַרץ. מיט אַ הינטערן, וואָס מען וואָלט געקאָנט אַ שטאָט אויסבויען אויף אים, אַ פרעג געטאָן מיט אַ קול פון עטלעכע באַסן אין כאָר.

— דער טאַטעשי איז אין שטיבל!

— ווען וועט ער זיין אינדערהיים?

— אין אַ האַלבע שעה אַרום.

— אפשר וואָלט יאַך דאָ געקאָנט צוואַרטן?

דבורהלע איז געוואָרן ווייס ווי די וואַנט. אַ דערציטערטע האָט זי אים אַריינגעפירט אין בין־דין־שטוב. זי האָט אים געבעטן זיצן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן פּוכיקן „הענטל"... אויפן ברייטן, לעדערנעם פּאַס, פאַרגלייכט די ווייזערס מיטן גאָלדענעם זייגער, וואָס האָט געהאָנגען אויף אַ דיקער, גאָלדענער קייט בײַ אים אויפן בויך, און האָט זיך געזעצט.

די שטול האָט געקרעכצט, ווי אַ בעל־יסורים. דער ייד האָט אַ קוק געטאָן אויף דבורהלען מיט זיין גוטמוטיקן גנבישן בליק און זי אַ פרעג געטאָן:

— זי האָבן מורא?

— ניין! חלילה! כ'מיין, פאַרוואָס זאָל איך מורא האָבן?

ער האָט זי נאָכאַמאָל אָנגעקוקט.

— טאָמער האָבן זי מורא? זאָגן זי מיר ליבערשט!

— אַ האָר אויך נישט! — האָט אים דבורהלע פאַרזיכערט און האָט זיך אַריינגעשאַרט אונטערווייַלעכץ אין שלאָף־חדר, וווּ רייזעלע איז נאָך געשלאָפן.

זי האָט שטילערהייט איינגערוימט דער מוטער מכח דעם

נאַסט. זי האָט איר געבעטן, זי זאָל זיך אָנטאָן און אַריינקומען, מחמת זי האָט פאַר אים מורא.

רייזעלע האָט איר אָנגעקוקט מיט ביטול.

— זיי נישט קיין בהמה! אין וואָרשע דרייען זיך נישט אַרום קיין מענטשן־פרעסער אין די גאַסן. גיי בעסער גלייך צוריק אַריין, ס'פּאַסט נישט צו לאָזן זיצן אַ מענטשן אַליין.

— מאַמעשי, אַזאַ ריז האָסטו נאָכנישט געזען! ר'איז נאָך גרעסער פונם רבין.

רייזעלע האָט זיך שטיל צעלאַכט.

— נו, גיי שוין אַריין, חכמה מיינע!

דבורהלע האָט זיך געפּאָרעט ביים פּאָטערם ספרים־שענקל. גלייכגעלייגט די ספרים. אָפּגעשטויבט דעם טיש. אין אָרדענונג געבראַכט די צעוואָרפענע חדושים, וואָס ר' אברהם בער האָט צוליב דער שפּעטקייט נעכטן ביינאַכט נישט אָוועקגערוימט. זי האָט גע־זוכט אַרבעט, אַבי נישט צו דאַרפן אָנקוקן דעם פאַרשוין אויף דער אָבצנדיקער שטול. נאָר צום גליק האָט ר' אברהם בער נאָכ־נישט געהאַט מיטגענומען דעם טלית און תפילין און איז באַלד אָנגעקומען.

— גוט מאָרגן, רבי! — האָט דער ייד אויסגערופן און איז מיט איבערגעטריבענעם דרך־ארץ אויפגעשפּרונגען פון דער שטול, וואָס האָט הייזעריק געברומט.

— אַ גוט יאָר — האָט ר' אברהם בער געענטפערט דעם יידן, וואָס האָט אויף אים אויך אָנגעוואָרפן אַ פּחד.

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס? — האָט ר' אברהם בער געפרעגט, אויסמיידנדיק אים אָנצוקוקן. ער האָט אים געבעטן זיצן, און ווי ער וואָלט דערפילט אַ חרטה אויף דער אָפּנייגונג, האָט ער אים איצט געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. און מיט אַזאַ האַרציקייט, אַז דער ייד האָט זיך דערפילט סיי היימיש, ווי מיט אַ ברודער, סיי שעמעוודיק, ווי פאַר אַ טאַטן, ווען מען ווייסט, אַז מ'האָט עפּעס אָפּגעטאָן אַ מיאוסע מעשה.

— שעם דיך נישט! פאַר מיר מעגסטו אַלץ דערציילן — האָט ר' אברהם בערס באָרד געזאָגט, און די אויגן האָבן צוגעגעבן... מילא, מיר זענען דאָך אַלע נישט מער ווי מענטשן. דאַרף מען זיך קעגנזייטיק פאַרשטיין און מוחל זיין. — יאָ, מוחל זיין.

דער ייד, וואָס איז געווען דער רבי פון די וואַרשעווער גנבים, אין אַ געוויסער געגנט, האָט דערפילט אַ שטאַרקע באַדער־פעניש אָפּצורעדן זיך פונם שמאַלציקן האַרץ.

ר׳ אברהם בערס פנים האָט געשאַפן מוט און דער ייד האָט דערציילט... נאָר ס׳וואָלט זיך בעסער גערעדט, ווען — ווען ער קאָן אַזוי צעעפענען דעם קאָלנער, ס׳זאָל לויזער ווערן און נישט שטיקן אַזוי אין האַלז.

יאָ, אַלץ וועט ער דערציילן. גאָרנישט אויסלאָזן, אָבער ווי אַזוי הויבט מען אָן? ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף ר׳ אברהם בערן. אַביסל אָפּגעהוסטלט צוריק, אַריינגעלייגט דאָס ווייסע טאַשנטוך אין דער ברייטער הויזן־קעשענע. און עס איז אים איינגעפאַלן — יאָ, אַזוי אַרום וועט ער צוקומען צו דער זאַך.

— הממם! הייליקער רבי! כ׳וויל פרעגן אַ שאלה!

— נו, מהיכי־תיתי! — האָט ר׳ אברהם בער געענטפערט מיט אַ צופרידנקייט און אַ נחת־רוח, וואָס אַזאַ פאַרשוין וויל פרעגן אַ שאלה, — איי, איי, איי, — אַ יידישע נשמה איז טאַקע באמת גאָרנישט אָפּצושאַצן.

— עס איז אַזוי — האָט דער פאַרשוין זיך באַמיט צו רעדן שטיל. און מען האָט געהערט יעדעס וואָרט אין רייזעלעס שטוב. — יאָך בין אַ ייד! אַ ייד, איר פאַרשטייט, רבי? ביי מיר ווערט געפירט אַ כשר הויז, ווי ביי אַלע יידן. די יאַטן טרעטן נישט איבער מיין שוועל. זיי זאָלן אפילו באַלד די כאָלערע קריגן, נעם איך זיי צו מיר אין הויז נישט אַריין. און זיי וואָלטן געהרגעט גע־וואָרן, ווען זיי רירן אָן מיינס אַ קינד, אָדער זיי פאַרלייקענען עפּעס!

— קינדער, זאָג יאָך צו זיי, איר זאָלט וויסן, אַז מיין נאָמען איז בערל פּאַס! און דאָס איז גענוג! זיי ווייסן, אַז יאָך׳ל זייערס נישט פאַרלאַנגען און זיי פאַרלאַנגען מאַנס אויך נישט. פאַר מאַנס אַ יאַט קאָן איך שווערן, קענעך פאַר זיין אָרנטלעכקייט, געבן אָפּ ביזן לעצטן גראָשן, און טאָמער זאָגט מיר איינער, אַז אַזויפיל האָט ער געמאַכט און נישט מער, גלויב איך אים. וואַל יאָך ווייס, אַז זיי זענען ערלעך און אַ וואָרט איז אַ וואָרט. נאָר וואָס קאָן מען טאָן, אַז ס׳איז באַשערט אָן אומגליק, קומט עס אין שטוב אַריין. מעג מען שוין האָבן די ציין אויפגעפרעסן ביי דער כאָליערעריקער

פרנסה. און אַז יאַך בין אַ יאָלד, עט קיינער נישט זאָגן. און זעט איר דאָך, אַז מ'קאָן נישט אַלעמאָל זיין קיין ווילער. דאַרף אָנ־קומען אַביסל סחורה פון דער פּראָווינץ און אומגעריכטערהייט און אַז ס'איז סחורה איז עס דאָך נישט קיין מיידן, וואָס איר קאָנט זיי לאָזן אַרומדרייען זיך אין די ראָגעס. מוז מען עס דאָך באַזאָרגן און געווען איז עס אינגאַנצן אויף צוויי טעג, נישט מער, ביז ס'עט אָפּגיין די שיף. און דאָ איז פּונקט נישטאָ קיין אָרט און היטן מוז מען זיך. האָב איך זיי דערווייל אַריינגענומען צו זיך. וואָס קאָן מען טאָן — ס'איז דאָך ס'שטיקל ברויט און ס'איז שטרענג האַנט. איר קאָנט נישט „אָפּחושכן" די פּאָליציי מיט קיין גראָשנס, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, זיי ווילן, זאָגן זיי אַליין, אָדער אַריינ־כאַפּן ווי ס'דאַרף צו זיין און אַז נישט, קאָנען זיי זיך פאַרגינען צו זיין אָרנטלעכע מענטשן. איז וואָס קאָן מען טאָן? פּרווט מען ווי ווייט מעגלעך דורכצופירן אין דער שטיל און נישט אָנצוקומען צו זייערע מענטליקעס.

— וואָס־זשע איז די שאלה? — האָט ר' אברהם בער נישט פאַרשטאַנען אַ וואָרט און נייגעריק אָנגעקוקט אים.

— איר עט באַלד הערן וואָסאַרע בראָך ס'איז מיר געשען! דער שותּף מיינער איז אַ יונגער יונג און אַ שיינער, אַ העלדישער יונג. אַלע ווערן זיי פאַר אים די כפּרה — הויך און גלייך, ווי אַ סאָסנע, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ, מיט אַ פּאָר וואָנסעלעד און מיטן שטעקעלע און מיטן חנ'דלען זיך, ווי ער וואָלט כאָטש געווען אַ פּריץ — נעמט ער זיי ווי די פליגן. נו, האָט מיך אַליין אַן אומגליק געטראָפן. האָט זיך מיין הירישע טאָכטער אויך אין אים פאַרליאַפּטשעט. און, אַז דער מאַן האָט זיך דערוווסט—ער האָט זיך נאָך אַליין פאַרן באַרימט—אַ בראַנד אים אין די פּראַנצעוואַטע קישקעס אַריין — וויל ער נישט הערן פון איר: אַ גט און מער הערט מען נישט, און דאָ איז זי אין אַזאַ צייט. ער גלויבט שוין איצט נישט, זאָגט ער, אַז דאָס קינד איז זיינס און ער וויל נישט ווינען מיט איר. עס העלפט נישט קיין רייד און קיין סטראַשונקעס. ערשט פאַראיאָרן אָפּגעקאָסט מיך אַ מאַיאָנטעק, געוואָלט האָבן אַ לייטישן איידעם. אַליין איז מען אַריינגעגראָבן ביז אַהער, — האָט דער ייד אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט אונטער דער מאָרדע — וויל מען כאָטש אַ קינד נישט אַריינפירן. נו, זעט איר דאָך, נו,

אַז ס'איז באַשערט, העלפט נישט קיין װעלן, אַז כאַטש קוילע דיך. סורוועו! וואָס האָסטו מיר געטאָן? שראַיעך. פאַרוואָס אָסטע מיך אומגליקלעך געמאַכט? ענטפערט זי נישט און זעט אויס, אַז ס'ברעכט אַזש ס'האַרץ. ס'איז דאָך פאָרט אייגן בלוט און פליש. ער אָט געוואָלט אָפּטאָן דעם איידעם אַ שפּיצל, פאַרוואָס ער האָלט זיך גרויס און האַלט זיך פון אים און פון דער גאַנצער כאַליאַס־טרע פונדערווייטנס, האָט ער דערווייל מיך אומגליקלעך געמאַכט. ס'איז וואָר, כ'האָב אים אַזוי צעהרגעט, אַז ס'איז געבליבן פון אים קרעפּל־פליש, און זאָל ער נאָר אַרויס פון שפּיטאָל, וועלן אים מיינע יאַטן פאַרטיק מאַכן, ווי יאָך בין אַ ייִד, אַז קאַ לעבעדיקער וועט ער פון מאַנע הענט נישט אַראָפּ; אָבער וואָס טוט מען דער־ווייל, יענער יאָלד וויל אַ גט, זאָל זאַן אַ גט, זאָל ער מיר זאַן פּאַר אַ שיינע ריינע כפּרה! אָבער וואָס איז דאָס קינד נעבעך שולדיק, פאַרוואָס זאָל דאָס קינד נעבעך ווערן אַ לעבעדיקער יתום?

ר' אברהם בער האָט זיך שטאַרק געגלוסט אַ שפּיי טאָן און ווייזן דעם פאַרשוין די טיר. איז ערשטנס, האָט ער מורא גע־האַט, און צווייטנס, מוז מען דאָך זען, זיי זאָלן איר ביידע אָפּגטן: ס'איז דאָך נישט קיין קלייניקייט! הגם ער האָט נישט פאַרשטאַנען לחלוטין מכח דער „סחורה", די יאַטן א.א.וו., האָט ער אָבער גוט פאַרשטאַנען די „אומדערהערטע" נבלה, וואָס דעם רבינס טאָכטער איז באַגאַנגען — אַן אשת איש, רחמנא לצלן! ער האָט זיך דערפילט גאָר פּאַסקודנע.

— ווי אַלט איז דאָס קינד? — האָט זיך ר' אברהם בער פאַר־געסן.

— דאָס קינד איז נאָך דערווייל גאָרנישט אַלט. נאָר זי רעכט זיך אַ ליאַדע טאָג. יאָך וויל טאַקע וויסן, הייליקער רבי, אַז סעט זאַן אַ ייִנגעל, צי עט מען מעגן מאַכן אַ ברית — אָנעם פאָטער?

— פאַרשטייט זיך! מען וועט מוזן מאַכן! נאָר דערווייל מוז אייער טאָכטער גטן זיך מיט ביידע מענער — האָט ר' אברהם בער געפּסקנט. — תיכף גטן, איר פאַרשטייט? מען טאָר נישט וואַרטן!

דער רבי האָט זיך אַ האַסטיקן שטעל אויף געטאָן, אַ מרוקע געטאָן, ווי אַ פאַרוווּנדעטער אָקס, טיף און הויך אָפּגעזיפצט.

— הייליקער רבי! יאָך ויאָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט זיי כאָטש גטן, די צוויי ווערעמדיקע איידעמס מיינע.

ר׳ אברהם בער האָט זיך פאַרטראַכט.

— קומט אַריין מיט אייער טאָכטער און מיטן איידעם אין דריי טעג אַרום, איך וועל דערוויייל אַלץ צוגרייטן, הייסן דעם סופר שרייבן דעם גט און דערנאָך וועל איך אייך זאָגן, ווען צו קומען מיטן אַנדערן.

— אַ שיינעם דאַנק אַך, רבי! אַ גרויסן דאַנק אַך! זאָל אַך גאָט אָפּהיטן פון אַזעלכע צאָרעס! — האָט דער פאַרשווין צוגע־ווונטשן ר׳ אברהם בערן און אין די קליינע אויגעלעך זענען צוויי גרויסע טרערן געשטאַנען.

ר׳ אברהם בער איז געגאַנגען אָפּ־און־אויף דער שטוב אַ צערודערטער. אַזאַ חלול־השם! אַ יידישע טאָכטער! ער האָט זיך עם בשום אופן נישט געקאָנט שענקען. אַ חוץ מזה האָט אים גע־עקלט דער געדאַנק, אַז ער זאָל גראָד דאַרפן דורכפירן אָט די צוויי גט׳ן, נאָר ער טאָר זיך דאָך נישט אָפּזאָגן צוליב אַסך טעמים. ערשטנס איז עס דאָך זיין חוב אַלס רב, אויב מען האָט זיך צו אים געווענדעט. ס׳אַנדערע, איז עס דאָך זיין פרנסה, און אַ חוץ אַלעם וואָלט ער געוואַגט אים אָפּצוזאָגן, דעם נפש, וואָס האָט זיך באַרימט, אַז כאָטש ר׳איז אַ רבי, פונדעסטוועגן גנבעט ער נישט?

אַלערליי רבים פאַראַן אויף דער וועלט, איז ר׳ אברהם בערן דורך אַ מחשבה. ער האָט זיך קוים־קוים איינגעהאַלטן נישט צו לאַכן, קוים דער שמייכל איז אים געבליבן שטעקן צווישן באָרד און וואָנסעס.

— ווער איז עס דאָ געווען אַזוי לאַנג? — האָט רייזעלע גע־פרעגט ביי ר׳ אברהם בערן.

— אַ ייד האָט געוואָלט אַ שאלה פרעגן.

— וואָס־זשע האָט ער אַזוי לאַנג געשריגן?

— עט, גאָרנישט! — האָט ר׳ אברהם בער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, פון וואָס רייזעלע האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל איר נישט זאָגן אין דבורהלעס קעגנוואַרט.

שפּעטער אַביסל האָט ער איר דערציילט און זיך באַקלאָגט אויף וואַרשע.

— אָט דאָס איז די מעשה מיט וואַרשע, אין אַ קליין שטעטל הערט מען נישט אַזעלכע מעשיות, רחמנא לצלן!

— ווי קומט עס, וואָס ער האָט זיך גראָד געוווּנדערט צו דיר?

— האָט זיך רייזעלע געוווּנדערט.

— ווער ווייסט? אפשר האָט אים עמעצ אַרויפגעשיקט. ס'איז שטאַרק נישט ניחא — האָט ר' אברהם בער געזיפצט און זיך פאַר־ענטפערט, אויפגעוויזן די טעמים, פאַרוואָס ער האָט עס אָנגענומען.

— ס'איז גאָרנישט צו פאַרשטיין, וואָס אַזעלכער וויל אָפּהיטן אַ דין — האָט זיך רייזעלע געחידושט.

— פּלאי פּלאים! — האָט ר' אברהם בער געזאָגט. — פאָרט אַ יידישע נשמה, ווייזט אויס, אַ פאַרבלאָנדזשעטע נעבעך, האָט זי נישט קיין רו,—האָט ער גענעבן צו פאַרשטיין רייזעלען און איז, דאָסמאָל שוין אָן אָנגעלאָדענער מיט טלית און תפילין, אַוועק אין שטיבל אַריין.

אין פיר טעג אַרום איז געקומען צו גיין דער רבי. ער איז אינם משך פון די עטלעכע טעג שטאַרק אַראָפּ. ער האָט אויסגעזען קלע־נער אַביסל. דער בויך איז אים, דאַכט זיך, אויך קלענער געוואָרן דורך דער צייט. נאָך אים האָט זיך נאָכגעשלעפּט די טאָכטער, אַ פרוי פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק — נישט מער, מיט אַ ווייס, פול פּנים און אַ פּאָר שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, פאַרשאַרצטע ליפּן און אַ דיקלעך נעזל. אָנגעטאָן אין היטעלע אויפן קאָפּ, וואָלט מען זי טאָקע געקאָנט אָננעמען פאַר אַ רבינס אַ טאָכטער — אַזאַ פיינעם אויסזען האָט זי געהאַט. נאָך איר דאָס ווייב, דעם רבינס. אַ יידענע נישט קיין סך אַריבער די פערציקער, מיט אַ שפּיציקער נאָז אויף אַ פאַרזייט פּנים פון געלן מאָן, געמישט מיט ברוינעם פעפער, מיט אַ פּאָר פאַרווײנטע אויגן און שטאַרק צעפוילטע ציין.

ר' אברהם בער האָט פאַרמאַכט די גמרא. געהייסן דעם פאַר־שווין זעצן זיך. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז געקומען דער סופר און זיסקינד, דער שמש פון שטיבל, וואָס איז איצט געווען ר' אברהם בערס שמש אויך — פון צייט צו צייט. זיסקינד האָט אַוועק־געשטעלט אַ הילצערנע באַנק ביי דער וואַנט, וואָס קעגנ־איבער דעם טיש, און געבעטן די ווייבער זיצן. אין אַ צען מינוט אַרום איז געקומען דער מאָן, אַ הויכער, מיט אַ ראַ־זירטער מאָרדע, וואָס איז געבליבן שוואַרץ, צוליב דער טיפער שוואַרצקייט פון זיינע האָר. ער האָט באַגריסט די מענטשן ביים טיש און זיך באַמיט אויסצומיידן דעם שווער און די ווייבער

קעגנאיבער. עס איז קיין סך נישט געטענהט געוואָרן, ווייל דאָ איז נישט געווען די פראַגע פון פּרוּוון שלום מאַכן. ער האָט זיך נישט געוואָלט זעצן. כסדר אַרומגעדרייט זיך איבער דער שטוב. ער האָט אויסגעזען שטאַרק פאַרביטערט. מען האָט געזען, אַז ער מאַטערט זיך צו האַלטן זיך קאַלט און טרוקן. נאָר אין די אויגן האָט גע־ברענט אַ פייערל, וואָס האָט דערציילט פון שטאַרקער אויפגערעגט־קייט, פון יסורים און רציחה. דאָס ווייב זיינס האָט זיך געהאַלטן רואיק, נאָר די מוטער האָט נישט אויפגעהערט צו כליפּען, שנייצן די נאָז, וואָס האָט רויט געגלאַנצט און פון שפּיץ האָט אַ קאַפּקע, ווי אַ טרער, געהאַלטן זיך אויף משקולת.

די צדדים זענען זיך צעגאַנגען. דער רבי האָט, שטייענדיק שוין ביי דער טיר, געזאָגט ר' אברהם בערן, אַז דעם אַנדערן וועט ער ברענגען אַזוי גיך, ווי ער וועט אַרויס פון שפּיטאָל. נאָכדעם, ווי ער האָט באַצאָלט דעם סופר און דעם שמש, איז ביי ר' אברהם בערן געבליבן גאַנצע פיר קערבלעך. — דאָס האָט נאָך פריער קיינ־מאָל נישט געטראָפן, אַז פון אַ גט זאָל ער האָבן פיר רובל.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז געקומען צו גיין דער שותף מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, מיט אַ שטעקן אין האַנט, וואָס האָט אים געהאָלפן אין גיין, מחמת ער האָט אַביסל אונטערגעהינקט. דאָס ווייבל האָט אויסגעזען אַ סך בלאַסער און אַ סך מאָגערער. אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן קאָסטיום, האָט זי אויסגעזען עפּעס מער, ווי אַ קינד. די מוטער איז נישט מיטגעקומען, נאָר דער פאָטער. ער האָט איצט אויסגעזען גאָר לעבעדיק. אַ טריאומפירנדיק פייערל האָט געגליט אין די קליינע, איינגעזונקענע אויגע־לעך. נעבן דער טיר זענען געשטאַנען צוויי געזונטע יונגען. איינער האָט כסדר געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס און דער אַנדערער, אַ שוואַרצער יונג, מיט אַ פּאָר אויסערגעוויינלעך ברייטע פּלייצעס, אַ נידעריקער, האָט אים געהאַלטן אין איין דערמאָנענען, ער זאָל נישט פייפן. יענער האָט כסדר פאַרגעסן. זיך געכאַפּט און אויפגעהערט.

— איר זעט, רבי, דאָס איז ער, דער יאַט! ער האָט נישט געוואָלט קומען. ביי אים איז זי אַזוי אויך כשר, זאָגט ער. נאָר ביי מיר וועט ער שוין קומען אין דר'ערד אריין! איר זעט די צוויי יאַטן ביי דער טיר? אויף זיי קאָן יאַך מיך פאַרלאָזן.

ר' אברהם בער האָט זיי ערשט איצט דערזען.

— זיצט — האָט ער זיי אָנגעבאָטן.

די צוויי חברה־לייט האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אַרויסצושיסן מיט אַ געלעכטער. דער שותּף האָט פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ באַהאַלטענעם בליק פונם באַנדאַזש אָפּער אויפן בלאַסן ווייבל, וואָס האָט געשלונגען איינגעהאַלטענע טרערן. ער האָט געטאָן, וואָס מען האָט אים געהייסן (אַ בּרירה האָט ער געהאַט?). דער רבי פון די גנבים האָט זיך אָפּגעווישט ס'פּנים, געוואָרפן אַ טריאומפירנדיקן שמייכל צו די צוויי בחורים נעבן דער טיר. די צוויי פרשוינאָען האָבן זיך איבערגעקוקט מיט פאַרשטענדיקע בליקן, אָפּגעענטפערט דעם רבין מיט גנבישע ווונקען און אַלץ איז געווען אין גוטער אָרדענונג.

— איר זעט, רבי! בּיי מיר, אַז יאָך בּין צופרידן פון אַ שטיקל אַרבעט, שפּילט בּיי מיר קיין געלט קיין ראָלע נישט! נאָט אָך, רבי, צען רובל! ווי יאָך בּין אַ ייד, קיין גראָשן נישט ווייניקער! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. דער רבי האָט מיטן צענער־רובל אין האַנט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אַריין, אַז אַלץ אין שטוב האָט אַ ציטער געטאָן. — קיין גראָשן נישט ווייניקער! — האָט ער געשריגן, ווי עס וואָלט זיך עמעץ געדונגען מיט אים און דווקא געוואָלט ווייניקער.

— אַ גוטן, רבּי!

— אַ גוט יאָר!

דער נפש האָט אַ נעם געטאָן די טאָכטער בּיי דער האַנט.

— קום, „פּראַצנויקע", — און צו די יונגען: — נעמט אים!

דער פאַרבאַנדאַזשירטער איז געטריבּן געוואָרן פון די צוויי חברה־לייט אַהיים.

ר' אַברהם בּער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום דער שטוב, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט נאָכאַמאָל איבערצייגן, אַז ס'איז שוין קיינער נישטאָ.

ער האָט אַ באַפרייטער אָפּגעזיפצט.

— רבּי, איר האָט פאַרגעסן דאָס געלט אויפן טיש — האָט אים זיסקינד נאָכגערופן, בּעת ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט אַריינגיין אין רייזעלעס חדר. ער האָט אים אָקעגנגעטראָגן אַ „קנאַקעדיקן" צענער־רובל, אים דערלאַנגט ר' אַברהם

בערן. די אויגן האָבן ביי אים געבלישטשעט, ווי ביי אַ קאַץ, ווען זי דערזעט אַ מויז.

ר׳ אברהם בער האָט אים געגעבן דאָס זייניקע — פון אַלע קעשענעס אַרויס. דער שמש איז אַוועק אַ טאָפּלט צופרידענער. ער האָט היינט געהאַט אַ יאָרצייט אויך...

— שוין איבערגעקומען?

— געלויבט השי״ת!

רייזעלע האָט דערזען דעם צענער־רובל נאָך אַלץ ביי ר׳ אברהם בערן אין האַנט.

— וואָס, צען רובל האָט ער דיר געגעבן? — ר׳ אַברהם בער האָט אַוועקגעלייגט דעם צענער־רובל ביי רייזעלען אויף דער קושעטקע און זיך גענומען פאַרענטפערן:

— אפשר נישט געדאַרפט נעמען אַזויפיל. נאָר כ׳האָב פּשוט מורא געהאַט, ר׳איז עפּעס היינט געוועזן אַנדערש, ווי דעמאָלט, כ׳האָב באמת מורא געהאַט.

— אַזאַ נבלה איז נאָכנישט געהערט געוואָרן, — האָט רייזעלע געזאָגט.

— השי״ת זאָל שומר ומציל זיין — האָט ר׳ אברהם בער געזאָגט. — ער זאָל אונז צושיקן די מזונות אויף אַן אַנדער אופן —נישט פון אַזעלכע נבלות — האָט ר׳ אברהם בער אַרויפגעקוקט אויף דער סטעליע, און איז אַריין צוריק אין בית־דין־שטוב. דבורהלע האָט אים אַריינגעטראָגן אַ גלאָז טיי. ער האָט אויף איר אַ וואַרעמען קוק געטאָן און זי געבעטן, זי זאָל אַביסל „גלייך מאַכן״. זי האָט אָפּגעווישט דעם טיש פון אַש, גלייכגעשטעלט די שטולן, צוגעקערט.

— ביזט אַ טייער קינד, דבורהלע! האָסט אפשר נאָך אַ גלעזל טיי? — דבורהלע האָט אים אַריינגעטראָגן נאָך אַ גלאָז טיי, ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן עמוד, אויפגעעפנט צוריק די גמרא און אין איר ערשט געפונען אַ באַרואיקונג.

דבורהלע האָט שוין אַ הוט: זי דאַרף שוין נישט זיצן קיין איינגעשפּאַרטע און וואַרטן אויף מיכאלס טובות, ער זאָל איר דערציילן פון נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, כדי איר נאָך מער אָנצוציען.

שבת נאָכן טשאָלנט וואַשט מען נישט קיין געשיר. און אַראָפּ־

רוימען פון טיש, צוקערן, זעסטו א פינטל מיטן אויג — און מ'איז פארטיק. בפרט, אז מ'דארף אנטאן א פונק־ניי קליידל, מיט א היטל, וואס איז אי שיין, אי באטעמט — דאס האט פאננא רוזשקא שוין אויך מודה געווען — און זי דארף טאקע קומען היינט, ארויסנע־מען זי אויף אן ערשטן שפאציר איבער דעם „אמתן ווארשע'' — ווי מיכאל דריקט זיך אויס. און אויפן הארץ איז יום־טוב־דיקער, ווי מ'וויל נאך ארויסווייזן — און אט קלאפט זי דאך שוין טאקע אין טיר, פאננא רוזשקא.

— א־א! א גוט יאר, זיצן זי.

— ס'מאכט נישט אויס, כ'קאן שטיין — זאגט פאננא רוזש־קא און זעצט זיך.

— פאטיגירן זי זיך נישט, כ'האב ערשט געטרונקען.

— נו, טא נעמען זי כאטש א בארנע — בעט דבורהלע און זעצט ארויף ס'היטל, עפעס נישט אינגאנצן אזוי ווי פאננא רוזשקא האט איר געלערנט, בשעת זיי האבן עס געקויפט.

— אזוי, זי זעען, קליידט עס אינען א סך שענער, — זי רוקט איר אן ס'היטל אין א זייט און זיי פליען שוין פון די טרעפ, מיט א צאפלעניש, מיט א פלאטערניש, פריילין רוזשקע קאן קוים מיט־האלטן דבורהלען, וואס כאפט זיך באצייטנס און מעסיקט אירע טריט, כדי צו פארקלענערן דעם דיסטאנץ. קוים־קוים, וואס עס געלינגט כאטש אביסל צו באהאלטן דעם ציטערדיקן חשק, דעם קוועקזילבער־געפיל.

די זון שיינט ווי אויף באשטעלונג. אויף דער גאס איז לעבע־דיק.

די טראטוארן זענען געפאקט. עס שפאצירן און עס שטופן זיך פארלעך, מיידלעך מיט חתנים און מיידלעך אן חתנים. מייד־לעך מיט לאנג־געקליידעטע בחורים, מיט וואויל־יינגערישע, קליינ־טשיקע, געממזרטע היטעלעך, מיט שפיגלדיקע שטיוועלעך, און מיידלעך מיט קורץ־געקליידעטע בחורים, מיט לאנגע הויזן, מיט קאמאשן, מיט שטייפע קעלנערלעך, הערצלעך און מאנזשעטן, וואס זענען לגמרי גיט אויס ווי קיין פאפירענע, נאר מיט א היטל אנשטאט א קאפעלוש אויפן קאפ. ווייבער מיט מענער און ווייי־בער אן מענער. דארע ווייבער און קערנדיקע ווייבער. קליינוואוקס פעלט אודאי נישט. יונגוואוקס שטופן זיך דורך א וועג, כאפן זיך

אוועק פון א היימיש אויג און פארן זיך אוועק קיין „באגאטעלע־גארטן". קורץ־געקליידעטע, פריוווילעגירטע פונם צאר, גייען אריין אין זאקסישן גארטן, שפאצירן דארט פראנק און פריי, ווי זיי וואלטן גאר קיין יידן נישט געווען. יידן בעלי־מלאכות שפאצירן זיך אוועק אין קראשינסקים גארטן. און אויף דער גאס איז שלעכט צו שפאצירן? אז ארבעטן דארף מען נישט, קיין געלט מאנט מען נישט. מ'איז פריי און פארזארגט מיט עסן, כמעט אויפן גאנצן טאג. ווער פילט דעם עיפוש? ווער מען ארט דער שטויב, די שפיציקע שטיינער, וואס דרייען אויס די פיס. מ'איז מיט אלעם אזוי צוגעוווינט, אז מ'וואלט זיך אן זיי גארנישט גע־פילט אינדערהיים.

דבורהלען איז דידאזיקע גאס גוט באקאנט. באזונדער די שבתים קען זי אזוי גוט, אז זי קען דאכט זיך יעדעס פנים דא, יעדעס קינד, יעדעס שטיינדל, מיט פרמאכטע אויגן וואלט זי זיי דערקענט, צוליבן לאנגן ארויסקוקען דורכן פענסטער. אפילו די מיידלעך מיט די פארביקע טיכער, איינגעלייגט אזוי, אז זיי קומען אוים מיט א שפיץ אויף דער פלייצע, וואס טראגן קיינמאל נישט קיין הוט, זעען תמיד אויס געזונט און רויט... און שפאצירן אפילו אין מיטן וואך אויך אויף די טראטוארן, זעען היינט אויס שבתדיק.

דבורהלעס באקן באגיסן זיך מיט א זאפטיקער פרישקייט. זי קאן זיך פשוט נישט קיין עצה געבן מיט אזויפיל גליק. אט באלד וועט זי זיין דארט, ווו זי האט ביז איצט נישט געקאנט זיין. נאר — ס'שטעלט זי אפ די ווייץ־הענדלערין מיטן בלאנדן שייטל, וואס, אז זי קומט א שאלה־פרעגן, טראגט זי תמיד א פעקל אונטערן מאנטל, צעבליט זיך ווי א רויז און סודעט זיך מיט דער מאמעשי. און טאמער זאגט מען איר, אז ס'איז כשר, רופט זי אויס מיט א שמחה: „געלויבט דער רייבישטער" און די מוטער זאגט, אז זי איז א בהמה...

— ס'כאדיש אינען, דבורהלע! — וואס מאכט עפעס די מאַ־מעשי? א. א. וו. א. א. וו. איר חלשט ס'האריץ — — נאר זי איז שוין איר אויך איבערגעקומען.

— זי וויסן, מ'איז שוין אויף דער קרולעווסקע, — זאגט די חברטע.

— אַ שיינע גאַס! — זאָגט דבורהלע — ריין ווי גאָלד! זעען זי נאָר, ווי ריין דאָ איז!

— דאָס איז נאָך גאָרנישט! באַלד וועלן זי אַריינקומען אין דער מאַרשאַלקאָווסקע, וועלן זי זען אַ גאַס! — נו, וואָס זאָגן זי עפּעס צו דער גאַס? — פרעגט פאַננאַ רוזשקאַ מיט שטאָלץ.

דבורהלע ווייס נישט, וואָס זי זאָל זאָגן. ס'שווינדלט איר אַזש פאַר די אויגן. די גרויסע שויבן פון די שויפענסטער אין די מאַגאַזינען זעען אויס, ווי אָנגעצונדענע, ווי גאָלדענע, פאַרצירט מיט שטיקער קרישטאָל, עס גיסן זיך אויף פּלושענע קאַטעדרעס שטיקער קרעפּ־דע־שין, טיול, דורכזיכטיקע באַטיסטן, אַזעלכע פיינע, ווי געליטערטער שפּינוועבס זעען זיי אויס. ס'הענגען שטי־קער טוך, סאַמעט, זיידנס, מושלין — גאָרנישט, אין דער לופטן הענגען זיי, אויף משקולת. ווער טראָגט דאָס אַלץ? מ'זעט נישט, עס זאָל עמעץ אַריינגיין קויפן עפּעס, מ'זעט נאָר געשעפטן, מאַ־נופאַקטור, בלומען, יוועליר, מעבל, אַלערליי קונסט־אויסאַרבע־טונגען, בילדער־געשעפטן, און אַלץ איז פּרעכטיק, אַלץ איז גרויסאַרטיק. אַלץ ציט דאָס אויג. פאַר קיין איינציקס קאָן מען נישט סתם פאַרבייגיין און נישט אָפּשטעלן זיך. מען קאָן דאָ בלינד ווערן פון גלאַנץ.

אַ געפּאָרעריי אַביסל! אַ געקלינגעריי, אַ געמריטשעריי פון אויטאָמאָבילן, אַ געטריפּ־טראָפּ פון שיינענדיקע פערד, געשפּאַנט אין גלאַנציקע קאַרעטעס, אַ געפליערריי פון דראָשקעס, וועליסאָפּעדן — ווי, ווי, וואָס דאָ טוט זיך.

זי רעדט נישט אויס קיין וואָרט, דבורהלע. זי קאָן זיך גאָר־נישט גענוג אָנקוקן. נישט אָנזעטיקן גענוג ס'דורשטיקע אויג. איצט זעט זי ערשט, אַז מיכאַל האָט גאָרנישט איבערגעטריבן, אַז ס'איז נאָך שענער, ווי ער האָט דערציילט.

פאַרנאַכטצו האָט דאָס בילד שוין אויף אַן אמת איבערגע־שטיגן אין דבורהלעס אויגן יעדע פאַנטאַזיע. עפּעס האָבן זיך מיטאַמאָל גענומען צינדן די געשעפטן. די סחורות האָבן באַקומען אַ פאַנטאַסטישן אויסזען. ווי צוויי לאַנגע שנורן ליכטי־קע פערל. היינט די באַוועגלעכע רעקלאַמעס פון סינעמאַס (קינאָ), קאָנדיטאָרייען, די לעצטע האָט זי גאָר בייטאָג נישט באַמערקט. רעקלאַמעס און פּלאַקאַטן האָבן אפילו פאַרשוועכט אַביסל דעם

אָנבליק אין גורם געווען וואָכעדיקייט. נאָך מער וואָכעדיקייט האָבן אַריינגעבראַכט די מענטשן, וואָס זענען זיך אַהער אָנגעלאָפן פון די גערטנער אַרויס. אָנגעפילט די ברייטע טראָטואַרן און ווי די בינען אַרום האָניק אַרומגערינגלט די געשעפטן, וואָס האָבן זיך במילא געשלאָסן, איינס נאָכן אַנדערן. אין מאַנכע איז די ליכט נאָר פאַרקלענערט געוואָרן, אין אַנדערע — פאַרלאָשן. דער פאַרנעם איז איצט געווען אינגאַנצן אַן אַנדערער, ס'האָט געפעלט האַרמאָניע. פונדעסטוועגן האָט דבורהלע נאָך אַלץ נישט אויפגע־הערט באַוווּנדערן די שיינקייט פון דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס.

— זי וויסן, ס'איז דאָ נאָך שענער, ווי מיין ברודער האָט דערציילט.

פאַננאַ רוזשקאַ האָט הנאה געהאַט. זי האָט גענומען אָנרופן נעמען פון געשעפטן, פון סחורות.

— הערזעס געשעפט האָבן זי געזען? ניין? אָט איז עס דאָך! — דבורהלע האָט נאָר געזען דעם נאָמען און די עלעגאַנטע, דראַפּירטע ראָלעטן.

— זיי פאַרציען תמיד אַזוי די פענסטער — פאַרנאַכט. זי האָבן עס געדאַרפט זען בייטאָג, — איז פריילין רוזשקאַ אַריין אין דער אַמביציע און האָט זיך גענומען באַרימען מיט הערזעס געשעפט. דערציילן, מאָלן.

— און אין זאַקסישן גאָרטן זענען זי געווען?

— ניין!

— אַז זי ווילן, קאָן יאַך מיט אינען מאָרגן אַהינגיין. די רייכסטע פאַניענקעס גייען דאָרטן נאַ שפּאַצעראָווקע. מיט קיין לאַנגע קאַפּאָטעס לאָזט מען דאָרט נישט אַריין. אָן קאַ הוט אויך נישט. — זי קאָנען אַוועקגיין, ווען זי ווילן?

דבורהלע האָט זיך פאַרטראַכט, זי ווייס אַליין נישט.

— יאַך קאָן!

— מסתמא וועט די מאַמעשי מיר אויך נישט שטערן. איבע־ריקנס קומען זי אַזוי אויך אַריין אַביסל מאָרגן.

— קומען זי צו מיר!

— איך ווייס דאָך נאָכנישט דעם וועג — האָט דבורהלע נעבעך געמוזט דערמאָנען די חברטע, אַז זי איז נאָך אַלץ אַ פּראָ־ווינצער...

זיי האָבן זיך געזעגנט. דבורהלע האָט כאָטש געוואָלט באַ־האַלטן פאַר דער פאַננאַ רוזשקאַ, אַז זי ווייס אפילו נישט דעם וועג אַהיים. זי האָט זיך געדרייט אין די געסלעך, וואָס האָבן איר אויסגעזען איצט, אין פאַרגלייך מיט דער מאַרשאַלקאָווסקע, ממש חושכדיק. זי האָט געפרעגט אין איר פויליש בלע״ז, נישט אינ־גאַנצן פאַרשטאַנען, געגאַנגען רעכטס, געדרייט זיך לינקס, און לסוף, ווען זי האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אַרויסדרייען, גיט זי אַ גיי לינקס און דערזעט זיך נישט טאַקע אין איר אייגענער גאַס.

— נו, עפּעס גוט צוגעגאַנגען? — פרעגט רייזעלע מיט אַ שמייכל, זעענדיק ווי דבורהלע קוקט זיך אַרום דער שטוב. ווי זי וואָלט זי נישט דערקענט, די שטוב, פון וואַנען זי איז ערשט צוריק מיט אַ פּאָר שעה אַרויס.

דבורהלע האָט זיך דערפרייט מיט די מוטערס עטלעכע ווער־טער. איצט איז זי דאָך שוין געווים אינדערהיים, האַ־האַ־האַ! זי איז צוגעלאָפן צו דער מוטער און זי געגומען קושן.

— אוי, מאַמעשי, האָסט שוין געדאַרפט זען אַ געסל! וואָס פאַרא שיינקייט! און אַזוי נאָנט, אַ קאַצן־שפּרונג. כ׳האָב געמיינט, ווער ווייס, ווו זי איז ערגעץ, די גאַס. מיכאל האָט זיך אַזויפיל אָנדערציילט, אַז כ׳האָב געמיינט, מי יודע, ווו זי איז.

— וואָס־זשע האָסטו געמיינט, אַז אַ גאַס מוז דוקא זיין ווייט אַוועק, כדי אויסצוזען שיין? — האָט מיכאל אַפּויערגערעדט פון אונטערן פאַרהענגל, ביים פענסטער. — אַ גאַס איז פּונקט ווי אַ מיידל, אַז זי גייט אין אַ הולך, זעט זי אויס מיאוס ווי די נאַכט. האָט זי געלט, קויפט זי זיך אַ ניי קלייד מיט אַ הוט און זעט אויס ווי אַ מענטש בלע״ז.

דבורהלע האָט אים איצט ערשט דערזען.

— און די נייע וועלט, די קראָקעווער פאָרשטאָט, די אויאַזדאָווסקע אַלעען און די יעראָזאָלימסקע אַלעען האָסטו גע־זען? — פּאַלט מיכאל ביי זיך נישט אַראָפּ. — ניין? נו, ווייסטו נאָכנישט, וואָס עס הייסט שיין. אַהאַ! דאָרט אַהין איז שוין נישט אַזוי נאָנט! די פיס וועלן דיר אָנהויבן ברעכן, ביז וועסט אַהין דערגיין. — האָט מיכאל הנאה פון די אַלעען, וואָס זיי זענען **נישט אַזוי נאָנט ווי די מאַרשאַלקאָווסקע.**

— נעם, דבורהלע, טו זיך איבער און מאך א גלעזל טיי — זאָגט רייזעלע.

דבורהלע זיצט. ס'גלוסט זיך איר נישט ארויפצוציען אויף זיך דעם דערוואַכן. זי איז צופיל יום־טובדיק געשטימט, צו נעמען בלאָזן קוילן אין סאַמאָוואַר.

ווידער קרייצט דורך דער געדאַנק, אז ס'איז נישט גערעכט מצד דער מוטער, צו פארלאַנגען, זי זאָל זיך ספּעציעל אויסטאָן, כדי צו מאַכן טיי, ווען מיכאל וואָלט פּונקט אזוי גוט געקאָנט טאָן דידאָזיקע ארבעט.

נאָר צוריק געשמועסט האָט מען דאָך היינט איר אזוי אויסגעקליידט, זי זאָגט גאָרנישט. טוט זיך איבער און נעמט זיך צום סאַמאָוואַר.

ר' אברהם בער קומט אריין א שיינענדיקער, א שמייכלדי־קער, ווי תמיד. אים פאַרדריסט גאָרנישט, ווייזט אויס, וואָס ס'איז אויס שבת. אמת, דער שבת איז ביי ר' אברהם בערן א טייע־רער גאַסט און ער איז אים תמיד מקבל בשמחה, היט אים אָפּ, פאַר־שטייט זיך, און האָט טאַקע באמת הנאה פון אים. אָבער שבת־צונאַכטס איז ביי אים אויך אַן ענין. ערשטנס בענקט זיך שוין טאַקע נאָך א פריש גלעזל טיי. פון הבדלה מאַכן האָט ר' אברהם בער אויך הנאה, און מאַכט זיך, מען דאַרף מחדש זיין די לבנה, איז עס אויך זייער א חשובע ארבעט. היינט די מלוה־מלכהס, וואָס מען פּראַוועט מיט יידן צוזאַמען.

— גוטוואָך! — מאַכסט א גלעזל טיי, דבורהלע? טאַקע זייער ווויל. איך דאַרף טאַקע זייער נויטיק א גלעזל טיי. יידן וועלן אפשר אויך וועלן א גלאָז טיי.

ער גיט זיך א רייב א האַנט אָן א האַנט און גייט צוריק אריין צו זיינע יידן אין בית־דין־שטוב.

דבורהלע פּוצט דערווייל אויס גלעזער, שטעלט זיי אויס אויף דער טאַץ.

— מיכאל, גיי בעסער אריין אהין. וועסט מיטהאַלטן מלוה־מלכה — זיין מיר נישט כסדר איבערן קאָפּ.

— ווינטער ווע'לעך גיין, מאַמעשי! ווינטער לוינט זיך מיט־צוהאַלטן — א גוט שטיקל געבראָטנס, א גוטן קרופּניק, א פיין

ביסעלע באָרקע־באָרשט. אָבער נישט היינט! כ'האָב פיינט, אַז מען איז מיך מכבד מיט אַ שוואַנץ פון אַ הערינג.

— בייזט אַליין אַ נישקשהדיקער... — בייזערט זיך רייזעלע גוטמוטיק.

צומאָרגנס איז געקומען פאַננאַ רוזשקאַ. די מוטער האָט נישט געשטערט.

דער זאַקסישער גאָרטן איז דבורהלען געפעלן. הגם זי האָט געזען בוימער, גראָז און בלומען, אין איר לעבן האָט זי נאָך אָבער קיינמאָל נישט געזען קיין קולטיווירטן גאָרטן. די פילפאַרביקע בלומען־בייטן, וואָס האָבן, טראָץ דעם קאָלירטן מישמאַש, אַזוי פיין האַרמאָנירט, די פיינע אַלטע בוימער, די געדיכטע, טונקעלע אַלעען, אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי גרויסשטאָטיש שיין, דער איינדרוק, וואָס האָט זיך דאָ באַקומען, איז געווען לחלוטין אַן אַנדערער, ווי נעכטן. די שיינקייט דאָ האָט נישט גערייצט, נאָר באַרואיקט די נערוון. די מענטשן האַלטן זיך געלאַסן, רואיק, ווי צייט וואָלט ביי זיי געווען אַ קנאַפּער ענין. די איילעניש, דער הוהאַ פון גאַס איז דאָ נישטאָ.

יום־טובדיקע, אויסגעפּוצטע פאָרלעך האַלטן זיך רואיק... הגם זיי האָבן זיך קענטיק נישט פיינט. עלטערע מענער קוקן אַריין אין צייטונגען, רויכערן, אָדער פּוצן די ברילן, קינדערלעך יאָגן זיך, פאָלגן נישט די ניאַניעס, אַפילו נישט די סאָלדאַטן. זיי לאַכן זיך אויס פון ביידע.

אין גאַס, ווו זיי לאָזן זיך דערנאָך אַרויס, איז אויך היינט אַנדערש. דער גלאַנץ איז היינט אַ שטילערער. ס'איז ליידיקער. די געשעפטן זענען כמעט אַלע געשלאָסן, פאַרצויגן מיט ראָלעטן. ס'שפּאַצירן עלטערע דאַמען און הערן, מיט אַזעלכע ערנסט־פרומע פּנימער. זעען אויס אַזוי יום־טובדיק - פייערלעך. אַפילו די סטודענטן מיט די מיידלעך שטיפן באַהאַלטענערהייט. די פלאַקאַטן שרינקען, רעקלאַמעס רירן זיך כמעט נישט פון אָרט, אַז יאָ, דאָ און דאָרט: זעט מען זיי אויך נישט אָן — אַלנפאַלס קנאַפּ וואָס. אַפילו די שורה אויטאָמאָבילן זענען היינט אויס יום־טובדיק. זיי רוען, קיינער טשעפּעט זיי נישט — ס'איז זונטיק.

— פרייליין רוזשקע, אפשר וואָלטן זי געוואָלט גיין אַביסל אין די אַלעען? — פרעגט דבורהלע מעשה וואַרשעוויאַנקע.

— נישט היינט, שבת, אויב זי ווילן, וועלן מיר גיין. היינט איז דאָרט קיינער נישטאָ. שבת איז דאָרט זייער „פּזשייעמנע".

זאָל זיין שבת, אַ ברירה האָט זי?

ביסלעכווייז האָט זי זיך צוגעוווינט צום וואַרשעווער לעבן, דבורהלע. זי האָט זיך כמעט נישט צוגעקוקט צו דעם. אַלץ איז מיט דער צייט געוואָרן וואָכעדיק, זעלבסטפאַרשטענדלעך און פּשוט. קיין שום זאַך האָט נישט געמאַכט קיין רושם. די מאַר־שאַלקאָווסקע גאַס איז געוואָרן ווייניקער פאַנטאַסטיש מיט יעדער וואָך. די בעטלער און בעטלערינס אויף די קלויסטער־טרעפּן האָבן אויפגעהערט פּייניקן דבורהלעס מוח, אויפגעהערט וועקן רחמנות בכלל. זי האָט זיך קוים אומגעקוקט אויף זיי, סיידן ווען זי האָט געהאַט עטלעכע איבעריקע קאָפּיקעס און זיך געקאָנט פאַרגינען זיי עפּעס צו געבן.

ביי ר׳ אברהם בערן אין הויז האָט זיך ס׳לעבן רעגולירט. ר׳האָט זיך אַלץ מער און מער קונה־שם געווען. יידן האָבן זיך צו־געוווינט צו גיין אַהין מיט אַ דין־תורה, צו צאָלן מער רעגלמעסיק די עטלעכע קאָפּיקעס אויף דעם מורה־הוראהס פּענסיע, און ס׳איז שוין באַלד נישטאָ געווען אויף וואָס צו באַקלאָגן זיך.

מיכאל האָט אַלץ מער אויסגעמיטן ס׳שטיבל. געפונען חברים און חברטעס. אָנגעהויבן אַריינקומען אין שטובן, וווהין נישט רייזעלע, נישט ר׳ אברהם בער, וואָלטן אים דערלויבט, ווען זיי וואָלטן געוווסט. נאָר זיי האָבן נישט געוווסט. און ס׳איז געווען ווויל ווי די וועלט.

ר׳ זלמן איז געווען אַן אייגענער. ס׳איז כמעט נישט געווען דער טאָג, ער זאָל נישט אַריינקומען. און האָבנדיק פאַרזאָרגט ר׳ אברהם בערן מיט אַלעם, האָט ער אים נאָך געוואָלט פאַר־זאָרגן מיט איין זאַך — אַ שידוך פאַר דבורהלען. און ער האָט אָנ־געהויבן ברענגען יעדן טאָג נייע גליקן.

אָט למשל האָט ער געבראַכט אַ ייד, אַ גרויסן גביר. אפילו נישט קיין גאָר גרויסער תלמיד־חכם, אָבער אינגאַנצן קיין פּראָס־טער מענטש אויך נישט, מיט אַ זון אַ למדן, קאָן מען זאָגן, נאָר אַ שטיקל בטלן... נאָר דאָס איז נישט קיין חסרון, האַלט ר׳ זלמן און ר׳ אברהם בער איז מסכים. דער טאַטע איז דערפאַר אַזוי רייך, אַז ער וועט אים קאָנען געבן אייביקע קעסט... באַלד ברענגט

ער אַ בחור אַ גאָלד, די שכינה שיינט אים אויפֿן פּנים. אַ מתמיד. פּאַרט מיטן פֿאָטער קיין גער. דער פֿאָטער איז, זאָגט מען, פֿון די אמתע מקורבים דאָרט. ער איז נישט קיין נגיד, אָבער דערפֿאַר איז ער אַ ייִד, וואָס ס'איז אַ כבוד מיט אים זיך משדך צו זיין. און אָט האָט ער פֿאַר איר — אַ ליטוואַק אפֿילו, נאָר אַן ערלעכער ייִד, אַן אַלמן. האָט אַ מויל אויף שרויפֿן, איז קלוג, אייזן. גענט זיך צוליב קינדער, פֿאַרדינט שטיקער גאָלד, — נאָר אַן אומגליק, דבורהלע וויל נישט הערן פֿון קיין איינעם נישט.

זי וויל נאָכנישט קיין כּלה ווערן. בעט זי זיך, מ'זאָל איר צורו לאָזן, זי האָט נאָך צייט. אָבער, ווי לאַנג איז דער שיעור אַ מיידל זאָל זיצן? אמת, זי איז נאָך יונג, אָבער טאַקע דערפֿאַר דאַרף מען זען טאָן אַ שידוך. אַז אַ מיידל ווערט עלטער, קומט אין זיצן אַריין, איז שווער צו קריגן אַ לייטישן שידוך, און קיין נדן איז אויך נישטאָ — נאָר רעד צו דער וואַנט.

— זע אַליין, דבורהלע, — טענהט צו איר ר' זלמן, — ווען נישט איך, וואָלסטו נאָך אפֿשר ביזן היינטיקן טאָג נישט געהאַט חלילה קיין שטיקל מלבוש און נישט געקאָנט אויף דער גאַס אַרויסגיין, דו ווייסט גאַנץ גוט, דאַכט זיך, אַז איך בין דיר נישט קיין שלעכטער פֿריינט, אַז ס'וואָלט נישט געטויגט, וואָלט איך דיר נישט גערעדט. מיינסט, איך ווייס נישט, אַז דיר דאַרף מען רעדן עפּעס רעכטס?

— ס'איז אמת, ר' זלמן, אָבער כ'קאָן דאָך נישט חתונה האָבן מיט דעם, וואָס ס'געפֿעלט אייך.

— און ווער געפֿעלט דיר? — פֿרעגט ר' זלמן מיט באַהאַלטענעם פֿאַרדרוס.

— מיר? קיינער נישט! — ענטפֿערט דבורהלע און ס'פּנים צינדט זיך איר אָן. זי פֿילט, ס'ווערט איר הייס אין קאָפּ.

— כ'ווייס דאָך, וואָס דו ווילסט — ווערט ר' אברהם בער שוין אין כּעס, — ווילסט מסתמא אַ חתן מיט אַ קעלנערל, האַ? כ'וועל דיר נישט געבן קיין חתן מיט קיין קעלנערל!

אַזוי ווערט גאָרנישט פֿון ר' זלמנס באַמיאונגען און דבורהלע זיצט.

קאַפּיטל צען.

# אוצרות

דער זומער האָט זיך גערוקט. דבורהלע האָט אין ערגעץ נישט באַגעגנט דעם עלוי. ס׳האָבן זיך דערנענטערט די יום־טובים. אין שטוב ביי ר׳ אברהם בערן איז אַ יאַריד. מער שאלות, מער פאַר־טראַכטענישן, מער נאָכקוקונגען. חיים האָט געבראַכט צו שלעפּן געפּאַקטע קעשענעס מיט קופער, עס האָבן זיך גענומען באַווייזן מער זילבערנע צוואַנציק־גראָשנס און גילדנס אפילו.

נאָר אַן אמתער טומל איז געוואָרן אין שטוב, ווען ר׳ זלמן האָט פּלוצלונג גענומען פּלאַנען אַ שול פאַר ר׳ אברהם בערן. און טאַקע ביי אים אין הויז.

— פאָלגט מיך! איר וועט זען, אַז איר וועט מיר דאַנקען. פאָלגט מיך! לאָזט אָפּדרוקן קאַרטן. איך, נאָך גוטע פריינט, וועלן שאַפן מתפּללים. און איר וועט אי״ה פּאַרדינען געלט.

רייזעלע האָט זיך געקרימט, נישט מסכים געווען, נאָר ר׳ זלמן האָט אויסגעפירט. וואָס האָט ער נישט אויסגעפירט, ר׳ זלמן? — האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערשטעלעניש פון בעטן, אַ קלאַפּן פון ברעטער, רוקן טישן, האַמערן בענק. דבורהלע האָט געהאַט אַרבעט איבערן קאָפּ. מיכאל האָט זיך אויך געפּאָרעט. ר׳ אברהם בער האָט זיך אויך געדרייט איבער די חדרים, אויס־געדריקט זיין צופרידנקייט מיט יעדן נייעם שטיקל אַרבעט, פון יעדנס אויפטו. רייזעלע האָט זיך געפילט, ווי אויף אַ מאַרק, וואָס האָט מיט איר קיין שייכות נישט און פאָרט מוז זי אויסשטיין דעם טאַראַראַם. זי האָט נישט געוואָלט, אַז מען זאָל מאַכן פון דער שטוב אַ גיהנום (אַזוי האָט זי זיך בפירוש אויסגעדריקט), נאָר אַז ר׳ זלמן האָט איר צוזאַמען מיט ר׳ אברהם בערן געגעבן צו פאַר־שטיין, וואָסערע אוצרות דאָס קאָן אַריינברענגען, און עס גייט צו ווינטער און מען דאַרף האָבן, האָט זי מכלומרשט מסכים געווען און איז פונדעסטוועגן נישט אַראָפּ פון דער קושעטקע, סיידן, ווען מען האָט זי געדאַרפט איבעררוקן — און דאָס זייער אָפּט.

אַ חוץ מזה איז סתם געוואָרן גרעסער דער גערודער מיטן אָנקומען פון די פּורכטיקע טעג. שאלות האָבן זיך געמערט מיט

יעדן טאָג נענטער צו ראש־השנה. די שטובן זענען געשטאַנען ליידיקע כמעט. די נייע, ווייסע, הילצערנע בענק נעבן צוזאַמענגע־פּאָרטע טישן האָבן דערציילט, אַז עס איז שוין גאָר נאָנט, אַז אָט, אָט באַווייזן זיי זיך, די ימים־נוראים, מיט זייער גאַנצער ערנסט־קייט. זיי דערציילן, אַז מ׳דאַרף זיך גרייטן, אַז עס איז נישט קיין שפּילעכל... די שיטערע קוויטלעך מיט נעמען פון דאַוונערס און דאַוונערינס דערציילן אויך עפּעס, זיי דערציילן, אַז קיין אוצרות וועלן זיי נישט ברענגען, מחמת ס׳איז שוין אַזוי נאָנט און קיין „קונים" ווייזן זיך נישט. דאָס שלאָף־חדר איז געפּאַקט מיט בעטן און אַנדערע „איבעריקע" שטיקלעך מעבל. מען מוז זיך רייבן צווישן בעטן, כדי צו קאָנען אַריינקריכן אין זיי ביינאַכט. אפילו אין קיך שטייען בענק פאַר ביליקע און עטלעכע אומזיסטע ערטער.

רייזעלע האָט געקוקט אויף די ליידיקע, נישט מיט קיין קוויטלעך באַקלעפּטע טישן (באַזונדער פון די טייערע ערטער) מיט חוזק און פּאַרדרוס. ר׳ אברהם בער האָט זיך געשעמט פאַר איר צוליבן דורכפאַל. ער האָט געפילט דעם חוזק אירן. און ס׳האָט אים שוין אַליין אויך באַנג געטאָן. טאַקע צוליב וואָס אָנגעמאַכט אַ גערודער אין שטוב, אומזיסט און אומנישט פאַר־שטערט אַ יום־טוב. און ער האָט געטראַכט וועגן רייזעלען, ווי תמיד, אַז זי איז טאַקע אַ חכמה — איזה חכם הרואה את הנולד — האָט ער געזאָגט צו ר׳ זלמנען, ווען יענער איז געקומען זען, צי ס׳האָבן זיך שוין עפּעס געמאָלדן מענטשן.

— איר וועט זען, אַז אינם לעצטן טאָג וועלן זיי זיך אָנקומען. ס׳איז תמיד אַזוי. מענטשן זענען פּאַריאָגט, האָבן נישט אין זי־נען. די, וואָס זענען מיטגלידער, וואָס געהערן צו אַ שול, דאַרפן דאָך נישט זוכן. און די, וואָס זענען נישט, זענען נעבעך פּאַרטאָן. בפרט, אַז מען דאַרף צוזאַמענשטעלן אַזאַ יום־טוב. — אַ קלייני־קייט! נאָר אין לעצטן טאָג דערמאַנען זיי זיך און צאָלן אייך, וויפיל איר ווילט. זיי דאַנקען נאָך גאָט, אַז זיי קריגן אַ פּלאַץ.

און כּך הוה. ס׳איז געוועזן פול און ס׳האָט טאַקע אַריינגע־בראַכט עטלעכע קערבלעך אויך (נישט קיין אוצרות).

ר׳ זלמן האָט דערפון געהאַט אַן אמתן פאַרגעניגן. ס׳האָט אים נאָר באַנג געטאָן אויף די עטלעכע אומזיסטע שטעט אין קיך.

— אַן עבירה פֿאַר גאָט! געווען געקאָנט אַריינברענגען אַ שיינע פּאָר גילדן — האָט ער אַביסל באַדויערט. נאָר געזען, אַז ס'איז שוין במילא פֿאַרפֿאַלן, האָט ער זיך ניט שטאַרק גענו־מען צום האַרצן.

— מיר האָט איר עס צו דאַנקען! איך האָב זיי אויסגעזוכט, פֿון אונטער דר'ערד האָב איך זיי אויסגעזוכט. אַז איך וויל עפּעס טאָן, מוז איך עס! מיר וועט קיינער ניט אָפּזאָגן, אַז איך האָב זיי געשיקט, זענען זיי געגאַנגען, — האָט ר' זלמן פֿאַרגעסן, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער געזאָגט, אַז דעם לעצטן טאָג קומען זיי זיך אַליין אָן.

רייזעלע האָט געשמייכלט. ר' אברהם בער האָט דאָרטן גע־דענקט, וואָס ר' זלמן האָט פֿריער געזאָגט. ער האָט נאָר געהערט, וואָס ער האָט איצט געזאָגט. ער האָט ניט געזען קיין שום סתירה אין זיינע רייד. ער האָט נאָר געזען, אַז ער איז אים דער אמתער גוטער פֿריינט און ער האָט מיט גרויס הנאה געגלעט די באָרד און געבעטן דבורהלען אַריינטראָגן טיי.

די עטלעכע טעג פֿון די עשרת ימי תשובה זענען ענדלעך אויך אַריבער. עס איז שוין אַ טאָג פֿאַר יום־כּפּור. ר' אברהם בער איז פֿאַרטאָן, ער האָט קוים צייט אָפּצואָטעמען. אַביסל הינער פֿאַראַן אין דעם וואַרשע! אַ חידוש, ס'איז נאָך דאָ אָרט פֿאַר מענטשן אויך. און אַלע האָבן זיי נאָדלען אין די פּופּקעס. אויף אַלע דאַרף מען פֿרעגן אַ שאלה.

— כּפּרות זאָלן זיי זיין, אַזעלכע טרייפֿניאַקעס! — לאַכט מיכאל.

רייזעלע הייסט אים, ווי תמיד, זיין שטיל און לאַכט מיט. דאָס גיט אים אינספּיראַציע און ער חכמהט זיך.

— עפּעס מיר, מאַנספּערשוינען, זענען גאָר אַנדערע מענטשן. מ'זאָל דאָס זען אַ מאַנספּערשוין פֿאַר די אויגן. און טאָמער מאַכט זיך שוין אַמאָל, אַז אַ האָן האָט עפּעס אָפּגעטאָן, ווערט ער כּשר. און ווער קומט מיט פֿאַרטוכער שאלות פֿון באַזאַר? ווער שפּייט קערן פֿון פֿלוימען אויף דער פּאָדלאָגע? — מיידן!

ער קוקט אויף דבורהלען בשעת מעשה, ווי זי וואָלט געווען איינע פֿון די מיידן, אָדער אַ טריפֿה הון.

דבורהלע הערט זיך פֿלומרשט ניט איין. זי איז צופֿיל פֿאַר־

טאָן. ערב־יום־טוב נאָר ווי מיכאלן אויף להכעיס קומט אַרויס אַ קליין, קליין יידעניטשקעלע פון בית־דין־שטוב מיט אַ ריזיקן האָן, אַן אָפּגעצופּטן, מיט ווייסע פּאַטריאַרכאַלישע פּעדערן אַרום האַלז און ביי די פליגל. זי וויינט שיעור, זי זוכט רחמנות ביי רייזעלען.

— אַזאַ שיינקייט זאָל טריפה ווערן! זי מיינען אַן אַלטער?

— חלילה! אַ יונגער האָן. אפשר זיבן חדשים אינגאַנצן.

רייזעלע איז מסכים, אַז ס'איז אַ שאָד, אַזאַ יונגער האָן זאָל טריפה ווערן. די יידענע גייט אַהיים מיטן שווערן האָן און מיט נאָך אַ שווערער געמיט.

— הם, אַ האָן זאָל טריפה ווערן! — לאַכט איצט דבורהלע — הענער זאָלן זיין אַזעלכע טרייפניאַקעס! — זוכט זי מיכאלס פּנים. נאָר מיכאל שטייט ביים פענסטער און מאָלט אויף דער פאַרלאָפענער שויב.

ערב יום־כפור האָט זיך רייזעלע געהאַלפן פאַרען: מ'האָט געדאַרפט אָפּקאָכן די כפרות, פרי אָפּעסן, כדי צו קאָנען פרי עסן די סעודה פאַרן פאַרפאַסטן, אָפּקאָכן אויף מוצאי־יום־כפור. היינט זיך אַליין צוגרייטן, רייניקן זיך, ס'האָט נישט געפעלט קיין אַר־בעט. — אַ קלייניקייט, ערב יום־הקדוש!

ר' אברהם בער האָט געאַרבעט מעשים. דבורהלע האָט נע־בעך געשוויצט. מיכאל איז היינט שוין אָפּגעקומען פאַר אַ גאַנץ יאָר. ר' אברהם בער האָט אים היינט געהאַט אויפן אויג. ער האָט זיך אַ רגע נישט געקאָנט אַרויסדרייען. אַ קלייניקייט ערב יום־כפור!

מ'האָט שוין אָפּגעגעסן די לעצטע סעודה, אָנגעטרונקען זיך מיט טיי, מיט סאָדע־וואַסער, מיט סתם וואַסער, אויף איבערן מאָרגנדיקן טאָג אַרויס.

עס ווערט שוין טונקעלער. עס הויבן זיך שוין אָן אָנקומען יידן מיט באַגאַזש. מיט טליתים, מיט מחזורים, מיט שטעקן־שיך— איבערצולאָזן אויף מאָרגן — מיט חלשות־טראָפּנס, מיט עבירות... ווייבער קומען מיט זייערע פעקלעך — די זון האַלט זיך שוין ביים זעצן. די בית־דין־שטוב, ווו ס'שטייט דער ארון־קודש, איבערגע־דעקט מיט אַ גרינעם, זיידענעם פרוכת, באַנייט מיט ליישגאָלד, זעט אויס הייליק און סודותדיק. דער עמוד איז באַדעקט מיט אַ טישטוכל פונם אייגענעם קאָליר, וואָס דער פרוכת. די גרויסע,

וואַקסענע ליכט אין זאַמד־טעפּלעך ציטערן, וואַרפן שאָטנס אויף די ווענט. אויפן עמוד באַוויזן זיך שטיקלעך פייער, רעשטלעך פון דער אונטערגייענדיקער זון מישן זיך צונויף אין איין ציטער מיט די פלעמלעך פון די אָנגעצונדענע ליכט. ר׳ אַברהם בער אין אַ ווייסן קיטל מיט אַ ווייסער, זיידענער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, שטייט ביים עמוד און שעפּטשעט עפּעס שטילערהייט. ער באַוועגט קוים די ליפּן, זעט אויס גאָר ערנסט. היילקער פּחד צוזאַמען מיט אַ יום־טובדיקער פייערלעכקייט נעמט אים אַרום. אפילו דער גוי, וועמען מיכאל פירט אַרום איבער די חדרים, ווייזט אים אָן, וואָס ער וועט האָבן צו טאָן, אויב מען וועט אים דאַרפן, זעט אויס גאָטספאָרכטיק.

רייזעלע איז אָנגעטאָן אין אַ ווייס זיידן קלייד (איר חופּה־קלייד נאָך). זי זעט אויס אַזוי ערנסט. דאָס קליינע פּנים, מיט די גרויסע, גרויע אויגן, זעט אויס געלייטערט. די הויט איז נאָך דורכזיכטיקער געוואָרן ביי איר אינם משך פונם טאָג, ווי פּליספּאַפּיר זעט עס אויס.

דבורהלע מיט אַ ווייס פאַרטוכל, מיט אַ ווייס שלייפל אין די האָר, זעט אויס, ווי אַן ערנסט קינד.

מיכאל אין דער שוואַרצער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, מיטן גאַרטל, מיט דעם סאַמעטענעם היטל אויפן קאָפּ, זעט אויס, ווי אַן אמתער ירא שמים. עפּעס זענען אים די פּאות אויך, דאַכט זיך, אָנגעוואַקסן אינם משך פונם טאָג.

אַן אַלטע יידענע קומט אַריין אין גרויס איילעניש. זי טראָגט אַ שוואַרצן, סאַמעטענעם, ערטערווייז אָפּגעריבענעם שפּענצער, באַנייט מיט גרינעם דזשעט, וואָס בלישטשעט אין דער פאַרנאַכטלעכער טונקלקייט און שלאָגט זיך אָפּ אין פּאַס זון, וואָס שפּילט זיך מיט די קרעלן אויף דער יידענעס פּלייצע. אויפן קאָפּ זיצט ביי איר אַ שוואַרצער טשיפּיק, אויך מיט אַ סך קרעלן. די שפּיצלעך רעמען איין איר קליין פּנימל. זי זיצט נאָענט נעבן דער טיר פון בית־דין־שטוב, זי קניפּט אָפּ דאָס ווייסע נאָז־טיכל פון אַרום דעם צעשיטן מחזור, דעם גראָבן קרבן־מנחה־סידור מיט די צעשיטע, געלע בלעטער. זי באַקוקט די תחינה, וואָס וואָלט שוין אויך נוויטיק געדאַרפט האָבן אַ נייע אויף איר אָרט. זי גיט אַ שמעק צום פּלעשעלע, איבערציייגט זיך, אַז עס דרייט

נישקשהדיק די נאַז. זי ווישט נאָכאַמאָל אויס דאָס שייבל פון די ברילן, וואָס הענגען אויף אַ שטריקל ביי דער יידענע אויפן האַלז (זי איז אַן אומזיסטע).

ס׳ווערט שטילער נאָך. שוין אָפּגעזאָגט תפילה זכה. ר׳ אברהם בער דרייט זיך אויס צום עולם. ער ווייזט אַן מיטן פינגער אויף עטלעכע פון די מתפללים. זיי גייען־צו צום ארון קודש, בלייבן שטיין אַ רגע, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט פריער צו דער הייליקער אַרבעט. זיי עפענען דעם ארון קודש מיט יראת הכבוד, נעמען אַרויס די ספרי תורות, שטעלן זיך אַוועק מיט די ספרי תורות אין די הענט אַרום דעם חזן (אברהם בער). עס דערהערט זיך:

על דעת המקום ועל דעת הקהל בישיבה של מעלה בישיבה של מטה אנו מתירים להתפלל עם העבריינים.

ר׳ אברהם בער הויבט אָן כל נדרי. פון דער ווייבערישער שטוב דערהערט זיך אַ געוויינעריי. נאָך אַ גרעסערער געוויין הערט זיך פון דער קיך, פון די „ביליקע״ און „אומזיסטע״ ווייבער. די יידענע אינם שפּענצער, וואָס איז אגב זייער זאָגערין, שרייט זיי אַלע איבער. זי זאָגט נישט, זי זינגט כמעט מיט מיטן חזן כל־נדרי. דער חזן איז אַ באַריטאָן, די יידענע מיטן שפּענצער אַן אַלט. אָרעמע ווייבער, צוזאַמענגעשטעלטע ווי עס איז לכבוד יום־טוב, פאַרשטעלט מיט אַ ווייס פאַרטוכל דאָס אָפּגעטראָגענע קלייד, פאַר־פּוצט מיט אַ ווייס שלייפל דאָס אויסגעקראָכענע שייטל, רוקן זיך נענטער צו דער יידענע, פּרוון נאָכזאָגן, אויפכאַפּן אַ וואָרט און קאָנען נישט בשום אופן. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די יידענע שרייט, מאַכט פּשוט קולות — ווען זי האָט נישט אַזאַ קוויטשעדיק קול! — מורמלען זיי אייגענע פאַרפאַסטע תפילות און וויינען איר בלויז נאָך.

צומאָרגנס. ר׳ אברהם בער דאַוונט סיי שחרית, סיי מוסף. ער שטייט אויף די פיס די גאַנצע צייט. ער פילט גאָרנישט די עבודה. דאָס קול זיינס האָט זיך צעגאָסן ווי אַ טייערער וויין און געקוויקט די מתפללים. די ווייבער זענען זיך ממש צעגאַנגען און זיי האָבן טאַקע (צווישן די תפילות) געזאָגט, אַז אַזוי האַרציק אָפּוויינען זיך, פילן זיך נאָך יעדער תפילה, נאָך יעדעס מאָל אויס־גיסן זיך דאָס האַרץ פאַר זיין ליבן נאָמען, אַזוי לייכט, אַזוי דער־פרישט האָבן זיי נאָך קיינמאָל נישט געפילט.

רייזעלע האָט געשלונגען די טרערן, געווישט די אויגן מיטן טיכל, וואָס איז געלעגן גרייט אויבן טיש. דבורהלע האָט אויך געווישט די אויגן.

אין די שטובן איז געווען היים, דער חלב האָט זיך געשמאָלצן איבער די זאַמד־קעסטלעך, גערונען איבער די לייכטער, דער שוויים פון זאָקן און מענטשלעכע לייבער האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם ריח פון חלשות־טראָפּן און ס'איז געווען מחיהדיק. נאָר ווער האָט אים געפילט! מ'איז געווען צופיל פאַרטאָן אינם גייסטיקן לעבן פונם טאָג, כדי צו באַמערקן, וואָס טוט זיך אויף דער ערד. דער אָרעמער חומר האָט נעבעך היינט קיין שום פּנים נישט געהאַט. נאָר, גאָט זיי דאַנקען, מ'דאַוונט שוין נעילה. די ווייבער צעגיסן זיך אזוי, אַז זיי שטעקן אַזש אָן די מאַנסבילן. און מ'הערט, דאַכט זיך, פון צייט צו צייט אַן אָפּגעריסן קול פון דער מענער־שטוב. ווי־נישט־ווי האַלט זיך אַ מאַנסביל איין נישט באמת צוצעוויינען זיך ווי אַ יידענע.

דער מעריב גייט שוין צו וואָכעדיקער. מ'פאַרשלינגט אים שוין. דער חומר שטעלט זיך איצט עזותדיק אָקעגן.

דער עולם כאַפּט אַריין אַן איילנדיקע גמר חתימה טובה און גייט אַהיים.

דבורהלע גרייט צום טיש (אויך איילנדיק). רייזעלע, וואָס איז תמיד אזוי שוואַך, פילט זיך עפּעס היינט שטאַרקער גאָר. זי העלפט דבורהלען אויפגעבן ס'עסן. ר' אברהם בער שטראַלט. מיכאל עסט. דבורהלע קייט בשעתן דערלאַנגען די מאכלים. און ווען זיי זיצן שוין אַלע ארום טיש, מ'האַלט שוין ביים קאָמפּאָט, באַקלאָגט זיך דבורהלע, אַז עס פעלט איר אַ לעדערנער פּאַסעק.

— איך האָב אים שוין אומעטום געזוכט היינט און כ'קאָן אים נישט געפינען!

— ווייסעך וואָס — זאָגט רייזעלע — אַ נייעם גאָר — מסתמא ערגעץ פאַרוואַלגערט זיך. ערשט נעכטן זי געזען אין אים.

— ניין, מאַמעשי, איך האָב אים היינט אויסגעטאָן! ער האָט מיך געקוועלט. כ'האָב אים אוועקגעלייגט אין קיך אויף אַ שטול. כ'קלער, מ'האָט אים אַוועקגעגנבעט.

— שווייג שוין בעסער! אין יום־כפור האָט מען איר אַוועקגעגנבעט אַ פּאַסעק. מ'דאַרף זיין משוגע אזוי צו קלערן, — בייזערט

זיך רייזעלע. דבורהלען איז א שטאַרקער שאָד דער פּאַסעק, רעדט זי ווייטער.

— איך בין חושד די יידענע ביי דער טיר, די, וואָס האָט גע־מאַכט אזעלכע קולות.

— דבורהלע, רעד נישט קיין שטותים! — ווערט ר׳ אברהם בער בייז. — עפּעס א קלייניקייט צו זיין א חושד־בכשרים — חושד צו זיין א יידישע טאָכטער און אין יום־כּפּור דערצו.

— אָבער טאַטעשי, ס׳איז דאָך שוין איצט מוצאי־יום־כּפּור — דערמאָנט אים מיכאל.

— מיכאל, זיי שטיל! כ׳וויל מער נישט הערן קיין איין וואָרט דערפון! דו הערסט? — איז ר׳ אברהם בער אין כעס.

— איך האַלט דאָך אויך, אז ס׳איז א שטות חושד צו זיין די יידענע. ווען זי וואָלט שוין געוואָלט גנבענען, וואָס טויג איר א לע־דערנער פּאַסעק? וואָלט זי געגנבעט נאָך אזא שפּענצער, ווען ס׳מאַכט זיך איר, נישט קיין פּאַסעק — זאָגט מיכאל און מאַכט זיך הוסטנדיק.

— ווי קומסטו צו זען די יידענע? — כאַפּט אים דבורהלע,— ביזט דאָך געווען צווישן די מענער?

— שוטה, זי האָט דאָך מיטגעדאַוונט מיטן חזן! — זאָגט מיכאל. ער קאָן זיך שוין מער נישט צוריקהאַלטן. די יידענע שטייט אים פאַר די אויגן. לויפט ער אריין אין קיך לאַכן און עסט דער־ווייל דעם איבערגעבליבענעם קאָמפּאָט.

צומאָרגנס, ווען דער סטאָליאַר צענעמט בענק און טישן, גע־פינט מען די אבידה, שטאַרק צעטרעטן און אויסגעשמירט.

— מאַמעשי! — ר׳איז דאָ!

— ווער איז דאָ?

— דער פּאַסעק!

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט.

— איצט זע איך טאַקע, אז מען טאָר נישט חושד זיין, ביז מען איבערצייגט זיך נישט. — מיכאל איז ווידער דאָ.

— ווען־זשע מעג מען, לויט דיר, חושד זיין? נאָכדעם, וואָס מען האָט זיך שוין איבערצייגט?

— ווו מ׳זייט אים נישט, דאָ וואַקסט ער — זאָגט דבורהלע

א לאכנדיקע און באוואונדערט מיכאלס שארפזיניקייט. זי ווייס, אז זי האט זיך פארפלאנטערט. — ווי גיך ער כאפט זיך דאס!

רייזעלע לאכט אויך און מיכאל האט ווידער הנאה.

עס זענען אוועק די יום־טובים. שוין שמחת־תורה אויך אפ־געפראוועט. אפגעטאנצט. מען הויבט שוין אן זינגען דאס לידל פון „שנייען און זאווייערוכעס און אין קעשענע א קדחת". ס'איז גע־ווען אן עבור־יאר און ס'איז שוין באלד סוף אקטאבער. אויף די שויבן הויבט זיך שוין אן ווייזן א פרעסטל. ס'פאלט שוין צו־ביסלעך שניי.

— אויף קוילן איז ב"ה דא, אויף א ווינטער־מלבוש אויך, — זאגט ר' אברהם בער. — די נעכט ווערן גרעסער, וועט זיך מיטן אויבערשטנס הילף לערנען געשמאקער.

רייזעלע הילט זיך פעסטער אינם פלושענעם זשאקעט און עס לייענט זיך איר טאקע געשמאקער.

מיכאל לייענט צו־ביסלעך, לערנט צו־ביסלעך, כאפט זיך אריין צווישן חברים, קיבעצט, חכמהט זיך און איז גאנץ צופרידן. נאר דבורהלען איז אומעטיק. זי איז אומרואיק. רק עס פעלט איר עפעס, זי האלט אין איין בענקען. נאך וואס, ווייסט זי נישט. פריער האט זי געבענקט נאך א גרויסער שטאט. איצט איז זי שוין אין ווארשע, אין דער גרעסטער שטאט פון פוילן. דערנאך האט זי געגארט, זי זאל האבן א מלבוש, קאנען ארויסקומען. — זי האט שוין דאס אויך, וואס וויל זי איצט? פארוואס קאן די מאמעשי זיין מיט זיך אליין? ווער שמועסט — דער טאטעשי, היינט מיכאל! אים טראגט דאך ס'לעבן אליין אונטער אינטערעס מיט א ברייטער האנט. ער געפינט תמיד און אומעטום עפעס, וואס זאל אים אינטערעסירן. ער דארף גארנישט זוכן, ס'לעבן קומט אים אליין אנטקעגן. נאר זי איז א געשטראפטע. קאן זיך קיינמאל קיין ארט נישט געפינען. ארבעט זי אין הויז, פארדריסט איר, וואס זי ארבעט. האט זי פיינט די ארבעט, ארבעט זי נישט, לאנגווייליקט זי זיך צום טויט. לייענען? איז ערשטנס האט זי נישט וואס, און הלמאי זאל זי זיך אליין אפ־נארן. עפעס האט זי פארלוירן דעם אינטערעס צו ביכער. זיי געבן איר נישט דאס, וואס זיי האבן איר געגעבן, ווען זי האט נאר אנ־געהויבן — אין ר., אדער אפילו אין זשעלעכיץ, אז זי האט אמאל געפאקט, וואס צו לייענען. פאננא רוזשקא איז אזא נודנע. זי דאנקט

גאָט, זי קומט נישט. פונדעסטוועגן גייט זי פאָרט אַמאָל אַהין. ענדלעך געפינט זי אויס, טאַקע פון פאַננאַ רוזשקען, אַז מען קאָן זיך אָנשליסן אין אָוונט־קורסן. זי שליסט זיך אָן. דאָרט איז איר גוט. זי קוקט אַרוים אויף די אָוונטן. זי לערנט נישט, זי פרעסט די לעקציעס. דאַרף מען עפּעס קענען אויף אויסנווייניק, איז זי די ער־שטע אין קלאַס. פאַר אַ צולאָג באַקענט זי זיך דאָרט מיט אַ מיידל, אַ סך עלטער אַפילו פון איר, אָבער דאָס מיידל גרויסט זיך נישט צוליב דעם... דבורהלע האַלט דאָס פאַר אַ פיינקייט, וואָס זי, דאָס מיידל (ביילקע הייסט זי), גיט זיך אָפּ מיט איר. זי איז אַזאַ אינ־טערעסאַנטע, אַ גוטע, אַ פריילעכע און אַ קלוגע. זיי באַפריינדן זיך ביסלעכוויז, ווערן גאָר „צוגעזאָטן" איינע צו דער אַנדערער.

דאָס מיידל הויבט אָן אַריינצווואַרפן ווערטער מכוח עפּעס אַ „פאַריין", אַ פאַריין, ווו ס'ווערט געטאָן גרויסע אַרבעט, זייער וויכטיקע און הייליקע אַרבעט. שפּעטער־צו הויבט זי אָן צורעדן דבורהלען, זי זאָל זיך אָנשליסן. דבורהלע ווייסט נישט, וואָסער פאַריין דאָס איז. זי איז פונדעסטוועגן גרייט אָנצושליסן זיך. זי האָט שטאַרק צוטרוי צו ביילקען.

זי וואַרט שוין מיט אומגעדולד, ביילקע זאָל איר איינלאַדן, באַקענען זי מיט די חברים און חברטעס, ווי זי האָט אָנומלט צו־געזאָגט צו טאָן.

— אַז די חברים און חברטעס וועלן האַלטן, אַז איר זענט אַ מענטש, וואָס קאָן קודם־כל זיין לאָיאַל, אַז איר האָט דעמאָ־קראַטישע נייגונגען און איר זענט אַ מענטש מיט אַ פעסטן ווילן, מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, וועט מען אייך אַריינגעמען מיט פאַר־גניגן.

דבורהלע צאַפּלט שוין אָנצושליסן זיך. זי האָט נישט קיין פּיצל אַנונג, מיט וואָס עס שמעקט. נאָר אַז עס זענען פאַראַן חברים און חברטעס, איז מסתמא גוט. זי האָט זיך דאָך גענוג אָנגעלייענט מכח זיי אין מאָטלס ביכער. זיי זענען דאָך אַזעלכע שיינע מענטשן.

— מיר געפעלט איר און איך וועל אייך אַבסאָלוט רעקאָ־מענדירן — האָט איר ביילקע צוגעזאָגט. — קומט אַריין שבת אַרום זעקס אַ זייגער אינאָוונט. מיר וועלן אַביסל שמועסן, איבערגיין זיך. דבורהלע איז געקומען צולויפן. זיי זענען אַרויס אויף אַ שפּאַ־ציר.

— מיר ווילן זיך ערשט אביסל אפפרישן, מען איז א גאנצע וואך פארהארעוועט, מען האט אפילו נישט קיין צייט איינצו־אטעמען אביסל פרישע לופט — האט זיך ביילקע ווי פארענט־פערט, פארוואס זי בעט זי נישט אריין אין שטוב, דבורהלען, נאר באגעגנט איר מיט דעה הוט און מאנטל גרייט אוועקצוגיין.

זיי זענען זיך „דורכגעגאנגען", ביילקע האט גערעדט און גע־לאכט. זי האט געשפאסט, דערציילט דבורהלען וויצן (נאך אינטע־רעסאנטערע פון מיכאלס)... זי האט אויסגעזען אזוי הארציק און אזוי געזונט, אז דבורהלע האט זיך מיט איר אויף אן אמת באַ־גייסטערט. זי האט מיט איר הארציק מיטגעלאכט. אפילו וויצן, וואס זי האט שוין פריער געהערט, האבן עפעס אזוי אמוזירט, ווען ביילקע האט זיי דערציילט.

— אט דאס הייסט א מחיהדיקער מענטש! — האט דבורהלע שיעור נישט אויסגערופן אויפן קול.

ארום זיבן א זייגער זענען זיי אהיימגעגאנגען.

ביילקע האט געוווינט אין א קליין שטיבל. ארעם מעבלירט, אבער זייער זויבער. דאס טישל איז געווען איבערגעדעקט מיט א רויט, פלושן טישטוכל.

זי האט געבעטן דבורהלען, זי זאל זיך זעצן אויפן בעטל, מחמת די שטול איז, נישט פאר קיינעם גערעדט, א קרענקלעכע. זיי האבן ביידע געלאכט פון דער צעבראכענער שטול. ביילקע האט זיך גענומען פארען ביי דער גאז־מאשינקע. זי האט אנגעגאסן טיי, צוגעזעצט זיך נעבן דבורהלען אויפן בעטל. זיי האבן גע־טרונקען און ביילקע האט דערציילט: מכח דעם פאריין זייערן, מכח דער ארבעט, וואס ווערט דא געטאן:

— מיר האבן יונגע מיידלעך און בחורים. מיר האבן על־טערע מענער. און פרויען אפילו האבן מיר עלטערע. איר וואלט קוים געגלויבט. מיר האבן חברים און חברטעס. קינדער פון רייכע עלטערן, וואס זענען גרייט מקריב צו זיין זיך צען מאל א טאג פאר אונזער הייליקן אידעאל! מיר האבן אפילו רבישע קינדער! און פון די ארבעטער איז דאך זעלבסטפארשטענדלעך, אז מיר האבן דעם גרעסטן טייל. זיי זענען דאך דער פונדאמענט אונזע־רער. — פון קארל מארקסן האט איר געהערט, זאגט איר?

— יא, כ'האב אביסל געליענט.

— וואָס האָט איר געלייענט?

— דעם אָנהויב פון זיין „פּאָליטישער עקאָנאָמיע”, זייער שווער געווען צו פאַרשטיין. כ'האָב געלייענט עטלעכע מאָל און האָב אים דעמאָלט ערשט נישט געקאָנט פאַרשטיין.

— וואָס נאָך האָט איר געלייענט?

— פון די ניהיליסטן, פון איינעם מיכאיל באַקונין, מיט זיי־נער א חברטע, מאַריע, א שניידערקע, און פונס צאַרס אַן אייגענעם ברודער, אָדער א פעטער? כ'געדענק נישט גענוי.

— האָבן זיי אייך שטאַרק פאַראינטערעסירט? כ'מיין די ביכער? האָט איר זיך אַמאָל פאַרטראַכט מכח זיי?

— זייער אָפט! — נאָר, כ'וויל אייך זאָגן דעם אמת, ס'איז שווער געווען צו גלויבן.

— דעריבער האָט איר פריער נישט געפּרוווט אָנשליסן זיך אין אונזער פּאַרטיי? אָדער איז געווען אַן אַנדער סיבה? איר מוזט מיר זאָגן דעם אַבסאָלוטן אמת! איר זאָלט מיר מוחל זיין — נאָר ס'איז זייער וויכטיק, איר פאַרשטייט?

דבורהלע האָט איר דערציילט, אַז זיי האָבן ביז צוריק מיט א קורצער צייט געוווינט אין א קליין שטעטל. אַז זי האָט א קראַנ־קע מוטער און צוליב דעם ליגט דער גאַנצער עול און טאַקע די גאַנצע אַרבעט אויף איר. אַז אַזעלכע ביכער האָבן איר ביז לעצטנס גאָרנישט דערגרייכט, אַז זי האָט זייער ליב די עלטערן און האָט שטאַרק רחמנות אויף דער מוטער, וואָס ליידט איר גאַנץ לעבן — און איז קראַנקערהייט די קלוגסטע און אינטערעסאַנטסטע פרוי אין דער וועלט! — האָט דבורהלע צוגעגעבן מיט עקסטאַז.

זיי האָבן נאָך געשמועסט א היפּשע צייט. דבורהלע האָט פּשוט געשלונגען ביילקעס יעדעס וואָרט. זי זעט ערשט איצט, אַז זי איז באמת א גאָרנישט קעגן אָט דעם מיידל, וואָס איז אַזוי באַ־וווסטזיניק, אָנגעלייענט און דערצו אַזוי מונטער און קלוג, פול מיט געזונטן מענטשן־פאַרשטאַנד, און אַזאַ אידעאַליסטקע. הגם זי איז אַזוי אָרעם, אַרבעט א גאַנצן טאָג ביי א שניידערקע, מוז אַליין זאָרגן צו באַצאָלן פאַרן שטיבל, אויף עסן און קליידן זיך, שפּאָרט זי נאָך אָפּ אויף א גלאָז טיי פאַר א פריינדין. זי האָט איר באַטראַכט פאַר א גרויסן מענטשן, ביילקען, און זי האָט עס איר אָפן געזאָגט. ביילקע האָט האַרציק געלאַכט.

— איר זענט דאָך נאָך אַזאַ קינד, אַזוי נאַאיוו, נאָר טאַקע דערפאַר, האָב איך אייך דאָך ליב! — איצט, דבורהלע, וויל איך פון אייך, איר זאָלט זיין דיסקרעט! איר ווייסט דאָך שוין איצט, וואָס מ'מיינט ביי אונז דיסקרעט? פשוט טויט זאָל זיין — אַלץ וואָס איר האָט דאָ געהערט, און איר זאָלט זיך גוט איבערלייגן, נעמען אין באַטראַכט אַלע וואָרגונגען, וואָס איך האָב אייך געגעבן. דערנאָך, אַז איר וועט אַן אָפּגעקילטע פונם איצטיקן פלאַטער, אַ רואיקע שוין, נאָך אַ געהעריקער איבערלייגונג נאָך אַלץ וועלן, וועט איר זיין אַן אונזעריקע.

איצט וועלן מיר טרינקען נאָך אַ גלעזל טיי און טאַקע עפּעס עסן אויך. איר זענט דאָך מסתמא הונגעריק? וואָס? איך, ווי צען הינט! איר דאַרפט אייך נישט שעמען. טאָמער נישט! אָט דאָס איז אונזער מאַטאָ, תמיד אָפנהאַרציקייט צווישן אייגענע און פאַר־שלאָסנקייט צווישן פרעמדע!

— אויב אַזוי, טאָ גיט־זשע מיר טאַקע עפּעס עסן — האָט דבורהלע באַוויזן, אַז זי קאָן זיין אַ העלדין.

ביילקע האָט צעשניטן אַ הערינג, אים פאַפּראַוועט מיט עסיק, צעשניטן אַ ברויטל. דבורהלע האָט שוין לאַנג נישט געגעסן מיט אַזאַ חשק און אַזאַ הנאה געהאַט פון אַ וויעטשערע, ווי היינט ביינאַכט.

ביי ביילקען האָבן זיך אַזש געררויטלט די באַקן פון הנאה.

— איצט, דבורהלע, וואָלט איך נאָך געוואָלט וויסן, ווער עס האָט אייך געראַטן צו לייענען די ביכער, וואָס איר דערציילט. קאָנט איר עס מיר זאָגן?

דבורהלע האָט זיך געדרייט, ווי אַ וואָרעם.

— איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן. נאָר כ'האָב געגעבן מיין וואָרט, אַז קיינער וועט קיינמאָל נישט וויסן, ווער עס האָט מיר זיי געבאָרגט, און בכלל, צי מיר האָבן גאָר געהאַט דעם מינדסטן שייכות איינער צום אַנדערן.—זי איז רויט געוואָרן, ווי מ'וואָלט זי געכאַפּט ביי אַ פאַרברעכן. — איך קאָן נישט — — איר מוזט מיר מוחל זיין. ס'איז נישט מיין סוד, ס'איז יענעמס — איר פאַר־שטייט?

ביילקע האָט אויפגעבליצט.

— אַט אַזעלכע דאַרפֿן מיר דאָך טאַקע האָבן, מ'מוז אָן איי־געגעם סוד אויך היטן — איר פֿאַרשטייט?

— נאַט־זשע אייך דאָס ביכעלע. לייענט עס איבער און ברענגט עס מיר מאָרגן צוריק, אָדער פֿאַרברענט עס.

— יאָ, פֿאַרברענט עס, ווען קיינער וועט נישט זען, פֿאַר־שטייט זיך. אַלזאָ, זאָגט איר מיר צו, אַז איר וועט זיך קיינמאָל אין אייער לעבן נישט אַרויסכאַפּן מיט קיין וואָרט, האַ? — דאָס הייסט, אויב איר וועט זיך אַפֿילו נישט ווערן אָנשליסן. לאָמיר זאָגן, איר וועט זיך מישב זיין און האָבן, לאָמיר זאָגן, אַ שלעכטע מיינונג אַפֿילו מכּח דער זאַך אונזערער, וועט איר דעמאָלט אַפֿילו נישט אַרויסכאַפּן זיך מיט קיין הויך, וואָס קאָן פּאַסירן! איין וואָרט קאָן אַמאָל קאָסטן טויזנטער לעבנס, טויזנ־טער, איר הערט?

— איך שווער אייך, אַז ווען ס'זאָל מיך אַפֿילו קאָסטן מיין אייגן לעבן, וועל איך מיך נישט אַרויסכאַפּן מיט קיין שאָרך אַפֿילו, און אָנשליסן וועל איך מיך יאָ. איך וויל עס מיטן גאַנצן האַרצן. איך פֿיל, אַז עס דערוואַרט מיך אַן אַנדער לעבן, אַ שיין לעבן.

ביילקע האָט אויף איר אַ נאָענטן קוק געטאָן — ניין, ס'איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. דאָס איז אַן ערלעך קינד. און זי קאָן זיך באַגייסטערן. האָט אין זיך אַ וועלט מיט איינגעשנורעוועטע ענערגיע. קאָן זיין די אמתע אידעאַליסטקע. מ'דאַרף איר געבן אַ געלעגנהייט אויסצולעבן זיך. העלפֿן איר אויפֿכאַפּן זיך פֿון אַ קרענק־לעכן, ליידיקגייערישן חלום און איר געבן געזונטע, ממשותדיקע אַרבעט צו טאָן. אויסנוצן זי פֿאַר אונזער זאַך, וואָס וועט באַלד ווערן אירס אויך.

ביילקע האָט אָפּגעפֿירט דבורהלען ביז אין שטוב אַריין כּמעט.

זיי האָבן זיך געזעגנט און אָפּגעשמועסט צו טרעפֿן זיך מאָרגן, זונטיק, אַרום פֿינף פֿאַרנאַכט.

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט, האַ?

— שפּעט?

— שוין האַלב צוועלף דער זייגער!

— כ'האָב מיך פֿאַררעדט אַפּנים. כ'האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז ס'איז שוין אַזוי שפּעט. דאַרפֿסט עפּעס, מאַמעשי? ניין?

— ניין! כ'דאַרף גאָרנישט! — האָט רייזעלע געזאָגט און איז געגאַנגען שלאָפן.

ר' אברהם בער האָט נאָכגעקוקט עפּעס אין אַ ספר און איז אויך געגאַנגען שלאָפן.

עפּעס האָבן זיי זיך היינט אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער מלוה־מלכה פריער, ווי תמיד — אפילו מיכאל שנאָרכט שוין אויף אַ ביכל, טיף פאַררוקט אונטערן קישן. סודות...

דבורהלע האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין בעטל. ר' אברהם בערס טריט הערן זיך שוין קוים. שוין, מ'הערט זיי שוין נישט. פינסטער אומעטום. זי האָט אָנגעצונדן אַ ליכט. פאַרשטעלט די שטול מיטן קליידל. זי שלינגט די ווערטער, דאָס קליינטשיקע ביי־בעלע רופט־אויף צו אַ גרויסן קאַמף מיטן שונא. עס דערציילט פון אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער, חברים און חברטעס. די בעסטע, די שענסטע מענטשן, די איידלסטע נשמות. די גרעסטע אידעאַליסטן, וואָס שמאַכטן אין סיביר, פילן־אָן די טורמעס, קרענקען, ווערן שווינדזיכטיק, פאַלן אַריין אין עפּילעפּטישע קראַנק־הייטן פון דערשיטערטע נערוון, ווערן בלינד פון אייביקן זיצן אינדערפינסטער, דערציילט פון העלדן און העלדינס, וואָס געבן זיך נישט אונטער ביי די ערגסטע מאַטערנישן, ביי יסורים, וואָס די אינקוויזיציע איז קעגן זיי אַ שפּילעכל, זי לייענט, ס'האַרץ ווערט איר צעריסן. די אויגן צינדן זיך איר. די באַקן בריען. דער אָטעם איז הייס. זי ברענט אינגאַנצן פון נקמה־געפילן קעגן שונא, פון באַ־גייסטערונג פאַר די העלדן. צוואַנציק זייטלעך בסך־הכל, נאָר זיי דערציילן גענוג. איבערלייענען דאָס ביכעלע און ווידער פאַרטזעצן דעם רוטין פונם טעגלעכן לעבן, בלייבן גלייכגילטיק, איז אויס־געשלאָסן... געוואַלט, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך אָפּ, און זי לעבט, ווי אַ קו, עסט, שלאָפט, גייט שפּאַצירן און אינטערעסירט זיך נישט אַ האָר צו העלפן באַפרייען די וועלט פון אומגליק, פון שמוץ, געמיינקייט, אומדערהערטע אומגערעכטיקייט. ווײַ, דער רבי איז דאָך נאָך אַ צדיק... אַזאַ לעבן איז אויף ווייטער אויסגעשלאָסן. זיי וועלן איר מוזן אַריינגעמען. איך וועל זיך שווערן ביי אַלץ, וואָס איז מיר הייליק, אַז איך וועל זיין דיסקרעט, מער, שטום! אַז איך וועל זיי מיטהעלפן מיט אַלעם, וואָס איך וועל זיין בכח, יאָ, אַזוי וועט עס זיין. זיי וועלן מיך מוזן אַריינגעמען. זי האָט זיך געוואָרפן

און געדרייט אינם בעטל און, אַז זי איז לסוף איינגעשלאָפן, האָט זי זיך אַלע צען מינוט אויפגעכאַפּט פון באַאומרואיקנדיקע חלומות, געטאַפּט דאָס ביכעלע אונטערן קישן און זיך געפרייט, וואָס מ'האָט עס ביי איר נאָך אַלץ נישט אַוועקגענבעט.

אינדערפרי האָט זי געמאַכט פייער. דאָס ביכעלע האָט געפלאַ־קערט צווישן שטיקלעך אָנגעהאַקט האָלץ און נאַפט. דבורהלע האָט געקוקט אויפן פייער, נערוועאיש און מרה־שחורהדיק. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, זי זעט דאָרטן די ברידער און שוועסטער ברענען זיך אויפן שייטערהויפן, די בלעטלעך האָבן זיך געוויקלט. איינס אָדער צוויי האָבן זיך צוריק אויסגעגלייכט. און אויפן איבערגע־ברענטן שוואַרצן פּאַפּיר, האָבן זיך באַוויזן ווייסע אותיות. מען האָט זיי כמעט דייטלעך געקאָנט לייענען. דבורהלע איז אָפּגעשפּרונגען פון דער קיך מיט שרעק. „ווערעם" האָבן איר אָנגעהויבן קריכן אונטער דער הויט. — גאָט זיי דאַנקען, מ'זעט זיי שוין נישט.

דער פאָטער איז שוין אָנגעטאָן. זי הערט אים שוין אָפּגיסן נעגל־וואַסער. זי האָט זיך געשטאַרקט, איז צו צו דער קיך און צוגעגאָסן נאַפט אויפן האָלץ, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין פאַר־לעשן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט נעכטן נישט געמאַכט קיין טיי, ווען זי איז אַהיימגעקומען. ס'קאָן נאָך דערוועקן אַ חשד... זי האָט פון יענעם טאָג אָן געאַרבעט מיט אַ טענדענץ. ערשטנס, כדי נישט צו דערוועקן קיין חשד, און אַ חוץ־מזה דאַרף מען דאָך העלפן דער מאַמעשי. זי איז דאָך, נעבעך, אַזאַ אומבאַהאָלפענע, אַ שוואַ־כע. און עס האָט זיך איר גאָר אַנדערש געאַרבעט. זי האָט גאָר גע־נומען פילן אַ געוויסע באַפרידיגונג אין דער אַרבעט, אַ געוויסן שטאָלץ אפילו. זי העלפט דאָך אַ מענטשן...

צען טעג שפּעטער, האָט דבורהלע „אָפיציעל" געהערט צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

ס'איז שוין געווען די פערטע וואָך, זינט מען האָט זי מיט ביילקעס רעקאָמענדאַציע אַריינגענומען אין דער פּאַרטיי. זי האָט שוין געקענט דאָס פּראָגראַם אויף אויסנווייניק. געווען שוין אַן אייגענע. נאָר אַזוי ווי אַ באַשטימט פּראָגראַם איז פאַראַן נאָר דע־מאָלט, ווען אַלץ גייט כשורה, און מען איז יעדער רגע אונטערגע־וואָרפן אַלערליי אומגעריכטע געשעענישן, אָנפאַלן, אַנטדעקונגען, פאַרראַט, א. א. וו., האָט דבורהלע נאָך געהייסן ס'קינד אין דער

פּאַרטיי און קיין וואַזשנע אַרבעט האָט מען איר נאָכנישט אָנגע־טרויט. הגם זיי האָבן איר אַלע ליב געהאַט, די חברטעס און נאָך מער די חברים.

אַמאָל אין אַ זונטיק איז עס געווען, האָט מען זיך אין זייער קרייזל געריכט אויף זייער אַ וויכטיקן חבר, וואָס האָט געדאַרפט קו־מען פון דער פּראָווינץ אויף אַ מיטינג, מיטברענגען מאַטעריאַל, אָפּ־נעמען ראַפּאָרטן א. אז. וו. ביילקע האָט איר אַ סך דערציילט מכח דעם חבר, געלויבט אים אין טאָג אַריין. זי האָט איר אויך צוגעזאָגט, אַז זי וועט איר באַקענען מיט אים. נאָר ביים מיטינג, אייגנטלעך, אַ סאָרט פּאַרמיטינג, גלויבט זי נישט, זי זאָל קאָנען זיין, מחמת זי איז נאָכנישט גענוג לאַנג אין דער פּאַרטיי, כדי צוגעלאָזט צו ווערן צו אינטימע מיטינגען.

— אפשר וועל איך ביים חבר אויספּועלן, אַז ער וועט זאָגן יאָ, פּאַלט אַלץ אַוועק, — האָט איר ביילקע צוגעזאָגט און די אַנדערע חברים האָבן צוגעשטימט, „אַז ער וועט זאָגן יאָ, פּאַלט אַלץ אַוועק".

זיצט זי אַזוי, דבורהלע, ביי ביילקען אויפן בעטל און הערט זיך איין מיט חשק און מיט ערנסטקייט אינם שמועס, וואָס ביילקע מיט צוויי מיידלעך און אַן אַנדער פּראָווינצער בחור פירן מכח דער זאַך, וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערן, אויב אַלץ וועט גיין גלאַ־טיק, און מכח דעם גאַסט.

— אויפן חבר שמעון קאָן מען זיך פּאַרלאָזן גאַנצע הונדערט פּראָצענט.

— אָן שום ספק. מכח דעם פּאַלט מיר גאָרנישט איין צו טראַכטן. נאָר איך בין אַביסל אומרואיק צוליב עפּעס אַנ־דערש: עפּעס גלויב איך נישט אַזוי שטאַרק אין זיינע פיזישע כחות —זאָגט ביילקע.

— וואָס איז אייגנטלעך?

— איך ווייס אַליין נישט. ער זעט אויס ווי אַ מת און וויל נישט זאָגן, וויל אפילו נישט מודה זיין, אַז ער איז קראַנק. — קראַנק זענט איר! — אויפן שכל, — חכמהט ער זיך, פייפט מכלומרשט אונטער און אַרבעט, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

— מסתמא ווייס ער דאָך, וואָס ער טוט. ער פּאַרשטייט די

ערנסטקייט פון דער זאך בעסער פון מיר, — רופט זיך אן א קליין, דאר מיידל מיט אן אנטשלאסענעם קנייטש ארום מויל.

— אט איז ער! — שרייט בײלקע כמעט אויס און פליט צו דער טיר.

— פסס! כאפ נישט, בײלקע, זיי זיכער, — ווארנט די קליינע.

— רעד נישט קיין שטותים! כ׳דערקען זיינע טריט.—זי עפנט די טיר. ס׳קומט אריין א הויכער יונגערמאן, מיט א קנאכיק, געל פנים. ער גייט אביסל געבויגן, כמעט איינגעהילט אינם גרינעם אויבער־בגד. מען זעט, אז ס׳איז אים קאלט. די נאז איז אים אויסגעצויגן פון קעלט. דער קין, ווי א מעסער. נאר די אויגן זענען גרויס און ברענענדיק.

— גוט נ׳אוונט, חברים!

— א גוט יאר, חבר!

זיי רוקן זיך צוזאמען, מאכן ארט פארן חבר.

— א וויסטע קעלט! — וואס הערט זיך דא ביי אייך?

— גוט, — זאגן כמעט אלע אין איין קול.

— און דארט?

— דערווייל אויך!

זיי ווערן כמעט אלע בלאס, — וואס הייסט?

— זייט מיר מוחל, א שלעכטע געוווינהייט. אלץ איז פרימא, אויסגעצייכנט, מ׳ארבעט מיט אזא סיסטעם, אז דער דערפאלג איז געזיכערט, אין קעשענע איז ער, איר הערט? נאר מיר האבן געהאט א פארלוסט, די וואך, דער אלטער „האנך” איז געשטארבן!

ער טוט אויס דעם פאלטן מיטן הוט און ווארפט אים אוועק אויפן בעטל. אלע צעלאכן זיך.

— ער וועט אונז איצט קאנען מסורן פארן טיוול, — זאגט בײלקע, און טוט א קוק אויפן חבר מיט פארוואורף און אן א שיעור ליבשאפט, געמישט מיט דרך־ארץ. זי נעמט־צו די זאכן, הענגט זיי אויף אויף א טשוואק אין טיר.

— זייט מיר מוחל, איר ווייסט, וואס איך וועל אייך זאגן, איך ווער אן אמתער שלימזל.

— איר ווערט ערשט ? — לאכן אלע.

— געוועזן אמאל א נוצלעכער חבר, און געשטארבן?... — זאגט די קליינע.

— ווי א — שמעון וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער דערזעט דבורהלען.

— ווּעמען זע איך דאָ? — זאָגט ער מיט די אויגן צו ביילקען. — מה זה? אפשר דערווייל זיך מאַכן נישט־וויסנדיק. אפשר וועט זי אים גאָרנישט דערקענען — — — פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אויסגעשלאָסן.

— אַנטשולדיקט, — ווענדט ער זיך צו דבורהלען, — איר זענט דאָך... כ׳מיין פון ר.

— יאָ.

— וואָס־זשע טוט איר עפּעס דאָ? כ׳מיין, וואָס־זשע מאַכט איר עפּעס? — כאַפּט ער זיך צוריק.

— א דאַנק — זאָגט דבורהלע, פאַרשטאַרט פון איבערראשונג. — דער עילוי?

— און וואָס הערט זיך אַזוי? וואָס מאַכט דער טאַטעשי, די מאַמעשי?

— גאַנץ גוט, אַ דאַנק!

— אַזוי, וווינט איר, הייסט עס, אין וואַרשע? און מיכאל וואָס מאַכט? ער איז נאָך אַליין אַ ליין?

— נאָך אַ גרעסערער.

— אַ קלוגער חברה־מאַן!

דבורהלע ענטפערט נישט.

— איר האָט מיר אָוועקגעשלעפּט דעם פּאַלטן און איך דאַרף אים האָבן — בייזערט ער זיך כמעט אויף ביילקען.

זי פאַרשטייט, גייט אים נאָך צו דער טיר, ער פּאָרעט זיך אין די קעשענעס.

— וואָס טוט זי דאָ?

— זי איז אַן אייגענע.

— ווי לאַנג?

— אַ פּאָר וואָכן.

— אַ מאָדנער צופאַל, — זאָגט שמעון אומצופרידן.

— הערט, ביילקע, מיר קאָנען זי היינט ביינאַכט דאָ נישט האָבן. איר מוזט זען, זי זאָל אַהיימגיין, איידער מען הויבט עפּעס אָן. זי איז אַ גוט קינד. מיינט מסתמא ערנסטער פון אונז אַלע, אָבער ס׳איז נאָך צו־פרי.

— איך האָב איר צוגעזאָגט פּועלן בײַ אײַך.

— נאָך בעסער! נישט געפּועלט — איר פאַרשטייט?

— אויף מײַן פאַראַנטוואָרטלעכקייט, — זאָגט ביילקע.

— ביילקע, ס'טויג נישט. מאַכט אפילו נישט קיין טיי. זי מוז באַלד אַהיימגיין. איר פאַרשטייט?

— צי איך פאַרשטיי?

— וואָס־זשע מאַכט איר פאָרט?

דבורהלע ווייס אים נישט, וואָס צו ענטפערן. זי קוקט אויף אים נאַרישעוואַטע און שמייכלט. ווי נעמט מען אַ וואָרט? געוואַלט, כאָטש איין וואָרט!

— זאָגט מיר בעסער, ווער האָט אײַך אָפּגעשמדט?

— מיך — ביילקע, — גאָט צו דאַנקען פאַרן וואָרט.

— אײַך, ווער?

— מיך? אויך ביילקע, מסתמא? איבעריקנס, בין איך שוין אַן אַלטער משומד. און ווי געפעלט אײַך אונזער פאַריין?

— אויסגעצייכנט. נאָר איך בין נאָך אַזאַ פריץ.

— אַלץ מיט דער צײַט. און דערווײַל ווייסט איר דאָך שוין מסתמא אונזער מאָטאָ? — הערן, זען, און שווײַגן. אפילו איין וואָרט טאָרט איר נישט אַרויספאַרען מכח אײַער אָנגעהעריקייט. און מכח מיר, אויך צו קיינעם נישט. דערמאָנט נישט בכלל מײַן נאָמען. זאָגט איר עס מיר צו, וואָס?

— געוויס!

— ווי שטעלט איר אײַך פאָר, אײַער פאָטער וואָלט עפּעס רעד־אַגירט, ווען ער ווייס, אַז זײַן טאָכטער און דער עילוי זענען, רחמנא־לצלן?...

ער גיט זיך אַ מאַך אָפּויר די צוויי פּאות. דער עולם קוועלט — האַ־האַ־האַ!

דבורהלען האָט עס אַ ברי געטאָן בײַם סאַמע האַרץ. זי האָט אים עפּעס די מינוט אַזוי מאָדנע ליב געקריגן.

— הייסט עס, אַז איר זענט נאָך געווען דעמאָלט, ווען איר זענט צו אונז אַרײַנגעקומען?

— זעט איר שוין. אָט רעדט איר שוין איצט. הגם איר זענט ווייט פון זײַן זיכער. היינט ווי אַזוי קאָן מען אײַך רופן אַן אונ־

זעריקע, — האָט שמעון געפּאַקט אַ געלעגנהייט צו כאַפּן דבורהלען בײַ אַן עבירה.

— איך וועל מיך צוגעוווינען.

— אָבער דערווײַל, הייסט עס?

— שווײַגן, — האָט זיך דבורהלע שיעור צעווײנט פֿאַר חרפּה.

שמעון וויל איר פֿאַרטרײַבן. און ער זוכט עס אַפֿילו נישט צו באַהאַלטן. דעם מאָטיוו וואָלט ער פֿון בײַלקען אויך נישט געקאָנט באַהאַלטן. זי האָט אים מיטן אינסטינקט פֿון אַ פֿרוי דערפֿילט. און זי האָט זיך אויך קוים אײַנגעהאַלטן נישט צוצעווײנען זיך פֿאַר פֿאַרדרוס. ייִנגערע קינדער שטעלן אײַן זייער פֿרײַהייט, זייער לעבן, האָבן אפֿשר אויך עמעצן, וועמען זיי זענען נאָנט און ליב.

דבורהלע האָט זיך גענומען אָנטאָן. שמעון האָט זיך דערפֿרייט.

—איר גייט שוין?

— איך אײַל מיך. די מאַמעשי איז נישט געזונט.

— נאָך אַלץ נישט?

— ניין. נאָך אַלץ נישט.

זי וועט מוזן אַוועקגיין. בײַלקע האָט עס איר שוין געזאָגט. ס'ווילט זיך אַזוי בלײַבן. פֿאַרוואָס קאָן ער נישט מאַכן קיין אויסנאָם? שמעון האָט זיך צוריק אײַנגעהילט אינם לויזן אויבער־בגד, אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער און האָט זי אַראָפּבאַגלייט די טרעפּ.

— אַ גוט יאָר און למה"ש, דבורהלע, דערמאָנט נישט מיט קיין הויך מכה אונזער באַגעגענען זיך דאָ. דערמאָנט בכלל גאָרנישט. ס'איז זייער, זייער ערנסט. איר פֿאַרשטייט?

— זייט רואיק! איך בין נישט אַזאַ קינד, ווי איר מיינט.

— גוט, דבורהלע, גוט!

ער האָט געדריקט דאָס קלײנע, וואַרעמע הענטל אירס אין זײַן גרויסער קנאָכעדיקער האַנט עטלעכע מינוטן.

זי האָט אים שוין איצט אַלץ מוחל געווען. מסתּמא האָט ער אַ סיבה אַזוי צו האַנדלען.

— סוף כּל סוף וואָס פֿאַרשטיי איך? — האָט זי זיך געזאָגט.

— אָט האָט מיר בײַלקע דערציילט מכּח חבר שמעונס העלדישקייטן, אַזאַ איבערגעגעבנקייט, אײַנגעהאַלטנקייט, און, אַז איך האָב איר אַ פֿרעג געטאָן, ווו ער וווינט, האָט זי געענטפֿערט, אַז אומעטום

און ערגעץ נישט. און איך האָב אים ערשט רעכט... רעכט דער־
קענט, ווען ער האָט אפּערגעמאַכט די פּאות.

זיין וואָרעמער דריק האָט איר נישט בלויז געבריט דאָס לייב,
הייסער געמאַכט דאָס בלוט אין די אָדערן און געוואָרעמט דאָס
האַרץ, נאָר צעשטראַלט די נשמה. עפּעס איז ער איצט מאָדנע
אויסגעוואַקסן אין אירע אויגן. ער וויצלט זיך מכלומרשט. און
דאָס איז אַ מענטש, אַן ערנסטער, אַ וואַגיקער, אַ היילעקער —
האָט ביילקע אים אָנגערופן. זי ווייס שוין פון לאַנג, אַז ער איז
עס. מען האָט נאָר געדאַרפט איין קוק טאָן אויף אים, ווען ער
איז דעמאָלט פאַרבייגעלאָפן דעם הויף, כדי עס צו וויסן. און ער
האָט איר פונדעסטוועגן אַליין אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ און גע־
רופן זי ביים נאָמען, ווי אַן אַלטע באַקאַנטע. הגם ער האָט זיך
באַצויגן שטרענג, ווי צו אַ מענטשן, צו וועמען ער האָט נאָך
לגמרי נישט קיין צוטרוי. זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַ ריינע
הצלחה, גראָד אַריינצוטרעפן צו ביילקען. עס פעלן קרייזלעך אין
וואַרשע? ביילקע האָט איר געזאָגט, אַז עס זענען דאָ מער חברים,
ווי מ׳מיינט, מער קרייזלעך און קרייזן, ווי מ׳מיינט. דאַרף זי
גראָד אַריינטרעפן אַהער. זי וועט אַרבעטן אונטער זיין השפּעה.
אַ גרויסע, אידעאַלע אַרבעט. דערנאָך וועלן זיי געניסן דערפון,
וואָס זיי וועלן אַליין שאַפן. זי וועט אים דינען, זי וועט אים אָפּ־
היטן. ער וועט האָבן כח צו אַרבעטן. ער זעט שלעכט אויס.
אַ סך ערגער, ווי אין ר. מען דאַרף אים צוזען. די וועלט וועט
נאָך קלינגען מיט אים, מ׳וועט אויף אים אָנווייזן: אַ גרויסער
מענטש, אַ היילקער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אַנדערע,
וואָס האָט געליטן פאַר אַנדערע, און זי וועט מיט אים מיטאַר־
בעטן... זי וואָלט אַזוי פאַרפאָרן ווער ווייס וווהין, ווען זי גיט זיך
נישט פּלוצלינג אַ גליטש אויס און דערהערט נישט קיין מאָדנע
לשון, וואָס איז איר עפּעס שטאַרק באַקאַנט:

— אַ כאָלערע דיר אין די פראַנצעוואַטע קישקעס אַריין, דו
לייזיקער הונט!

און זי דערפילט נישט צוויי גרויסע, פליישיקע הענט אַרום
די זייטן, וואָס גיבן איר אַ שטעל אַוועק אויפן טראָטואַר, אַז זי
גיט זיך אַזש אַ טרייסל אויף צוריק אומצופאַלן. נאָר דער נפש,
וואָס האָט איר אויפגעהויבן, כאַפּט איר אַן פאַר דער האַנט.

— א דאנק אייך! — זאָגט דבורהלע צום פּעטן פּאַרשוין מיט די גנבהשע אויגעלעך, וואָס שפּריצן מיט פייער און לאַכן אין איין צייט.

זי וויל אוועקגיין. נאָר דער חברה־מאַן האָט זי נישט בדעה אָפּצולאָזן.

— יאַכל דיך פּעצן! די אָדערן על יאַך דיר טרענען, אַז דעסט אָנהויבן מיטן רבינס טאָכטער. דו הערסט, דו לעמעך!

דבורהלע האָט אים שוין דערקענט — דאָס איז ער דאָך, דער רבי פון די גנבים, וואָס איז געקומען צום פאָטער אירן א שאלה פרעגן... עס ווערט איר פּאַסקודנע. זי דערפילט זיך גאָרנישט אין קיין יום־טובדיקער שטימונג. זי ציטערט, זי זוכט אַן עצה, ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן פונם בינטל יונגען מיטן רבין בראש. אָבער א נעכטיקער טאָג. יענער האַלט איר פעסט ביי דער האַנט. וואָס טוט מען? זאָל זי שרייען? זי פילט דעם דריק פון זיין שמאַלציקער האַנט. עס עקלט איר און זי גייט אויס פון פּחד.

— אַנטשולדיקן זי מיר, פריילין, — זאָגט דער רבי אין זייער אַן איידעלער שטימע... — מאַנס א יאָט וואָלט עס נישט געטאָן, נאָר דאָס איז נאָך א פּראָווינצער חיה, נאָך נישט קיין אויסגעלערנט שטיק דרעק.

דבורהלע וואָלט אים מוחל געווען א הונדערט מאָל, ווען ער לאָזט איר אָפּ און זי קאָן אַהיימגיין. אגב האָט זי גאָרנישט געוווּסט, אַז מען האָט איר אונטערגעשטעלט א פוס. זי האָט געמיינט: ס'איז א קאַלטע נאַכט, פאַרפרוירן געוואָרן מסתמא דער שניי מיט דער נישט פאַרקערטער בלאָטע.

— עטץ זעט דאָס פריילין? ס'איז דעם רבינס טאָכטער! און יאַכל אסור נישט מקנא זיין דעם יאָט, וואָס עט מיט איר טישעפן. אַן אַנדער מויד גייט מיך נישט אָן — קאָנט עטץ ענק שפּילן מיטער, וויפל עטץ ווילט. נאָר נישט מיטן רבינס טאָכטער, צ'הערט! און, אַז עצעט נישט פאָלגן, על יאַך אַך לערנען שכל. און דו, פּראָווינצער חזיר! — ווענדט ער זיך צו איינעם פון די תלמידים זיינע, א דאַרער בחור, א בלאַסער, מיט א רוצחישן בליק אין העלע אויגן, וואָס שמייכלען שפּאָטיש און אכזריותדיק.

דער יונג שטייט אַנגעלענט אינם טויער, דרייט א שטרוי

צווישן די ברוין געוואָרענע פינגער און ענטפערט נישט. ער שווייגט, רירט נישט מיט קיין אבר, גיט נישט קיין פינטל מיט קיין אויג, ווי נישט אים מיינט מען. דער רבי גיט אים אַ שאַרפן קוק אָן און ער דערזעט דעם שפּאָטישן שמייכל און ער פאַלט אַריין אין אַזאַ רציחה, אַז ער ווערט אַזש איינגאַנצן בלוי. די קליינע אויגעלעך גיסן זיך אָן מיט בלוט.

— וואָס? — ערשט יענע וואָך אַריינגענומען, אַזוי! נו, — ער גיט אַ לאָז אָפּ דבורהלעס האַנט און איידער זי כאַפּט זיך, וואָס דאָ טוט זיך, דערהערן זיך צוויי פּעטש, וואָס קלינגען אַזש אָפּ אין דער פּראַסטיקער נאַכט אַריין.

— מאַנס אַ יאַט! מאַנס אַ יאַט! ס׳וואָלט אים אַ בראַנד אין די געדערים אַריין. ווי יאַך בין אַ ייִד! הײַנט נאָך! הײַנט, ווי יאַך בין אַ טאַטנס אַ קינד, עלעך מעך מיטן אָפּפּאַרטיקן. ער איז נישט פון אונזערע יאַטן! נישט ביי מיר! — זאָגט ער צו אַ נידעריקן בחור מיט איין אויג, וואָס זעט־אויס צו זיין אַ גרויסער מקורב דעם רבינס. — ווי אַ וואַנץ וועל יאַך עם צעקוועטשן, אַז ר׳עט נישט זיין קיין לייט! אָהאָ, יאַך האָב מיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט גרעסערע קנאַקערס! מיר, — גיט ער אַ קוק צום ברייט־פּלייציקן בחור מיטן פאַרמאַכטן אויגל און רעדט בלשון רבים, — מיר האָבן זיך אָן עצה געגעבן מיט וואַזשנערע פון אים — וואָס?... אָהאָ! מיר גיבן זיך אָן עצה מיט אַזעלכע! — העהעהע, — צעלאַכט ער זיך פּלוצ־לינג. — צט׳געזען, ווי ר׳האָט געלאַכט? — העהעהע, — לאַכט ער ווייטער מיט נחת־רוח. ער האָט דערזען אינם יונגס אויגן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים קיין גוטס נישט צוגעזאָגט. ער האָט דערזען אין אים אַ צוקונפטיקן קאָנקורענט. זיין שמייכל, און נאָך מער זיין שווייגן, האָבן אים דערציילט, אַז דער בחור האָט אַ שכל, אַ ענער־גיע, אַ פעסטן ווילן. האָט ער זיך געפרייט איצט, וואָס דערווייל איז ער נאָך ב״ה דער רבי, דאַרף נאָכנישט קיין ממלא־מקום. ער האָט זיך דערפרייט, וואָס ער האָט עם באַצייטנס באַמערקט. — איר געדענקט יענעם, עליו השלום, — האָט ער זיך ווידער אַ ווענד געטאָן צום בלינדן יונג. — כ׳האָב אויפגעהערט, נאָר ער האָט אויך אויפגעהערט, וואָס? האַהאַהאַ!

— וואָס ביזטו עפּעס אַזוי בלייך? — פרעגט רייזעלע, זעענ־דיק, אַז דבורהלע ציטערט עפּעס איינגאַנצן.

— בלייך? — חידושט זיך מכלומרשט דבורהלע.

— קום נאָר אהער!

זי טאַפּט איר דעם קאָפּ.

— מיר דאַכט זיך, אז דו האָסט גאָר היץ! אפשר ביזטו, חלילה, פאַרקילט?

— ווער זאָגט? היץ גאָר! — כ'בין געפאַלן: ס'איז שטאַרק גליטשיק אינדרויסן.

— איינמאָל פאַר אַלע מאָל, מ'טאָר נישט דערלאָזן, אַז אַ מיידל זאָל זיך אַרומדרייען אַליין אין אַזאַ שטאָט ווי וואַרשע. — זע נאָר, ווי זי זעט אויס? — עפּעס אַזוי צעשראָקן?

— מאַמעשי, ס'דאַכט זיך דיר!

— נעם, לייג דיך צו, טאָמער פעלט אויס ע״נ!

— כ'על בעסער מאַכן טיי. ס'איז מיר באמת גאָרנישט.

— כ'מיין, מ'עט שוין היינט מאַכן טיי אָן דיר, — זאָגט רייזעלע און דעקט איר איין.

דבורהלע האָט עס טאַקע נויטיק געדאַרפט. זי האָט געציטערט, ווי אַ בלאַט.

ר' אברהם בער האָט איר אויך אַ טאַפּ געטאָן ביים קאָפּ. ס'האָט זיך אים אויך אויסגעוויזן, אַז זי איז „וואַרעם״, און ער האָט מסכים געווען, אַז מ'עט היינט מוזן אַליין מאַכן טיי, און ער האָט טאַקע מיט רייזעלעס און בעיקר מיכאלס הילף גענומען אַרבעטן אַרום דעם סאַמאָוואַר, מאַכן טיי. און דבורהלע איז זיך געלעגן, ווי אַ פּרינצעסין, צוגעקוקט זיך, ווי דער עולם אַרבעט. זי האָט זיך אין איר גאַנצער צעשטרייטקייט נישט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, ווי די דריי האָבן זיך געפּאָרעט אַרום דעם איינעם סאַמאָוואַר. משמעות, צייטן האָבן זיך שוין גע־ביטן... מ'האָט איר נאָך צוגעטראָגן אַ גלאָז טיי אויך.

קאַפּיטל עלף

# עט. שטותים!

נאָך דבורהלעס אוועקגיין האָבן זיי זיך גענומען ערנסט שמועסן מכח דעם ענין, צוליב וואָס שמעון און דער בחור זענען געקומען פֿון דער פּראָווינץ. עס זענען זיך אָנגעקומען נאָך עטלעכע מיידלעך און בחורים. אין שטיבל איז געווען רויִק און פֿאַרנע. שמעון האָט געבליט, ווי אַ רויז, און געשטיקט זיך מיטן הוסט. חברים האָבן צוליב אים אַוועקגעוואָרפֿן האַלבע סיגאַרעטן. דאָס פֿענסטערל האָט געמוזט בלייבן פֿאַרהילט. די קליינע מיטן אַנטשלאָסענעם פּנימל האָט אויפֿגענומען סטענאָגראַפֿיש אַלץ, וואָס שמעון האָט איר דיקטירט. ביילקע האָט געטיילט פּראָקלאַמאַציעס, וואָס שמעון האָט מיטגעבראַכט, און צום הונדערטסטן מאָל אָנגעזאָגט זיי, זיי זאָלן זיך היטן ביים צעטיילן ווייטער. מ'איז איינציקווייז אַהיימגעגאַנגען. אַוועקגעלאָזט זיך אויף קידוש־השם. אין שטיבל איז געבליבן ביילקע און די צוויי פּראָווינצער בחורים.

דאָ האָט מען אויך געמאַכט טיי, און אויך נישט אַזוי געשיקט, מחמת ביילקע איז געווען פֿאַרנומען מיט צוגרייטן געלעגערס. ענדלעך האָט זי איינגעטיילט די צוויי קישעלעך מיט דער קאָלדרע און די אויבערבגדים פֿון אַלע דריי אַזוי, אַז אפֿילו בערנאַרד שאָו וואָלט נישט געקאָנט פֿאָדערן קיין גלייכערע צעטיילונג.

זי האָט אויסגעלאָשן ס'לעמפּל, אַראָפּגענומען די טונקעלע שמאַטע פֿון פֿענסטערל, אויפֿגעמאַכט אַ שפּעלטל ברייט דעם לופֿטשיק. אין שטיבל איז געווען פֿינסטער און פֿריי... שמעון האָט איינגעצויגן די לאַנגע פֿיס און געגרייט זיך נישט שלאָפֿן. ביילקע האָט געצויגן די קאָלדרע, געגלעט זי, געוואָלט פֿאַרגרעסערן, לסוף האָט זי געוואָרפֿן די אַרבעט, זיך אַליין איינגענורעט אינם בינטל און געמאַכט נאַכט.

זי איז דאָס אויסגעוואַקסן אַביסל, האָט שמעון געטראַכט פֿון דבורהלען. אַ מענטש, נישט קיין קינד. און זי פֿאַרשטייט אַן עסק אויך. האָט איר געקאָנט איינפֿאַלן, אַז צוליב איר האָב איך אין ר. אָנגעהויבן אַריינקומען צו זיי אין הויז. ס'פֿאַלט איר נאָך מסתמא איצט אויך נישט איין, אַז איך... ווי געפֿעלט אייך דער ליבהאָבער?

האָט ער געפּרוווט אָפּחוזקן פון זיך אַליין. אַ נס, זי האָט שכל, די קליינע, און האָט מיך נישט אין דער לינקער פּאה אפילו. קיינמאָל נישט געהאַט. נאָר ס'איז דאָך אַזוי נאַטירלעך, אַז אַ זינדיקער בשר־ודם זאָל זיך פאַרליבן אין עמעצן. אַזוי גיך ווי אַ דאָקטאָר זאָגט אים, אַז ער טאָר אפילו נישט טראַכטן מכח אַ פרוי, ווער שמועסט, אַז מען האָט אַ וועלט מיט אַרבעט און קיין ברעקל כח — פאַרליבט מען זיך. ווי קאָן עס גאָר אַנדערש זיין. ברענען זאָלן זיי, ווי נאָס האָלץ. זיי האָבן מיר דאָסמאָל אויף אַן אמת אַרויסגעצויגן דאָס לעצטע ביסל כח. פאַר אַ קריפּל מיך געמאַכט. און דאָס טראַכט פון ליבע. ער האָט זיך צעהוסט. אדרבא, גיי זיי אַ בריה און פאַרליב זיך נישט אין איר. אפילו אין טאַטן אירן האָב איך מיך דאָך פאַר־ליבט. ווייסן וועט זי נישט, ווען כ'זאָל אפילו פּגרן. אָבער צו וועלכע רוחות דאַרף איך זי האָבן אין דער פּאַרטיי? — איז ער גלוצלינג אין כעס געוואָרן און נאָך שטאַרקער צעהוסט זיך.

דער בחור האָט זיך אַ ריר געטאָן און איז ווייטער געשלאָפן. ניין, ס'איז נישט דאָס. ווען איך ווייס, זי וועט ברענגען נוצן, האָט ער זיך געפּרוווט פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין, וואָלט געווען עפּעס אַנדערש. אַז ס'איז נישט פאַר איר. זי וועט זיך נישט קאָנען איינראַ־מען. זי האָט ליב די גאַנצע וועלט. דאָס איז ר' אברהם בער אין אַ קליידל.

ביילקע האָט זיך געדרייט אינם בעטל. דער בחור האָט געכראַ־פּעט מיט אַזאַ ריטם, אַז דער גרעסטער פּאַעט וואָלט זיך נישט גע־דאַרפט ווינטשן קיין בעסערן.

ס'שלאָפט זיך אים, ווייזט אויס, האָט שמעון אַ טראַכט געטאָן. נאָר פּלוצלינג, ווי אויף באַשטעלונג, גיט דער בחור אַ וואָרף מיט אַ פוס, מאַכט אַ קאָמישן זשעסט מיט דער האַנט, מען זעט בפירוש, אַז ער זוכט עמעצן אַרומצונעמען. שמעון האָט זיך צעלאַכט. בייל־קע האָט זיך איבערגעדרייט אין בעטל. נאָר דער אמתער העלד האָט זיך געמאַכט נישט־ווויסנדיק און האָט ווייטער געשנאָרכט — איז נישט געטראָפן...

ביילקע איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג כמעט. אַרום זעקס אַ זייגער הטאַ זי זיך שוין געשאַרט אינם שטיבל מיט שטילע, קורצע טריט, ווי אַ קעצל. ס'איז איר אַ שאָד געווען אויפצוּוועקן שמעונען, וואָס איז ערשט פאַרטאָג איינגעשלאָפן. זי האָט עס געוווסט, מחמת

זי איז אַליין אויך ערשט שפּעט אין דער נאַכט איינגעשלאָפן. זי האָט אַרויפגעלייגט אירע זאַכן אויף די צוויי בחורים, ווי אַ מאַמע האָט זי זיי געוואָלט פאַרזאָרגן מיט אַביסל וואַרעמקייט. פאַרטאָג ווערט נאָך קעלטער, זאָלן זיי זיך כאָטש איצט אָנוואַרעמען. זי האָט שטיל פאַרמאַכט די טיר.

אונטן אין געוועלבל איז שוין געווען צו באַקומען פון אַלץ אין דער וועלט, אַבי נאָר ס'זענען פאַראַן געווען די עטלעכע קאָפּי־קעס. זי האָט געבראַכט אַ ברויטל, אַ געווענזלטן הערינג, אַ קריגעלע מילך פאַר שמעונען און אַ פערטל פונט מעל־צוקער.

— גוט מאָרגן, חברטע! — האָט איר דער בחור באַגריסט פון אונטער דער קאָלדע אַפער.

— גוט מאָרגן! איר ווילט זיך אָנטאָן? אָדער ס'איז אייך קאַלט און איר ווילט זיך נאָך אַביסל אָנוואַרעמען? ס'איז נאָך גענוג פרי, אויב איר ווילט, קאָנט איר נאָך שלאָפן.

זי האָט גערעדט שטיל. געהיטן זיך נישט אויפצוּוועקן שמעונען. שמעון האָט איצט פאַרביטן דעם בחור. נאָר ער האָט געכראָפּעט שטילער און לגמרי נישט מיט קיין גוטן ריטם.

ביילקע האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט פאַרגעסן צו קויפן טיי. ווען זי איז אַרויפגעקומען מיט דער טיי, איז דער בחור שוין געווען אָנגעטאָן כמעט. און שמעון איז שוין געווען אויף.

— גוט מאָרגן! ווי איז זיך עפּעס געשלאָפן?

— אויסגעצייכנט! — האָט שמעון געזאָגט און האָט זיך גע־ווענדט צום בחור:

— איר האָט אָפּגעגעבן אַ נישקשהדיקן קאָנצערט, וואָס?

— איך ווייס? מסתמא, אַז איר זאָגט, מוז מען דאָך גלויבן.

— איר מעגט מיר גלויבן, איך בין אַ פּראָמינענטער קרי־טיקער, — האָט שמעון געלאַכט.

— חברטע ביילקע, איר האָט נישט אַמאָל נאָך עפּעס פאַר־געסן?

— טאַקע אויף אַן אמת!

זי איז אַרויס.

שמעון האָט אַרויפגעצויגן די מכנסים אויף שלייקעס, אָנגע־טאָן אַ פּאָר שטעק־שיך און צוזאַמען מיטן חבר גענומען אויס־גלעטן די קאָלדרע אויפן בעטל. ביילקע האָט געקייכט פון געלעכ־

מער, ווי די צוויי בחורים האָבן זיך געקריגט. יעדער האָט געוואָלט פאַרבעטן אויף זיין שטייגער, און פון ביידע שטייגערס איז דער הויקער געוואַקסן פונם ביסל בעטגעוואַנט בלע״ז ווי אויף הייוון.

— גייט שוין גיין, שלימזלניקעס! — איך וועל שוין אַליין פאַרבעטן. שמעון, איר וועט זיך דאָך נאָך פאַרקילן! וואָס גייט איר אַרום אַ האַלב־נאַקעטער, וואָס?

— פאַרדרייט נישט קיין ספּאָדעק!

— שמעון, פאָלגט מיך און הערט אייך אויף פּלעסקען אינם קאַלטן וואַסער.

שמעון האָט, ווי אַ פאַרעקשנט קינד, מיט אַ באַזונדער הנאה געוואַשן ס'טרוקענע, אויסגעדאַרטע לייב. געבאָדן ס'געלע פּנים אין צוויי אָנגענומענע הענט וואַסער. אַרונטערגערוקט דעם שוואַרצן קאָפּ האָר אונטערן אָפּגעבּרעקלטן שוואַרץ־ברוינעם, אָפּגעשיילטן קראַן און שטאַרקער נאָך געפּלעסקעט זיך אינם קאַלטן וואַסער.

— אַאַאַ! אַ מחיה!

ביילקע האָט פּראָטעסטירט.

— פאַרדרייט נישט קיין קאָפּ, ביילקע, מאַכט זיך נישט נאַריש. דערוויל לעב איך נאָך און וועל נישט אַרומגיין קיין שלעפּעריקער, נישט אָפּגעפרישט, ווייל איר ווילט מיר איינרעדן אַ קרענק. וואָס, וואָס, קיין שלימזל וועל איך נישט ווערן.

— ווייל איר זענט שוין, — האָט ביילקע געלאַכט. דער פּראָווינצער האָט אָנגעגאָסן טיי און געלאַכט פון ביילקעס חכמה.

ביילקע האָט זיך געאיילט צו דער אַרבעט. זי האָט זיך געזעגנט מיטן בחור.

— איר וועט דאָך נאָך זיין דאָ! — האָט זי געזאָגט צו שמעונען. זי האָט אים שיעור נישט פאַרשלונגען.

— פאַרגעסט נישט, פּונקט אַכט אַ זייגער וועל איך זיין אינדערהיים.

זי האָט געכאַפּט אַ בליק אויפן זייגערל און איז אַראָפּגעפלויגן די טרעפּ.

דער בחור האָט געמאַכט עטלעכע נאָטיצן אין אַ ביכעלע. איבערגעלעזט נאָכאַמאָל מכח אַ געוויסער מיסיע, וואָס ער האָט געדאַרפט דורכפירן אין זיין שטעטל, און איז אַרויס.

שמעון איז געבליבן אַליין אין שטיבל. ער האָט זיך פאַרקעמט

די האָר. אים, מיכאלן, וואָלט מען יאָ געדאַרפט אַריינקריגן אין דער פּאַרטיי. ער וואָלט צונוצגעקומען. ער איז אַ בחורעץ — אָבער זי? זי וואָלט פּונקט אַזוי גוט געוואָרן אַ ציוניסטקע, ווען עס וואָלט זיך איר געמאַכט אַ געלעגנהייט, גראָד ווי זי איז איצט אַ סאָ־ציאַליסטקע. זי דאַרף האָבן עפּעס, אין וואָס זיך צו קלאַמערן. אַ געליבטע, למשל, אַן אידעאַליסטקע איז זי גראָד יאָ. נאָר קיין באַשטימטן אידעאַל האָט זי נישט. און אפשר יאָ — ווער ווייסט? אוי, וואָלט זי געקאָנט ליב האָבן! זי איז דערצו באַשאַפן געוואָרן. ער האָט פאַרענדיקט דעם טואַלעט. עסן האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט זיך גענומען דורכקוקן פּאַפּירן, פאַרקנייטשן זיי אין האַנט און זאַמלען אויף אַ בערג טיש צום פאַרברענען. ניין, זי וועט מיט אונז צוזאַמען נישט אַרבעטן. מיר דאַרפן דאָ נישט האָבן קיין דבורהלעך. נאָר אומזיסטע קרבנות גיבן זיי, אָן שום צוועק. ער האָט זיך געמאַכט אויף דער גאַז־מאַשינקע אַ גלאָז טיי. ער האָט זיך געדרייט אַפּ און אויף איבערן שטיבל. די טיי איז געשטאַנען אויפן טישל. אין גאָרגל איז אים געווען טרוקן. ער האָט געזופּט פון דער טיי און געלייענט. אַז זי טאַנצט אַרום אויפן פּאַפּיר, משמעות די קליינע האָט מיך נעכטן אויף אַן אמת אַ נעם געטאָן. אָט אַן אָנשיקעניש! מ׳דאַרף נישט תמיד אַרבעטן. דאָס לעבן פאַר־מאָגט אחוץ אַרבעט אויך עפּעס.

— ווען דו נעמסט מיך, למשל, איצט אַזוי אַרום און גיסט מיר אַ האַרציקן קוש, וואָלסטו זיך נישט מחיה געווען? זיי זיך מודה!

שמעון קוקט זיך אַרום — האַ? — ס׳האָט זיך אים בפירוש געדאַכט, ער הערט דבורהלען רעדן. ער האָט איר ממש געהערט זאָגן אָט די ווערטער.

יענע האָט מיך אפילו נישט אין זינען. כ׳בין אַ שוטה.

מילא, היינטיקער טאָג איז שוין, ווייזט אויס, אַ פאַרלאָרענער. היינט וועט זיך שוין אַפּנים נישט אַרבעטן. איבעריקנס, בין איך שלעכט געשלאָפן. דער בחור האָט געפּויקט אויף אַלע כלים. צום טייוול! נאָר מער טאָר אַזעלכעס נישט פאָרקומען. שמעון, ביסט נישט אומזיסט אָפּגעקומען, נישט אומזיסט אויסגעריבן די הויזן אין אַלערליי תפיסות. איינגעהאַנדלט זיך אַ קרענק. געשימלט אינם שטעטל דאָרט. געווען אַן עילוי און אַ משומד, און דער טייוול ווייס וואָס, כדי זיך צו נעמען שפּילן איצט אין ליבעס. איבע־

ריקנס, ווייסעך וואָס! עט שטותים, הוילע שטותים! ס'איז גאָר נישטאָ אַזאַ זאַך אויף דער וועלט. ליבע־שמיבע — ס'איז אַ ווייבערשע אַרבעט. איז וואָס־זשע? אַז דבורהלע איז אַ שיין מיידל, דאַרפסטו דעריבער משוגע ווערן? זי געפעלט דיר, איז מה־רעש? קיינער שטערט דיר נישט, חלילה. האָב הנאה, ווען דו זעסט זי.

ווי לאַנג ס'שלעפּט זיך עפּעס דאָס שלימזלדיקע זייגערל! האַלב צען! אַ פרימאָרגן! צום טייוול! אפשר גאָר אַהינגיין אַ שמועס טאָן מיט מיכאַלן. ער דאַרף שוין זיין אַ וואַזשנער בחור. אַ לאַנגער איז ער דאָך תמיד געווען. אַ בעלן געווען צו זען דעם „אַלטן" אויך! אַ ווילער „בחור": ער קאָן ממש מחיה־מתים זיין מיט זיין ביסל עלעקטריק. אַ וואַרעמער מענטש. אַזוי טראַכטנדיק איז ער אַריינגעקראָכן אין זיינע חסידישע בגדים. אַרויפגעצויגן די פּאַרטריקנטע שטיוול אויף די דאַרע פיס, אָנגעטאָן דאָס סאַמעטענע היטל, אָפּערגעמאַכט די פּאות, געכאַפּט אַ קוק אינם שפּיגעלע אויף דער וואַנט — און זיך דערזען אפשר אין זעקס טיילן. ער האָט זיך צעלאַכט. געדאַרפט אַביסל פּאַרסאַרגען די קאַפּאָטע, כ'לעבן. ער האָט געפּרווט די טיר און זיך אָוועקגעלאָזט צו מיכאַלן. אויף די טרעפּ האָט אים אַ חסידישער ייד אַנטקעגנגעטראָגן אַ גוט־מאָרגן, ווי ער וואָלט אים שוין געקענט פון כמה יאָרן.

— גוט מאָרגן — האָט אים שמעון געענטפערט און זיך אַראָפּגעכאַפּט די טרעפּ, געדרייט זיך איבער די גאַסן. אינדרויסן איז געווען כמורנע און פייכט. אַ בייסיקע קעלט האָט דורגענומען ביזן ביין. שמעון איז אַזש בלוי געוואָרן.

אַ פערטל נאָך עלף. צייט אַרויפצוגיין. אַביסל פריער וועט אויך זיין אָנגעלייגט.

ר' אברהם בער האָט היינט געדאַרפט זאַמלען כוח אפּנים, ער האָט שוין געהאַלטן ביים אָנבייסן, ווען שמעון איז אַריינגעקומען. אין שטוב איז געווען וואַרעם און טונקל. ס'האָט געשמעקט מיט ווינטערדיקער באַקוועמלעכקייט. ר' אברהם בער האָט זיך געהאַלטן אין אויסמישן די קאַווע. מיטן שטיקל פּוטער, וואָס איז געלעגן אויף די אויסגעשלאָגענע אייער, שטייף און האַרטנעקיק, האָט ער שוין אויפגעהערט מלחמה האַלטן. אפילו רייזעלעס טרחה האָט נישט געהאָלפן. זי איז געזעסן נעבן טיש, אַ שאַל איבער די שפּיציקע אַקסלען, אַ בלאַסע, און אַריינגעקוקט אין אַ ספרל.

שמעון האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— אַ גוט יאָר! — האָט אברהם בער אים אַנטקעגנגע־טראָגן אַ האַנט, שמעונען, נאָך איידער ער האָט רעכט באַוויזן צוצוקומען צום טיש. — שלום עליכם!

— עליכם שלום!

— אַאַאַ גאַסט אַביסל! פּשש!!! — ער האָט אים אָפּגערגע־רוקט אַ שטול. :

— זיץ.

— יישר־כוח.

— פונוואַנען קומסטו? פון דער היים? ווען ביזטו געקומען קיין וואַרשע? נעכטן ערשט! אָוואַ־אָוואַ, אַ גאַסט אַביסל! אַ צייט דיך שוין נישט געזען! ווי לאַנג? שוין אַ קנאַפּע צוויי יאָר? עי! מאַכסט אַ טעות! אַזוי לאַנג איז נאָך נישט. וואָס־זשע הערט זיך עפּעס אַזוי?

— נישקשה!

— בקו הבריאות ביזטו? — האָט אים ר' אברהם בער אָנ־געקוקט מיט חשד.

— אַזוי! ס'הייסט אייגנטלעך יאָ!

— דו דערקענסט אים נישט? —האָט זיך ר' אברהם בער געווענדעט צו רייזעלען. — ס'איז דאָך דער עילוי!

דער עילוי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, איצט דערקען איך אייך! איך האָב טאַקע נישט דער־קענט. וואָס מאַכט איר עפּעס?

— אַזוי! געלויבט דער אייבערשטער. און וואָס מאַכט עפּעס די רביצין?

— אַזוי! לאַ־עליכמדיק, נישט פאַר אייך געדאַכט, ווי תמיד.

— וועסט אפשר מיטהאַלטן אָנבייסן מיט אונז? ביזט דאָך שוין מסתמא נאָכן דאַווגען?

— יאָ, אודאי.

— נו, גיי־זשע טאַקע, וואַש זיך.

— יישר כוח! עסן קאָן איך איצט נישט, מחמת כ'גיי איצט פון אָנבייסן, נאָר־וואָס געגעסן.

— אַזוי? זאָגסט כאָטש דעם אמת?

— פאַרשטייט זיך!

— אָבער אַ גלעזל קאַווע וועסטו דאָך טרינקען? אַזוי, אַזוי. גאָרנישט געריכט זיך,— האָט זיך ר׳ אברהם בער גאָרנישט גע־קאָנט געַנוּג אָפּפרייען. — זיצסט עפּעס און לערנסט? דו ביזט דאָך עפּעס דער אמתער מתמיד.

שמעון האָט זיך אָנשטאָט אַן ענטפער לויז געמאַכט דעם מאַנטל, האַלב אַרויפגעלייגט אים אויף דער שטול. די וואַרעמקייט אין חדר, נאָך דער עסנדיקער קעלט דרויסן, האָט אים שיעור נישט דערשטיקט. נאָר ס׳איז ווערט געווען.

פּונקט ווי דאָס טעכטערל, האָט ער אַ מורמל געטאָן צו זיך אַליין, באַטראַכטנדיק ר׳ אברהם בערס גוטמוטיקן פּנים און די אמתע שמחה, וואָס זיין קומען האָט ביי אים אַרויסגערופן.

רייזעלע איז אַ געבויגענע אַריין אין קיך. זי האָט אַליין אַריינגעטראָגן אַ גלאָז קאַווע. די שאַל האָט זיך איר אַראָפּגע־גליטשט פון די אַקסלען.

— ווי גייט עס דעם טאַטן?

— אַזוי, מען מאַטערט זיך.

ר׳ אברהם בער האָט אַ קרעכץ געטאָן.

— ס׳הייסט, ס׳איז נעבעך נישטאָ קיין פּרנסה. איז ער כאָטש בקו הבריאות?

— אויך נישט איבעריק.

— אוי, אוי, אוי, — האָט ר׳ אברהם בער געקרעכצט. מ׳האָט געזען, אַז עס טוט אים באמת וויי. — אַזוי מאַטערן זיי זיך, דיינע יידן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום רבונו־של־עולם. אָן טענות אפילו. ער האָט אים בלויז דערמאָנט אינם פאַקט, אָבער אינגאַנצן איינשטימיק איז ער מיט אים אויך נישט געווען. מען האָט עס געזען בחוש.

— און אַזוי ווי האַלסטו עפּעס? ביזט שוין אפשר אַ חתן?

— ניין, — האָט שמעון געענטפערט און ער איז רויט גע־וואָרן.

— צום טייוול! ס׳וואָלט אפשר געווען אַן עסק. ער האָט שוין לאַנג אַן אויג אויף מיר. נאָך אין ר. באַמערקט. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז ס׳איז נישט באַשערט... — ער האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן.

— צום טייוול, נאָכאַמאָל! כ׳רויטל זיך, ווי אַ כלה־מיידל.

א צעמאַזשעטע נשמה געוואָרן. מיט איין שעה צוריק האָב איך מיר געזאָגט, אַז עס איז אַ גרויסער שטות, און אַ נאַרישער איינ־פאַל פון אַ קראַנקן פאַנטאַזיאָר. איך בין אויסגעהאַלטן, ווי אַ פּלוי, נאָר מילא, צו דער ראָלע האָט זיך עס געפּאַסט.

דער שמש איז אַריינגעקומען.

— ער וויל נישט קומען. ער דאַרף נישט קיין דין־תורות און ער האָט נישט נאָך וואָס צו קומען.

— האָסט אים געדאַרפט זאָגן, אַז אַ ייד מוז קומען צו אַ דין־תורה, אַז מ׳רופט אים.

— ער האָט מיך איינפאַך אַרויסגעשטופּט און פאַרהאַקט די טיר. אַן עם־הארץ! אַ גראָבער יונג! — האָט זיך דער שמש גע־פייזערט.

— המם, — האָט ר׳ אברהם בער אַ ברום געטאָן. — ניש־קשה, ער וועט זיך נאָך מסתמא מיישב זיין.

— ווו איז זי עפּעס, די קליינע? — האָט זיך ביי שמעונען אוועקגעשטעלט אַ קשיא און נישט געוואָלט רעכענען זיך מיט זיינע באַשלוסן.

— וואָס מאַכט ס׳מיידל אייערס? — האָט דער שמש, העלפנדיק רייזעלען אַראָפּרוימען פון טיש, געפרעגט. — כ׳האָב געהערט, אַז זי איז עפּעס נישט מיט אַלעמען.

שמעון האָט אַ האַסטיקן קוק געטאָן אויף ר׳ אברהם בערן. ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן, נישט אַ פרעג צו טאָן, „וואָס איז עפּעס דבורהלען״?

— עט, גאָרנישט; זי האָט זיך אויסגעגליטשט נעכטן ביי־נאַכט, בשעת זי איז אַהיימגעגאַנגען פון אַ חברטע, און ס׳האָט זיך אונז אויסגעוויזן, זי האָט אַביסל היץ, האָט מען איר געהייסן ליגן איבערן טאָג.

— מיכאל האָט מיר געזאָגט, כ׳זאָל אַריינקומען היינט אַביסל פריער, צוליב דעם האָב איך מיך זייער דערשראָקן.

— אודאי, אודאי! — האָט ר׳ אברהם בער מסכים געווען מיט מיכאלן.

שמעון האָט זיך געבייזערט אויף זיך — סיי־ווי וועסטו שוין באַלד קרעפּירן, האָט ער זיך גערייצט מיט זיך אַליין. וואָס ווילסטו? שוטה! — עט, שטותים, זאָג איך נאָכאַמאָל, און מען

וועט זען, ווער ס'וועט וועמען גובר זיין. ווער ס'פארשטייט זיך בעסער אויף מענטשלעכן אידיאָטיזם, דאָס האַרץ צי דער מח.

ר' אברהם בער האָט נאָך אַביסל געשמועסט מיט שמעונען מעניני־דיומא, דערנאָך איז ער אַריבערגעגאַנגען אויף אַ שמועס אין לערנען.

שמעון האָט לכתחילה גאָר קיין חשק נישט געהאַט דערצו, ער איז שוין געווען „אויסגעטאָן" דערפון. דאָס לעצטע מאָל זיצן האָט אים „פּאַרטיק געמאַכט". ער איז שוין פריער געווען „אָנגע־רירט", נאָר עס איז נאָכנישט געווען אַזוי ערנסט ווי היינט. ער האָט נאָך געהאַט דעם פולן מוט צו טאָן אַזעלכע עובדות. ער האָט אויסגעפּייפט אַלע אבסורדן, וואָס פלעגן זיך טיילמאָל פאַר־קלייבן אין מוח. ער האָט פולבלוטיק פיינט געהאַט און ערנסט געאַרבעט קעגן די „ווערעם" און אַז ס'איז נישט געווען וואָס צו טאָן, אַ חוץ זיצן אין ר., שטיין דאָרט אויף דער וואַך און וואַרטן אויף „גוים" אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, וואָס פלעגן אים קומען זען, צושטעלן מאַטעריאַל, באַריכטן, פלענער א. אַ. וו., איז מען געזעסן און געלערנט — און אין דעם געפונען אַן אינטערעס. אַגב איז טאַקע געווען מיט וואָס צו אָטעמען און מ'האָט געקאָנט פירן אַ צוויי־זייטיק לעבן. איצט איז עס שווער געווען און ער האָט טאַקע נישט אַרויסגעוויזן צוליב דעם קיין געוואַלטיקע חריפות, ס'איז געגאַנגען שווער. ר'האָט זיך געפּלאָנטערט, נאָר ביסלעכ־ווייז האָבן זיך די קעמערלעך צעעפנט און ער איז פון מינוט צו מינוט שאַרפער געוואָרן.

ר' אברהם בער האָט עס באַמערקט. זיי האָבן זיך אַריינ־געלאָזט אַלץ ווייטער און ווייטער. שמעון איז ביסלעכווייז פאַר־אינטערעסירט געוואָרן. די הויט איבער די באַקנביינער האָבן זיך גערויטלט. די גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן אַרויסגעפּייערט פון זייער טיפקייט. ער האָט זיך פאַרגעסן און ער האָט געוואָרפן מיט די הענט, ווי אין אַ געראַנגל. ר' אברהם בער האָט אויך נישט גע־שוויגן. ער האָט גענומען זיין געטרייע באַגלייטערין, די באָרד, צו הילף און צוזאַמען האָבן זיי געפּרוווט צוריקוואַרפן שמעונס סברות. אָבער ס'איז זיי נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען. שמעון האָט, ווייזט אויס, באַשלאָסן נישט נאָכצוגעבן, בשום אופן נישט.

דער סוף איז געווען, ווי תמיד. ר' אברהם בער האָט מנצח

געוועז. שמעון האָט זיך ווי אַן אָפּגעבּאָדענער אָוועקגעזעצט, ער האָט געשמייכלט מיט יענעם באַקאַנטן שמייכל פון אַ באַזיגטן. ר׳ אברהם בער האָט זיך אויך צוריק אַוועקגעזעצט און געשמייכלט מיט יענעם גוטמוטיקן שמייכל פון אַ זיגער.

— ווי איך זע, לערנסטו היינט נישט אַזויפיל ווי אַמאָל, — האָט ר׳ אברהם בער געזאָגט מיט אַ לייכטן פאָרוואורף, וואָס האָט געקלונגען אַזוי פּאַמעלעך, אַז שמעון האָט אויף אַ רגע פאַרגעסן די ראָלע און האָט זיך אויף אַן אמת גענומען פאַרענטפערן.

— נו, מילא! במקום שבעלי תשובה עומדים צדיקים גמורים אינם יכולין לעמוד, — האָט ר׳ אברהם בער אויף אַ פּאָליטישן אופן דערמאָנט שמעונען, אַז ער דאַרף זען לערנען מער... אַ יידענע איז אַריינגעקומען אַ שאלה פרעגן. באַלד איז געקומען דער ייד, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קומען צום דין־תורה.

שמעון האָט זיך אָנגעטאָן דעם פּאַלטן.

— נו, גיי מיר לחיים ולשלום! קום אַריין היינט ביינאַכט, וועלן מיר נאָך אַביסל שמועסן, — האָט ר׳ אברהם בער אים באַגלייט צו דער טיר, געבּעטן דערווייל דעם יידן זיצן און דערנאָך גענומען זיך צו דער יידענע מיט דער שאלה.

שמעון האָט געזאָגט אַ גוטן טאָג, אין רייזעלעס חדר אַריין און אינדרויסן ערשט דערמאָנט זיך, אַז ער האָט זיך פאַרגעסן פרעגן אויף מיכאַלן, צוליב וועמען ער איז דאָך דאָס טאַקע אַהער־געקומען. ער האָט געטראַכט, וואָס צו טאָן. צוריקגיין, שיקט זיך עפּעס נישט, ווי אַזוי־זשע וועט ער אים זען און רעדן מיט אים מכוח דער זאַך? ער האָט פּלוצלינג דערפילט אַ מין רחמנות אויף מיכאַלן. יענע שטוב, ר׳ אברהם בערס שטוב, מיט אַלץ, וואָס געהער דאָרט אַהין, איז אים אין דער רגע געווען טייערער פון אַלץ אין דער וועלט. ער וועט אים אפשר גאָר צורו לאָזן. אַ חוץ מיכאַלן פעלן דען מענטשן אויף דער וועלט?

ער האָט זיך געלאָזט גיין אויפן וועג צו זיין דערווייליקער היים, צו ביילקעס שטיבל. דאָ איז געווען קאַלט. ער האָט נישט אויסגעטאָן דאָס אויבער־מלבוש און אַזוי אַוועקגעזעצט זיך אויפן בעטל. אַלערליי מחשבות, אַ מיש־מאַש, איינע ווייט פון דער אַנ־דערער, האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח.

ר. איז אים דורכגעפלויגן אין גערדאַנק. דעמאָלט האָט גע־

לוינט צו לעבן. מ'איז נאָך געווען פול מיט לעבן, אַ געזונטער, אַ קרעפּטיקער, און אַז ר'איז אַרויס דאָס צווייטע מאָל פון טורמע און אַביסל אונטערגעהוסט, האָט מען זיך קנאַפּ־וואָס געמאַכט. עס איז געווען אָטעם, איז ווען מען איז אָנגעגאַנגען? הלמאי זאָל איך לייקענען פאַר זיך אַליין, אַז איך אַרבעט איצט נישט מיט קיין באַגייסטערונג פאַר דער פּאַרטיי, נאָר ווייל דער שכל הישר, דער געזונטער מענטשן־פאַרשטאַנד, זאָגט מיר, אַז מ'דאַרף אַרבעטן פאַר דער זאַך, אָבער פעלט דען נישט דער ברען, דער חשק, דער מוט און די זיכערקייט מיט אַ נצחון? אַרבעטן קאָן מען נאָר, ווען מען איז באַגייסטערט, ווען מען זעט נישט קלאָר, אַז דער וועג איז שווער, אַז די בלאָטע איז געדיכט און דאָס פערדל „מיד" — נאָך ווי מיד.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז הונגעריק. ער איז צוריק אַראָפּ אויף דער גאַס, האָט זיך אויסגעזוכט אַ רעסטאָראַציע, וואָס האָט נישט אויסגעזען צו־עלעגאַנט און נישט צו־ברודיק, ר'איז אַריין און זיך געהייסן דערלאַנגען אַ מיטאָג.

דער בעל־הבית פון רעסטאָראַן, וואָס האָט, פּונקט ווי שמעון, געשפּילט צוויי ראָלעס אין לעבן — געווען סיי קעלנער, סיי בעל־הבית, איז צוגעקומען, אַ קורצער, אַ קיילעכיקער, מיט כמעט אַ ריין פּאַרטוך אויפן נישקשהדיקן בויך, מיט אַ שמייכל, פון וואָס דער צווייטער גווידער האָט זיך גערוימלט. ער האָט גענומען אויסרעכענען די מעניו. שמעון האָט געבעטן אַ טעלער בוליאָן, אַ שטיקל בראָטן און אַ גלאָז טיי.

דער ייד האָט אויפגענומען די באַשטעלונג און איז אַוועק, איבערלאָזנדיק שמעונען אַ גלויביקן, אַז ער גייט אים צוברענגען עסן. נאָר עס זענען אַוועק צען מינוט און דער ייד ווייזט זיך נישט. ער קוקט אַריין אין אַ צייטונג, לייענט נייעסן, וואָס זענען אים שטאַרק באַקאַנט. ער גיט אַ קוק אויפן דאַטום און צעלאַכט זיך. די צייטונג איז אַ היסטאָרישע — שוין איבער אַ חודש אַלט. ער קוקט אויפן זייגער — שוין פופצן מינוט. ער וואַרט. ס'גייען אַוועק נאָך צען מינוט. ער זוכט דעם יידן. אָבער אומזיסט. ר'איז אויס־געריסן. — נישטאָ! אַ חוץ אים, שמעונען, איז דאָרט ליידיק. — יאָ, אַ קעצל שפּילט זיך מיט אַ צייטונג און אַ קינד מיט אַ רויט נעזל וואַרעמט זיך ביי אַן אייזערנעם אויוון אין מיטן שטוב. ביים

בופעט איז אויך קיינער נישטאָ. די פּאָר קיכלעך, וואָס ליגן דאָרט, זעען אוים אַזוי נישט אַפּעטיטלעך, אַז מען דאַרף זיי נישט היטן (דער בעל־הבית וויים עם אַפּנים).

שמעון ווערט שטאַרק אומגעדולדיק, און ווען ער איז זיך שוין איינגאַנצן מיאוש און וויל אַרויסגיין, קומט אַריין דער ייִד מיט אַ טעלער קאַרטאָפּלעס־מיט־פּערפּל, און איידער שמעון כאַפּט זיך, וואָס ער האָט אים אָוועקגעשטעלט, איז דער ייִד שוין ווידער פֿאַר־שוווּנדן. שמעון וויל פּראָטעסטירן, זאָגן אים, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות, נאָר ס׳איז נישטאָ צו וועמען, ס׳קינד אפילו איז שוין אויך נישטאָ. סיידן ער זאָל רעדן צום קעצל. עסט ער באַין ברירה די קאַרטאָפּלעס מיט פּערפּל און וואַרט ווייטער, נאָר נישט אַזוי לאַנג ווי פריער.

דער ייִד איז דאָסמאָל געקומען בסך הכל נאָך פינף מינוט וואַרטן. קיין בראָטן איז שוין נישטאָ, האָט ער געבראַכט לעבער. שמעון האָט מורא צו עסן לעבער, נאָר דערויף איז דער ייִד אַ רעס־טאָראַטאָר, נישט קיין שוסטער, כדי די געסט זיינע זאָלן עסן, וואָס ער וויל, נישט וואָס זיי ווילן.

טיי האָט ער אים דערפאַר אַריינגעבראַכט נאָך איידער ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער לעבער, און שמעון האָט זיך נישט געהאַט אויף וואָס צו באַקלאָגן. אויב ס׳איז קאַלט געוואָרן, איז׳ס געווען זיין שולד.

— ווער הייסט אים עסן אַזוי פּאַוואָליע? — זאָגט דער ייִד. — אַ פּיצל לעבער דאַרף נעמען אַ מינוט און כ׳האָב אים נישט געוואָלט לאָזן וואַרטן.

שמעון האָט באַצאָלט פֿאַרן מיטאָג און איז אַרוים פון וואַ־ריעמען רעסטאָראַן אין דער טונקל־באַלויכטענער גאַס (ס׳איז שוין געווען נאַכט). פון די סאָדע־געוועלבלעך מיט די גרינע ווענט, וווּ מ׳האָט איצט פאַרקויפט קאַלאָשן, האָבן די גרינע פּאַסן נאַסע ליכט אויף די טראָטואַרן פאַרגרעסערט דעם אומעט. וואָס טוט מען? ביז אַכט איז נאָך גאַנצע דריי שעה. ס׳הויבט אָן ווערן קאַלט. די אַנדערע געוועלבלעך זעען אַלע אוים, ווי אַלטע, צעשויבערטע ווייבער מיט פאַרטרערטע אויגן. די געשוואָלענע בורקאָווע באַקן און הענט פון מיידלעך נעבן טישלעך פאַרקנייטשטע עפּל שטייען־

ביי צו דער קעלט. ער גייט צוריק אַרויף אין ביילקעס רעזידענץ. ער טוט זיך איבער.

ער דערפילט זיך שטאַרק וואַכעדיק, אָבער... נו, אויס עילוי. מען דאַרף פּאַרט היינט עפּעס טאָן! וואָס טוט מען מיט דער קעלט? ער הילט זיך איין אין דער קאָלדרע און פּרוּווט פאַרגלעטן דעם עפעקט אויפן בעטל. ער דרייט אַרויס ס'לעמפּל, רויכערט עס אונ־טער און ער מוז עס צוריק אַראָפּדרייען. ער דערזעט ערשט איצט, אַז ער האָט פאַרגעסן צו פאַרברענען דאָס בערגעלע צוזאַמענגע־דריקטע פּאַפּירן אויפן טיש. אַ שיינע מעשה! אָבער וואַרט, ברודער, ס'וועט באַלד זיין וואַרעם. ער לייגט אַריין די פּאַפּירן אינם אייזער־נעם אויוועלע, ער געפינט אַ פּאָר פּיצלעך האָלץ און ס'גיט זיך אים איין, ס'צעברענט זיך אַ פייער. איצט וועט זיך אַרבעטן. ניין, ס'גייט איצט אויך נישט. דער קאָפּ טוט אים וויי און די לעבער הויבט אָן זיין אַקטיוו. ס'דריקט אים ביים מאָגן.

נישט געדאַרפט עסן. דער טייוול זאָל זיי נעמען, אַט די יידעלעך! זיי ווילן אייך געבן שטיינער צו עסן און איר וועט מוזן עסן. אַט דעם מין מוז מען אויסראָטן, איינמאָל פאַר אַלע מאָל! — זאָגט ער הויך אויפן קול צו זיך אַליין. דאָס פייער צע־ברענט זיך דערווייל פיין.

— זיי דאַרפן דאָך אָבער פּרנסה — ענטפערט אים עמעץ פון אינעווייניק.

— זענען זיי נישט קראַנק צו אַרבעטן.

— ס'איז דאָך אָבער נישטאָ קיין אַרבעט, — רעדט ווייטער די שטימע פון אינעווייניק.

— דאַרף מען זען, ס'זאָל יאָ זיין! פאַראַן צופיל אַרבעט נאָך. קיין שום זאַך איז נישט עקספּלאָאַטירט. די פּוילישע ערד אַליין פאַרמאָגט גענוג פאַר אירע באַוווינער, און אַזוי איז אומעטום כמעט. ווען ס'געלינגט נאָר צו שאַפן אַ געהעריקע אָרדענונג, צום טייוול.

ביילקע קלאַפּט אָן און קומט אַריין.

— אַ גוטן אָוונט, חבר!

— אַ גוט יאָר, חברטע!

— וואָס הערט זיך?

— וואָס זאָל זיך הערן?

— שוין געכאַפּט דעם פּיש? — פרעגט ביילקע און נעמט אַראָפּ ס׳היטל מיטן מאַנטל.

שמעון ענטפערט נישט.

— ארויסגעגליטשט זיך?

— איר הערט, חברטע ביילקע, כ׳האָב באַשלאָסן יענץ הויז לגמרי צורו צו לאָזן. ס׳איז בעסער אַזוי, אַ סך בעסער, און זיך בעסער אַליין נעמען צוריק צו דער אַרבעט, ווי אַמאָל — איר געדענקט? מ׳דאַרף אָנהויבן אַ נייע אַגיטאַציע, ס׳הייסט, אַרבעטן אויף אַ נייעם סיסטעם.

— למשל? — פרעגט ביילקע און נעמט זיך פּאָפּראַווען אַ שטיקל געמאָלן פליש, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט. איבערן שטיבל האָט זיך פאַנאַדערגעטראָגן אַ געשמאַקער ריח פון צוגעפּרעגלטע ציבעלעס, פון געזונטן אַפּעטיט און פון היים.

— זאָגט איר, אַז איר האָט געגעסן, הייסט עס, און לעבער נאָך דערצו?

— אָבער טיי וועט איר דאָך טרינקען? איר האָט נישט געטאָרט עסן קיין לעבער. איר זענט פּונקט ווי אַ קליין קינד.

— טיי, מהיכי תיתי, — האָט שמעון געענטפערט אַ פאַרטראַכטער.

— איר האָט נאָך היינט אַ סך צו טאָן? — האָט ביילקע געפרעגט, קייענדיק מיט חשק אַ שטיקל פלייש. די באַקן האָבן זיך איר געראַוויטלט און געגלאַנצט. זי האָט געקוקט אויף שמעונען. די לויטערע אויגן אירע האָבן אים ממש געפרעסן פאַר אַ פּאַטראַווע.

— איר הערט, וואָס איך זאָג אייך, אַז ווען מיר וואָלטן אָנגעהויבן אַרבעטן מיט אַן אַנדער סיסטעם, לחלוטין אַן אַנדערן...

— למשל? — האָט ביילקע איבערגעחזרט.

— למשל, מ׳זאָל אָוועקמאַכן מיט טעראָר, — ביילקע האָט צעעפנט אַ פּאָר אויגן. — יאָ, לגמרי אָפּשאַפן די אַלטע מאָטאָ, „אַז דער צוועק פאַרהייליקט די מיטלען״. פון יעזואיטן קאָן מען קיין גוטס נישט לערנען. דאָס איז אַ פאַרשימלטע אידעע און ס׳האָט זיך שוין כמעט — יאָ, ס׳האָט זיך שוין, קאָן מען זאָגן מיט זיכערקייט, אַרויסגעוויזן פאַר באַנקראָט.

— און?

— און אָנהויבן אַ נייע אַרבעט, אַ לאַנגזאַמע אפשר, אָבער

אַ זיכערע. צום ביישפּיל, ווען מען זאָל נעמען אַ מענטשן און מיט גוטן דערקלערן אים דעם טעות פונם איצטיקן לעבן. און אויב ער איז נישט איינשטימיק מיט אייך? זאָלט איר נאָך אַליין זיין טאָלע־ראַנט, אים פּרוּוון איבערצייגן מיט פאַקטן, מיט איבערצייגנדיקע טעאָריעס, און אויב ער איז נאָך אַליין נישט איינשטימיק, אָפּלאָזן אים. בלייבן די בעסטע גוטע פריינט, מער, ממש חברים, נאָר מיט אונזערע אידעען און איבערצייגונגען. פון צייט צו צייט כאַפּן אַ שמועס מיט אים מכח פּאָליטיק. ער וועט ווערן אַן אייעריקער גיכער ווי איר וועט דערוואַרטן.

— און דערווייל וועט די מענטשהייט שמאַכטן, אויסגיין פון נויט און די געזעלשאַפט וועט הוליען, אויסנוצן די געלעגנהייט, פילן זיך רואיק.

— הערט, ביילקע, פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דערוואַרט אַזאַ ענטפער. פאַרשטייט זיך, אַז על רגל אחת קאָן מען אַזאַ פּלאַן נישט צוזאַמענשטעלן. ס'איז אַ פאַרבייגעפלויגענע מחשבה נאָר, אמת! אָבער איין וואָרט וויל איך צוגעבן: די „געזעלשאַפט" וואָלט צעשמאָלצן געוואָרן, ס'וואָלט געוואָרן איין גרויסער שמעליץ־טאָפּ. פון דער גאַנצער וועלט וואָלט מען זיך צו אונז אַ לאָז געטאָן — און מיטן פרייען ווילן.

— ווער זאָל שאַפן אָט דעם נייעם פּלאַן? כ'מיין אַרויס־ברענגען אים? פאַרשלאָגן?

— איר זענט אַזוי נאַאיוו, ביילקע. איך האָב בלויז אַ טראַכט געטאָן און איר שטעלט שוין קלאָץ־קשיות.

— איר מוזט דאָך אויך קודם כל זיין טאָלעראַנט און צוגעבן, אַז אַ מענטש האָט אַ רעכט צו פרעגן קשיות — ניין? — האָט ביילקע געלאַכט.

— גערעכט, — איז שמעון געווען צופרידן מיט ביילקען. — מאָדנע מחשבות קלייבן זיך טיילמאָל אָן און זיי עגבערן ממש דעם מוח.

— איר זענט היינט עפּעס נישט מיט אַלעמען, חבר.

— ניין, נישט מיט אַלעמען. די לעבער אַרבעט מעשים.

— איר רעכנט זיך דאָ טאָקע צו באַזעצן אויף אַ שטיקל צייט?

— יאָ!

— אויב אזוי, האָב איך פאַר אייערטוועגן אַ חדר און אַן עצה.

— אהאַ! כ'זאָל זיך היטן ס'געזונט, נישט וואַשן זיך, נישט עסן קיין לעבער...

— איר מעגט אייך לאַכן, און איך זאָג אייך, אַז איר האָט נישט קיין רעכט צו טאָן מיט אייער ביסל כח, וואָס איר ווילט. אייער כח געהער נישט אייך אַליין. מיר נויטיקן זיך אין אַזעלכע, ווי איר, איך זאָג עס אייך גאַנץ אָפן. און דעריבער טאָקע מוזט איר אונז צוליב קודם־כל זען עסן פּאַסיקע מאכלים און בכלל אַכטונג געבן אויף זיך. זעט איר, ווען מיין מאַמע וואָלט געוווינט אין וואַר־שע, וואָלט זי אייך אָפּגעהיטן, ווי אַן אייגן קינד, איר וואָלט דאָרטן געאַרבעט און געדייעט. זי וואָלט זיך אָנגעגרייט אַ שטיקל עולם־הבא און איר וואָלט געזונט געוואָרן. פאַר אַ בחור, וואָס זיצט און לערנט, וואָלט זי זיך ממש מקריב געווען. בפרט, זינט ס'האָט איר געטראָפן ס'אומגליק מיט מיר. זינט איך בין אוועק פון דער היים, געוואָרן אַ שניידערקע, אַ הפקרניצע, פאַרשווארצט איר ס'פּנים פאַרן גאַנצן שטעטל.

— איר פאַרגעסט אַפּנים, אַז איך וויל דאָ לעבן נאַטירלעך: ס'הייסט, כ'וועל נישט פירן קיין צוויייזייטיק לעבן, אַ חוץ אין זייער זעלטענע אויסנאַמען.

— אויב אַזוי, וואָלט איר העכסטנס געקאָנט פון איר קריגן — אירע צרות — אויסגעבייטלט אויף אייער קאָפּ. — ביילקע האָט זיך צעלאַכט אַזוי געזונט, אַזוי מחיהדיק, אַז שמעון האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט אויגן פון אַ מאַנספּערשוין. און ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז זי איז אַ גאַנץ שיינע.

— נאָך טיי?

— ניין, אַ דאַנק!

זיי האָבן נאָך אַביסל געשמועסט. ביילקע האָט געמאַכט געלע־גערס. צוליב דער נעכטיקער שלאָפלאָזער נאַכט האָבן זיי ביידע געוואָלט גיין פרי שלאָפן היינט. זי האָט אויסגעלאָשן ס'לעמפּל.

נאָר ס'שלאָפט זיך שוין נישט די צווייטע נאַכט. שמעון איז באַלד איינגעשלאָפן. ביילקע האָט זיך געשלאָגן מיט זיך אַליין. זי האָט זיך נעבעך געדרייט, ווי אַ וואָרעם. געוואַלט, ווי שלעכט ס'איז

ליב צו האָבן און נישט באַקומען קיין ענטפער. צו זייען אויף שטיינער. זי איז געלעגן אויף אַ לאַנגע צייט. ס'איז שוין געווען אַרום דריי דער זייגער, ווען זי איז אַראָפּ פון בעטל. אינם לאַנגן נאַכט־העמד האָט זי אויסגעזען שמאָל און הויך. זי האָט זיך אַוועק־געזעצט אויפן ראַנד פונם אויסלייג־בעטל. זי האָט געקוקט אויף שמעונס בלייך פּנים, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער פינסטער און אויסגעזען מער ווי אַ דערשיינונג פון אַן אַנדער וועלט, איידער פון אַ לעבעדיקן מענטשן. ביילקע האָט לאַנג געקוקט דערויף. זי איז שיער אויסגעגאַנגען פון ליבשאַפט. און עפּעס אַזאַ מאַמעדיקער, וואַרעמער רחמנות האָט איר אַרומגענומען, ווי ס'באַקומט זיך טייל־מאָל, ווען מען קוקט אויף אַ לונגן־קראַנק קינד, וואָס האַלט ביים אויסגיין.

זי האָט אים אַוועקגעשאַרט די האָר, צערטלעך געגלעט זיי און אַ קוש געטאָן אים אין שטערן. שמעון האָט זיך אויפגעכאַפּט.

—ביילקע?! איר שלאָפט נישט? וואָס איז אייך? פאַרוואָס שלאָפט איר נישט?

ביילקע האָט זיך צעכליפּעט, ווי אַ קליין קינד.

— וואָס איז אייך? וואָס עפּעס אינמיטן דערינען? איר זענט עפּעס נישט געזונט?

— שמעון, איר דאַרפט נישט פּרעטענדירן. איר ווייסט, כ'האָב נישט צו אייך. אָבער איר דאַרפט דאָך נישט איגנאָרירן מיינע, מיי־נע יסורים.

— ביילקע, מאַכט אייך נישט קינדיש, — ער האָט זי צוגע־נומען צו זיך, געגלעט איר איבער די האָר. — ביילקע, איר ווייסט דאָך, אַז כ'בין, אַז כ'בין קראַנק. מיר אַרבעטן צוזאַמען פאַר איין זאַך, איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האַלט פון אייך, בין פאַראינטע־רעסירט אין אייך, שטאַרק פאַראינטערעסירט. איר זענט דאָך אַזאַ זווילע. בלויז פאַר אייער קערנדיקן שכל. פאַר אייער אָפּנהאַרציקייט לגבי מענטשן און זאַכן. האָב איך אייך דאָך ליב. איר וועט זיך נאָך פאַרקילן, גייט שלאָפן, ביילקע.

ער האָט זי נענטער צוגעצויגן צו זיך. איינגעדעקט זי מיט דער קאָלדרע, וואָס זי האָט אים היינטיקן אָוונט אַוועקגעגעבן, און זיך צוגעדעקט מיט אויבער־בגדים. זי האָט אינגאַנצן געציטערט פון

קעלט, פון איבערגעלעבטער צערטלעכקייט, וואָס איז כסדר איינגע־שנורעוועט ביי איר אינם געזונטן שכל, פון ליבשאַפט, פון עמאָ־ציעס, וואָס לאָזן זיך נישט גובר זיין פונם געזונטן שכל אפילו.

זיי האָבן ביידע פאַרגעסן אַ רגע, אַז ער איז קראַנק אויף אַן אַנשטעקנדיקער קראַנקהייט, אָדער געוואָלט פאַרגעסן.

ביילקע איז אויפגעשטאַנען פרי. זי האָט געוואָלט איבערלאָזן אים אַ פּאָר אָנגעשריבענע ווערטער מיט אַ תירוץ, אַז זי האָט אים נישט געוואָלט איבערוועקן, און אַוועקגיין צו דער אַרבעט. נאָר האַנדלען ווי אַ טרוס איז נישט געלעגן אין ביילקעס כאַראַקטער. זי איז געבליבן, זי האָט געמאַכט אָנבייסן. זיי האָבן געטרונקען קאַ־ווע, איבערגערעדט מכח אַ וווינונג פאַר זיינעטוועגן. ביידע האָבן זיי זיך געהאַלטן פריי, ווי תמיד, ווי ס'וואָלט צווישן זיי גאָרנישט פאָרגעקומען.

שמעון האָט זיך דאָ איינגעאָרדנט. געאַרבעט פאַר דער פּאַרטיי, ווי געוויינלעך. ער האָט באַקומען אַ צוויי לעקציעס. פאַרן געלט און אַ קליינעם געהאַלט פון דער פּאַרטיי האָט ער געהאַט גענוג אויף צו לעבן אַביסל „אָנשטענדיקער".

דבורהלע האָט אים פון טאָג צו טאָג ליבער באַקומען. און ער, שמעון, האָט זיך אויפגעפירט שוין גאָרנישט ווי קיין ליבהאָבער. ער האָט זיך צו איר באַצויגן ווי צו אַ נישט־דערוואַקסענעם מענטשן, געווען פריינטלעך צו איר, ווי צו אַ גוט קינד. נאָר געזען, אַז איר אָנוועזנהייט באַאומרואיקט אים, האָט ער געזען, אַז מ'זאָל איר געבן וואָס וויניקער שאַנסן צו אַרבעטן אין דער פּאַרטיי. ער האָט איר פּשוט געוואָלט פאַרטרייבן פון דאָרט. ער האָט זיך געזאָגט אַזוי: האָבן ווען זי נישט, אַרבעטן מוזטו, און דיין אַרבעט איז וויכ־טיקער פון אירער — דאָס מוז מען דאָך מודה זיין...

דבורהלע האָט זיך תחילת איינגערעדט, אַז מ'לאָזט זי גאָך אַלץ נישט צו צו קיין מיטינגען צוליב דעם, וואָס זי איז נאָכנישט גענוג לאַנג אין דער פּאַרטיי. טיילמאָל האָט זיך איר אַ קלער געטאָן, אַז אפשר האָבן זיי נישט קיין גרויס צוטרוי צו איר, ווייל זי איז אַ רבס אַ טאָכטער. און שמעון? — נו מילא! אים דאַרף מען האָבן, ער איז אַ פּעאיקער מענטש. אַ מענטש, אָן ווען די פּאַרטיי וואָלט אפשר לגמרי אַן אַנדער פּאָרם געהאַט... אָבער צוליב איר לוינט זיך

זיי נישט צו דאַרפן קלערן. אַז שמעונס האַנט איז אין דעם, איז איר לחלוטין נישט איינגעפאַלן. עס האָט איר נאָר ווײ געטאָן, וואָס ער קוקט זיך נישט אום אויף איר, וואָס ער האַלט זיך לגבי איר ווי אַ מענטש, וואָס קאָן זיך נישט דערלויבן קיין צייט פאַר אַזעלכע קליינינקע מענטשעלעך, ווי זי. טײלמאָל האָט זיך איר אַפילו אויסגע־וויזן, אַז ער איגנאָרירט זי, ווייל ער וויל זי קרענקען. נאָר דאָס וואָלט שוין גוט געווען. ערגער איז, וואָס ער האָט זי אפילו נישט אין דער לינקער פּאה. און וואָסערע געשעפטן קאָן ער טאַקע האָבן מיט אַזאַ ווי זי? וואָס איז זי קעגן אים? אָבער מיט וואָס איז זי ערגער פון אַנדערע חברטעס? וואָס האָט זי געטאָן, כדי אַזוי צו פאַרלירן דעם פּרעסטיזש אין דער פּאַרטיי? און פאַרוואָס איז ביילקע אפילו פלוצלינג אָפּגעקילט געוואָרן און זי ווייכט איר אויס, אַבי עס לאָזט זיך נאָר?

אַזוי האָט זי אָפּגעליטן אַ ווינטער. זי האָט זיך נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען. פאַר אַ צולאָג האָט מען איר אינדערהיים געהאַלטן אין איין מוטשען מיט שידוכים, וואָס זענען איר נישט געקראָכן אין קאָפּ. מען האָט אָנגעהויבן קוקן אויף איר שטאַרק קרום, עפּעס האָט מען זי געהאַלטן פאַר „אַ צרה שלא תבא".

— אַ מיידל זאָל גאַנצע טעג אַרומגיין און טראַכטן, וויינען, אָדער גאָר זיך צעזינגען, ווי אַ משוגענע, און גאַנצע נעכט אַרומ־לויפן. און דערצו האָט זי עפּעס געקריגן אַזאַ גרויס מויל! טאָמער זאָגט מען איר אַ וואָרט, איז מען נישט זיכער מיטן לעבן. כ'ווייס נישט, וואָס ס'איז עפּעס געוואָרן מיט איר! כ'האָב פּשוט מורא אַרויסצוזאָגן, פאַרוואָס איך שרעק מיך. — ווייסעך וואָס, נערוון. מ'דאַרף שוין נישט זיין ערגער נערוועאיש פון מיר, פונדעסטוועגן ווײן איך נישט און זינג נישט. — אַ חרפּה פאַר די שכנים. הלואי העלפט מיר השי"ת און ס'מאַכט זיך עפּעס אַ שידוך!

דבורהלע האָט פיינט געקריגן די שטוב. זי האָט גאַנץ גוט גע־זען, אַז מ'קוקט אויף איר, ווי אויף אַ שטיק משוגענע, וואָס ווייס אַליין נישט, וואָס זי וויל. זי האָט אָנגעהויבן אַ טראַכט טאָן, אַז עס וואָלט גוט געווען, ווען זי האָט ערגעץ וווּ אַהין צו אַנטלויפן. זי האָט געהערט, אַז מיידלעך פון דער פּראָווינץ אַנטלויפן קיין וואַר־שע, אויב זיי קאָנען נישט דורכקומען מיט די עלטערן. ביילקע

אליין האָט דאָך אויך אַזוי געטאָן! — נאָר זי איז דאָך נישט ביילקע. הלמאי ביילקע איז אַן אָנגעזעענע אין דער פּאַרטיי און איר זוכט מען ארויסצושטופּן פון דאָרט. און ס'לויפט זיך נישט. ס'איז נישטאָ ווו צו לויפן.

פון דער פּאַרטיי האָט זי זיך אַליין ביסלעכווייז צוריקגעצויגן. שמעונס באַציאונג צו איר איז געוואָרן אַזאַ, אַז ס'האָט זיך איר גאָר גענומען דאכטן, ער חוזקט אָפּ פון איר. אין בעסטן פאַל האָלט ער זי פאַר שרעקלעך נישט-פעאיק. און ווען זי האָט אים איין אַן אָוונט אַ פרעג געטאָן, פאַרוואָס מען נוצט זי נישט אויס לטובת דער פּאַר־טיי, פאַרוואָס יינגערע מיטגלידער פון איר טרויט מען שוין אָן עפּעס אַרבעט, האָט ער איר געענטפערט:

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, — איר האָט עס געקאָסט אַ שטיק געזונט, ביז זי האָט זיך שוין אַנטשלאָסן צו פרעגן און ער האָט זי אַ גיכן פאַרטיק־אָפּ געטאָן מיט אַזאַ ענטפער, — כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז איר פּאַסט זיך דאָ קנאַפּ־וואָס אַריין.

דערצו האָט ער אָפּגעקערט דעם קאָפּ און אַריינגעקוקט אין עפּעס אַן אַלטן זשורנאַל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, ווי ער וואָלט זי מיט אַ כיוון געוואָלט אויסמיידן אַפילו אָנצוקוקן. ביילקע האָט אויך אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג מיט אַזאַ ערנסטקייט, ווי זי וואָלט מיט איר קוקן געוואָלט אַ מענטשן־לעבן ראַטעווען.

דאָס איז שוין געווען דער סוף. מער האָט זי שוין נישט געקאָנט פאַרטראָגן. קוים־קוים וואָס עס איז איר געלונגען נישט צו צעוויינען זיך ווי אַ קינד ביי ביילקען אין שטוב. און אפשר האָט איר טאַקע דאָס אייביקע מורא־האָבן נישט צו זיין קינדיש אָפּגעראַטעוועט. זי האָט זיך נישט צעוויינט.

אהיימגעקומען, האָט זי זיך אויסגעוויינט, דערפילט דערלייכ־טערט און זיך געגעבן דאָס וואָרט, מער נישט צו טראַכטן פון אים. זי האָט דערפילט אַ מין האס אויפן אָרט פון ליבע נישט נאָר צו שמעונען, נאָר צו דער גאַנצער סביבה זיינער. און דער סאָציאַליזם איז געווען דאָס כפרה־הינדל.

ווען זי האָט אַזוי אַ פּאַך אין האַנט, וואָלט זי אַנטלאָפן פון וואַרשע, פון די עלטערן, פון זיך אַליין, און בעיקר פון שמעונען. זי וואָלט אים נישט געוואָלט זען מער, נישט אַפילו זיין מיט אים

אין איין שטאָט. און זי וואָלט אים אפשר סיי־ווי נישט געזען מער: מחמת שמעון האָט סיי־ווי אין עטלעכע וואָכן ארום, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין װאַרשע, געמוזט צוליב פּאַרטיי־ענינים אָפּפאָרן צוריק קיין ר.

קאַפּיטל צוועלף

# וואָס די השגחה קאָן

ר׳ זלמן האָט דערווייל געזוכט שידוכים און איז אין אַן אָוונט געקומען מיט אַ שפּאָגל־נייעם שידוך, מיט „אַזוינס, וואָס טרעפט זיך גאָרנישט היינטיקע צייטן״.

— הערט נאָר, וואָס די השגחה קאָן! — האָט ר׳ זלמן זיך געחידושט אויף דער השגחה...—איר קענט דאָך ר׳ ברוך ליבן, דעם מנהל פון דער בעריסליצער ישיבה, וואָס?

— אוודאי קען איך אים. ווער קען דאָס נישט ר׳ ברוך ליבן?

— דעם זון זיינעם קענט איר דאָך אויך מסתמא, וואָס?

— יאָ, ר׳איז מיט אים געווען אין ר. מיטגענומען אים, כדי ער זאָל זיך געזעגענען מיטן רבין, איידער ר׳איז אַוועקגעפאָרן קיין בעלגיע. ער האָט טאַקע ביי אונז געגעסן מיטאָג. כ׳האָב אים דע־מאָלט, געדענק איך, פאַרבעטן.

— איר ווייסט דאָך, אַז ער איז אוועק צוליבן פּריזיוו!

— יאָ, פאַרשטייט זיך.

— הערט־זשע טאַקע, וואָס די השגחה קאָן!—אַז דבורהלע וויל האָבן אַ חתן מיט אַ קעלנערל און איר ווילט נישט קיין איידעם מיט קיין קעלנערל, און ס׳ווייזט זיך נישט קיין שידוך, און מ׳הויבט שוין אָן אַביסל אַראָפּצופאַלן ביי זיך, דאַרף קומען צו גיין נעכטן ביינאַכט ר׳ ברוך ליב און מ׳דאַרף גראָר רעדן מכח אייך און ס׳גיט מיר אַ בליץ אַדורך אַ מחשבה, און הערט! עס זעט מיר אוים, אַז ער האָט אַ קלער געטאָן מכח דעם. איך האָב אים גערעדט אַ שידוך. ווי געפעלט אייך עפּעס אַזאַ איינפאַל? האַ? דאָס וועט יאָ זיין ווי

מען זאָגט: „דער וואָלף זאָל זיין זאַט און דאָס שעפּסל זאָל בלייבן גאַנץ". האַהאַהאַ. די השגחה וויים בנאמנות, ווי אַזוי צו פירן.

— איר ווייסט דאָך, אַז אַנטוּוערפּן איז אַ פרומע שטאָט!

— יאָ, כ'האָב געהערט זאָגן!

— וואָס ווייסט איר! אַ סך פרומער, ווי וואַרשע! נישטאָ דאָרטן אַזויפיל הפקרות, ווי דאָ. אַ יידישע, אַן אָפּגעהיטענע שטאָט. נאָר אָנגעטאָן גייט מען דאָרטן אַנדערש. איר פאַרשטייט. ס'איז דאָך פאָרט אויסלאַנד. מוז מען דאָרט גיין דייטשמעריש געקליידט. אָבער זיי אין די דייטשע מלבושים זענען אַ סך אָפּגעהיטענער, אַ סך פרומער פון די היגע יידן. ס'איז אַן עיר ואם בישראל! מען זיצט דאָרט און מען לערנט. פאַראַן דאָרט בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך. הכלל, פונקט ווי דאָ. ר' ברוך לייבס בחור לערנט יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט אין שטיבל.

— וואָס, ר'איז נאָר אַ בעל־מלאכה?

— אַ בעל־מלאכה! וואָס מיינט איר, ר'איז דאָרטן אַ שוסטער? בסך־הכל איז ער דאָרט נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַ בריליאַנטן־שניידער!

— וואָס?

ר' אברהם בער האָט זיך אַזש דערשראָקן.

— יאָ, יאָ! אַ בריליאַנטן־שניידער! מילא, פאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין, אַז קיין פרנסה פעלט אים שוין נישט. ווי זאָגט מען עפּעס, אַז מען האַקט האָלץ, פאַלט שפּענער. אַז מ'שניידט בריליאַנטן, פאַלן ברילִיאַנטעלעך. היינט איז עס דאָך אַ מלאכה נקיה. איר הערט, כ'בין אייך בנאמנות מקנא. מסתמא איז עס דאָך מן־השמים. נאָר, הלואי וויל ער זיך מיט מיר משדך זיין. נאָר מילא, מסתמא איז ער דאָך נישט איר זיווג. ער וויל, זאָגט ער, זיך מיט אייך משדך זיין, ווייל ער האָט געהערט זאָגן, אַז דאָס מיידל אייערס איז זייער אַ ווױלס, אַ יפת־תואר און אַ קלוגס, און פון וועמען, קלערט איר, האָט ער עס געהערט?—שמייכלט ר' זלמן מיט אַ פּיל־זאָגנדיקן שמייכל.—ער וויל, — זאָגט ער,—אַז צוליב אייער קינד זאָל דער זון זיינער אויך בלייבן, ווי ביז איצט, אַן ערלעכער ייד. איר פאַרשטייט? פאָרט פון אייער הויז אַרויס.

ר' אברהם בער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער באָרד. אַ מאָדנע זאַך. ווער ווייס? אפשר? אַ קשיא אויף דער השגחה.

ער האָט אַלנפאַלס אַריינגערופן רייזעלען. די זאַך האָט זיך איר אויך געלייגט אויפן שכל.

— ווייסט ער, אַז מיר האָבן נישט צו געבן קיין נדן?

— דאָס איז שוין מיין זאַך! איך האָב אים שוין געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס עס הייסט מיט אייך זיך משדך זיין. איר וועט זען, אַז איך וועל עס נאָך אַזוי אויסאַרבעטן, אַז ער וועט נישט נאָר געבן נדן, נאָר נאָך אויסשטיין די חתונה־הוצאות אויך. — פאַרלאָזט אייך אויף מיר! אַז איך וויל עפּעס טאָן, טו איך עס! מען וועט באַלד איינדערפרי, אי״ה, אָוועקשרייבן אַ בריוו און אויב דער בחור וועט נאָר באַשטיין, וועט מיט דעם אויבערשטנס הילף זיין ווויל, ווי די וועלט.

דער בחור איז באַשטאַנען. פאַרוואָס זאָל ער נישט באַשטיין? אַז אַרבעטן גלוסט זיך אים נישט, גיין זוכן אַרבעט, אודאי און אודאי נישט, און דאָ זאָגט אים דער פאָטער צו גאַנצע גליקן. און נישט נאָר ער זאָגט, נאָר ער שיקט טאַקע באַלד מיט פּופּציק פראַנק מיטן בריוו. היינט נדן, מתנות, אויסהאַלטן נאָך דער חתונה, ביז ער וועט קאָנען פאַרדינען אויף פּרנסה. פאַרוואָס עפּעס אָפּזאָגן זיך? אַ שוטה וואָלט ער געדאַרפט זיין און ר׳האָט דאָך זי געזען, זי איז דאָך טאַקע אַ שיין מיידל אויך. איז פאַרוואָס־זשע נישט? פאַרקערט, מיטן גרעסטן כבוד! ס׳איז עפּעס שלעכט צו זיין אַ חתן?

אַז מ׳האָט דבורהלען פאַרגעלייגט די זאַך, האָט זיך איר אויס־געוויזן, אַז דאָס איז דער בעסטער אויסוועג. — אויסלאַנד, נישט זיין דעם מורה־הוראות טאָכטער, פירן זיך, ווי עס וועט זיך גלוסטן, זיין פריי פון אַלץ, אַוועקפאָרן פון אַלץ און—פאַרטיק. אַז דאָס קאָן זי דערגרייכן נאָר דורך חתונה האָבן מיט אַ מענטשן, וואָס זי האָט בסך־הכל געזען איינמאָל אין לעבן, ווען זי קען נישט און ווייס נישט, האָט זי אינם דראַנג אַוועקצופאָרן פון דערהיים פאַרגעסן אַפּנים.

געזאָגט יאָ, איז ר׳ אברהם בער געוואָרן מלא שמחה. רייזעלע האָט נישט אַזויפיל אַרויסגעוויזן, נאָר פאַרדראָסן האָט דבורהלען באמת אויף דער מוטער. הייסט עס, אַז זי האָט גאָרנישט דאַקעגן, אַז זי זאָל אַוועקפאָרן. הייסט עס, אַז זי וויל פון איר פּטור ווערן. נו, אויב אַזוי, דאַרף מען דאָך אודאי פאָרן. הייסט עס, אַז זי וועט נישט אַזוי שטאַרק בענקען נאָך איר! המם! זי האָט זיך נאָכמער

געחידושט, ווי ס'האָט זי פאַרדראָסן. הייסט עס, אַז קיינער יאָגט זיך נישט נאָך איר. שמעונען ליגט זי נישט אין געדאַנק אפילו. די עלטערן ווילן און זענען צופרידן זי אַוועקצושיקן. פון דער פאַר־טיי שטופּט מען זי ממש אַרויס. אַבי זי האָט זיך איינגערעדט שטותים, געמיינט, אַז שמעון איז פאָרט נישט אינגאַנצן גלייכ־גילטיק, אַז די עלטערן האָבן איר ליב, אַז דעם מוסר, וואָס די מאַמעשי האַלט איר אין איין זאָגן, איז צוליב געטריישאַפט. — דער אמת איז, אַז זי האָט מיך פיינט, תמיד פיינט געהאַט. און זי פרייט זיך אויף דער געלעגנהייט, זי וויל מיך אַוועקפּטרן. דאָס איז דער אמת. כ'בין איר נישט קלוג גענוג. נו, יאָ. זי זאָגט עס דאָך מיר צען מאָל אַ טאָג. וואָס איז דאָ נאָך פאַראַן צו טראַכטן? — באַשר איך בין אַ סענטימענטאַלע בהמה, האָב רחמנות אויף יעדן, גלויב יעדן, רעד זיך אַליין איין שטותים, וואָס נישט גע־שטויגן און נישט געפלויגן! און אַלע מאַכן פון מיר חוזק. אַלע, די אייגענע מאַמע, מיכאַל. — און ווער נישט?... זאָל זיין חתונה האָבן, מיט וואָס איז דאָס חתונה האָבן אַן ערגער מיטל אַרויסצור־רייסן זיך פון אַ היים, וואָס איז דיר פרעמד און נמאס, פון איי־גענע עלטערן, וואָס ווילן פון דיר פּטור ווערן, נו, לאָמיר זאָגן — שטאַרבן? וואָס איז דאָ דער חילוק? אפילו דער טאַטעשי האָט זיך נישט קיין קרים געטאָן. זאָל זי פאָרן, ווער דאַרף איר דאָ? ס'אַרט אים נישט אַ האָר. אַז דער טאַטעשי האָט זי ליב, אין דעם איז זי געווען זיכער. איצט זעט זי, אַז זי האָט קיינעם נישט. זי האָט זיך צעוויינט אויפן קול.

רייזעלע איז געקומען צו לויפן אַזוי גיך, ווי די שוואַכע פיס אירע האָבן איר געטראָגן.

— וואָס איז דיר, דבורהלע?

דבורהלע האָט אין דער רגע אויף אַן אמת פיינט געהאַט די מוטער. זי האָט איר געוואָלט פייניקן. זי האָט איר נישט געענט־פערט. און ווען רייזעלע האָט איר אַ פּאָר מאָל אַ צעשראָקענע אי־בערגעפרעגט, פאַרוואָס זי וויינט, האָט זי איר געענטפערט, אַז זי וויינט נישט און זי זאָל איר צורו לאָזן.

רייזעלע האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן — ס'ערשטע מאָל הערט זי פון דבורהלען אַזאַ לשון. זי איז אין כעס געוואָרן און איז אַן אַ וואָרט צוריק אַריין צו זיך אין חדר.

— הערסט? — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו ר׳ אברהם בערן, וואָס איז אַריין, כדי צו פרעגן די סיבה פון דבורהלעס פלוצלינגן צעוויינען זיך. — די מויד פאַרקירצט מיר די יאָרן. הלואי מאַכט זיך פונם שידוך. זאָל זי פאָרן געזונטערהייט, לחיים ולשלום.

— מיט השי״תס הילף וועט ווערן. ס׳איז ב״ה אַ גליק־שידוך. געלויבט השי״ת פאַרן חסד. עפּעס אַ קלייניקייט היינטיקע צייטן אַ מיידל אָן אַ גראָשן נדן...

— און דערצו נעמט זי זיך נאָך איבער. קיינער געפעלט איר נישט.

— יאָ, געלויבט השי״ת, וואָס זי האָט אונז, חלילה, נישט פאַרשעמט. נישט געגומען, חלילה, קיין געהאַקטע קאַפּאָטע, — האָט זיך ר׳ אברהם בער געפרייט. — און זי וועט האָבן אַ דייטשל, ווי זי וויל. ר׳ זלמן דערציילט, אַז דער בחור איז ב״ה אַן אמתער ירא־שמים, זיצט ב״ה און לערנט, איז אַ טייערער יונגערמאַן און פאַרדינט ב״ה מער, ווי אויף פּרנסה.

צוויי טעג שפּעטער איז געקומען צו גיין אַ קײלעכיקע יידענע, אַ נידעריקע, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן טוכענעם זשאַקעט, באַ־גייט מיט אַ סך זיידענע טאַשמעס. אויפן קאָפּ אַ שוואַרצן טולע־נעם שאַליק, מיט אַ ברייטן, נגידישן פאַרנעם. מיט איר איז מיט־געקומען אַ הויכע, רויט־פּנימדיקע יידענע, אויך אין אַ טוכענעם זשאַקעט, נאָר מיט ווייניקער טאַשמעס און אַ שמעלערן שאַליק. נעבן זיי ביידן האָט זיך געשאַרט אַ קליין, דאַר יידעניטשקעלע, אויך אין אַ שוואַרצן זשאַקעט, נאָר אינגאַנצן אָן טאַשמעס, מיט גאָר אַ דין שאַליקל אויפן קאָפּ און נאָך אַ דינער נעזל, מיט אַ פּאָר וואַסערדיקע, פּיצינקע אויגעלעך, אַ קליין איינגעצויגן מיילעכל און נאָך אַ קלענער איינגעצויגענער גאָמבעקעלע — דאָס איז געקומען די מחותנתטע מיט אירם אַ שוועסטער און דער שוועסטערס אַ שווע־גערין אָנקוקן דבורהלען.

אין שטוב איז געווען פיין צוגערוימט. רייזעלע האָט געטראָגן דאָס שוואַרצע קלייד. די הויט איבער די באַקנביינער האָט זיך גע־רויטלט. דבורהלע האָט „געבליט״. די שיין פונם בלייך־לאָמפּ האָט ווי מיט אַ כיון אָפּגעשלאָגן זיך אויף איר, כדי צו געבן איר אַ כלהדיק אויסזען.

דער מחותנתטע האָט זיך נאָך אַביסעלע אַרבעט איינגעגעבן

אוועקצווזעצן אויף דער שטול, וואָס איז געווען צו־הויך פאַר איר, און זי האָט צוליב דעם אויסגעזען ווי צוגענעגלט אין אַ געבוי־גענער פּאָזע צו דער שטול. דער הויכער שוועסטער איז צוליב דעם געבליבן געגוג אָרט אונטערן טיש — פאַר די לאַנגע פיס אירע. און דער שוועגערין האָט, ווי אַ קינד, אַראָפּגעהאָנגען די פיסלעך.

דבורהלע האָט עס געזען. זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול. די דריי ווייבער האָבן זיך פאַרוואונדערט איבערגעקוקט און ס'וואָלט שיעור נישט געוואָרן פונם שידוך, ווען דבורהלע וואָלט זיי נישט שפּעטער געענטפערט אויף אַלעם זאַכלעך, טאַקטיש און באַשיידן, און רייזעלע דערציילט זיי נישט, אַז זיי האָבן היינט געהאַט אַ קאָ־מישן אינצידענט, וואָס דבורהלע קאָן בשום־אופן נישט פאַרגעסן און עס רופט ביי איר כסדר אַרויס אַ געלעכטער.

דבורהלע איז געפאַלן. עטלעכע טעג שפּעטער זענען געווען די תנאים.

דער מחותּן, אַ הויכער ייד מיט אַ פּייערדיקער באָרד, אַ שמאַלציקער גוף און אַ שיינענדיק פּנים (קיין אויגן האָט ער נישט געהאַט), האָט ממש געקוואָלן פון דבורהלען. ער האָט פון איר נישט אַראָפּגענומען ס'פּנים, און די מחותנתטע, וואָס האָט זיך טאַקע בשום־אופן נישט געקאָנט אינגאַנצן אוועקזעצן אויפן בענקל, האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון איר.

ווען מען האָט דבורהלען אָנגעטאָן אַ לאַנגע געפלאָכטענע קייט אויפן נאַקעטן האַלז, האָט איר אַ שוידער געטאָן פון דער באַ־רירונג פונם קאַלטן גאָלד און פון דער מחשבה, אַז מיט אַזאַ קייט קאָן מען צובינדן דעם גרעסטן הונט. זי האָט זיך נישט איינגע־הערט, נישט אין די שמועסן ביים טיש, נישט אין די ווינטשע־וואַניעס. זי האָט געטראַכט מכח איין זאַך: זי נעמט נקמה פון די עלטערן, פון שמעונען, פון זיך אַליין. ווייסנדיק, אַז שמעון האָט זי אפילו נישט אין זינען, האָט זי זיך געפרייט, וואָס זי טוט אים אָפּ אַזאַ שפּיצל.

נאָר ווען מען האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ טעלער און גענומען שרייען: „מזל־טוב!", איז איר באַפאַלן אַזאַ אימהדיקע מרה־שחורה, אַז די געסט האָבן עס באַמערקט אינמיטן דער שמחה. מ'האָט איר אָנגעהויבן פאַרשן, וואָס איז איר, צי זי פילט זיך נישט, חלילה, שלעכט און אפשר איז איר עפּעס נישט גוט געוואָרן.

זאָל זי זיך נישט שעמען. זי האָט זיי פאַרזיכערט, אַז עס איז איר גאָרנישט, נאָר די בלאַסקייט אויפן פּנים און די אויגן האָבן דער־ציילט, אַז עפּעס איז איר יאָ.

ענדלעך זענען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. ענדלעך איז שוין ר׳ זלמן אויך אַהיימגעגאַנגען. מ׳האָט שוין פאַרלאָשן די לאָמפּן.

דבורהלע ליגט אין איר בעטל און שטאַרט אין דער פינסטער־ניש אַריין. דער מוח אַרבעט נישט. זי טראַכט נישט. זי קלערט נישט. זי פילט נישט. זי פרייט זיך נישט. עס טוט איר נישט באַנג. זי ווייס אייגנטלעך גאָרנישט, וואָס עס איז געשען מיט איר היינט ביינאַכט. דער זייגער קלינגט שוין פינף. אין שטוב ווערט אַלץ קלענער, קלענער, און אָט זעט זי שוין אינגאַנצן נישט. זי איז איינ־געשלאָפן.

אינדערפרי האָט איר ר׳ אברהם בער אַקעגנגעטראָגן אַ גלאַנ־ציקן גוט־מאָרגן.

— מזל־טוב, דבורהלע! הערסט, דבורהלע, ביזט מיר איצט אָן אַ שיעור טייערער געוואָרן נאָך! געלויבט השי״ת פאַרן חסד!

פאַרוואָס ענטפערסטו נישט, דבורהלע? פרייסט דיך גאָרנישט?

זי שווייגט.

ער גיט איר אַביסל וואַסער אין אַ קופּערנער שעפּ. רוקט איר אונטער אַ בלעכענע שיסל.

— נעם, דבורהלע, וואַש דיר אָפּ די נעגל.

— צו וואָס? כ׳וועל מיך אויפהויבן, וועל איך מיך וואַשן.

— כ׳וויל, זאָלסט עפּעס נעמען אין מויל אַריין. ביזט נעכטן, נישט היינט געדאַכט, נישט געווען „אינגאַנצן". — ער דערלאַנגט איר אויף אַ טעלערל אַ שטיקל לעקעך מיט אַ גלאָז טיי אין בעטל אַריין.

דבורהלע טוט אַ קוק אויפן לעקעך און גיט אַ ציטער, ווי דער לעקעך וואָלט געווען געקנעטן פון סם, אַנשטאָט אייער און צוקער.

— כ׳קאָן נישט, טאַטעשי, כ׳קאָן נישט. לאָז מיך צורו.

— וואָס איז דיר? ביזט, חלילה, נאָך אַלץ נישט מיט אַלע־מען? האַ?

— כ׳בין געזונט, געזונט, לאָז מיך שלאָפן. כ׳בעט דיך, כ׳וויל שלאָפן. כ׳וויל נישט קיין לעקעך, כ׳וויל נישט.

— נו, טאָ שלאָף־זשע מיר געזונטערהייט, — האָט ר׳ אברהם

בער געזאָגט און דערציילט רייזעלען, אַז דבורהלע זעט עפּעס אויס זייער בלאַס און זי וויל נישט עסן.

— מיד מסתמא, — האָט רייזעלע געזאָגט און האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט. זי האָט נאָך אַליין אויך געוואָלט שלאָפן. — ווו האָסטו גענומען טיי?

— דער שמש האָט געקויפט וואַסער!

דבורהלע איז אויפגעשטאַנען אַרום צוויי דעם זייגער. זי האָט זיך שטיל געדרייט איבער די חדרים. אַוועקגערוימט דעם נעכטיקן „באַשטאַנד". דאָס פּנים מאָדנע בלאַס, פון די אויגן האָט אַ פּאָר־צווייפלטע מרה־שחורה אַרויסגעקוקט, ווי ביי אַן אָבל.

פון יענעם פרימאָרגן אָן איז זי געווען אַ פרעמדע אין הויז. זי האָט זיך געפילט פרעמד און איבעריק. דער פאָטער, די מוטער, דער ברודער, זי האָט אויף זיי געקוקט, ווי אויף פרעמדע מענטשן, ביי וועמען זי שטייט אַלס גאַסט און זיי קוקן שוין אויס די שעה, זי זאָל אַוועקפאָרן. זי האָט זי שוין אַליין אויך אָנגעהויבן אויס־קוקן. אַ מרה־שחורה, אַ שווערע און אַ דריקנדיקע האָט אומעטיק אַרויסגעקוקט אויף אַלעם. זי האָט זיך געבויגן אונטער דער משא פון שווערע מחשבות, פון אַלערליי אומגעלומפּערטע רעיונות, וואָס האָבן פון יענעם פרימאָרגן אָן נישט אויפגעהערט באַלעסטיקן איר דעם מוח, פרעסן ס'האַרץ, גריזשען און זשאַווערן די בלוטן.

טויזנט מאָל האָט זי זיך געזאָגט, אַז סוף־כל־סוף קאָן מען דאָך אָפּלאָזן אַ שידוך. דאַרף מען דאָך נישט אונטערגיין. און צום טויזנטסטן מאָל האָט זי זיך געזאָגט, אַז ניין, אַז אויב מען וויל פון איר פּטור ווערן, טאָר זי זיך דאָ מער נישט געפינען. און זי האָט באַשלאָסן, זיך אַליין אויף להכעיס, נישט צו רעדן מכוח אָפּלאָזן דעם שידוך. סיידן, סיידן, ס'זאָל זיך איר מאַכן עפּעס אַ געלעגנ־הייט, צו קאָנען זיך אַליין אויסהאַלטן — ווי אַזוי? ביי וואָס? וואָס קען זי? וואָס האָט מען איר געלערנט? — האָט זי פאַרביסן, פאַרביטערט, עקשנותדיק געשוויגן.

די עלטערן האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. רייזעלע האָט געזען אין דבורהלעס כסדרדיקן שווייגן אַ מין רעאַקציע פונם ביז־איצטיקן „צופיל פּלוידערן". אפשר ווערט זי שוין אַ שטיקל מענטש. פאָרט שוין אַ כלה־מיידל. ווערט אַ סטאַטעק. פאַרוואָס זי איז אַזוי בלאַס לעצטנס, האָט זי נישט געקלערט. זי איז אַליין

אַ שוואַכע, פאַרטאָן אין די ספּרימלעך. און האָט זי עס יאָ אַמאָל איבערגעחזרט פאַר ר׳ אברהם בערן, האָט ער געזאָגט, אַז ס׳איז דער שטייגער אַזוי. אַ מיידל פאַר אַ חתונה. זי פאַרשטייט דען, וואָסער גליק ס׳איז ב״ה? ר׳ ברוך לייב פּאָרט אַרום איבער גאַנץ רוסלאַנד, מאַכט שטיקער גאָלד פאַר דער ישיבה... און קריגט דער־פאַר גוט באַצאָלט. אַ חתן מיט אַ קעלנערל האָט זי שוין אויך, נאָך מער — אַ גאַנצן דייטש...

— אָבער טאַטעשי, ווער האָט דיר געזאָגט, אַז כ׳וויל אַ חתן מיט אַ קעלנערל? — איז דבורהלע אַריין פון קיך (זי האָט זיך גראָד איינגעהערט).

— וואָס מיינסטו, מ׳פאַרשטייט נישט? — האָט ר׳ אברהם בער געשמייכלט.

אין שטוב האָט מען אָנגעהויבן קוקן אויף איר, ווי אויף אַ זעלבשטענדיקן מענטשן. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן מער מענטשלעכן רעספּעקט צו איר. געזען, זי זאָל האָבן שענער אָנצוטאָן, דער מחותן האָט איר געבראַכט אַ מתנה, נאָך איינע. דבורהלע איז געבליבן גלייכגילטיק צו אים און צו זיינע מתנות. דעם מחותן און בעיקר דער מחותנתטע האָט עס פאַרדראָסן און זיי האָבן זיך געוואונדערט. נישט געקאָנט פאַרשטיין דבורהלעס מאָדנע באַציאונג צום גאַנצן ענין פון זיין אַ כלה.

— עפּעס אַ מאָדנע מיידל, — האָבן זיי צווישן זיך איבער־גערעדט: — אַ קלוג מיידל, און אַ ווויל מיידל, נאָר עפּעס אַזוי נישט־פאַרשטענדלעך. אַ מיידל זאָל זיך נישט פאַראינטערעסירן, צי מען גיט איר יאָ מתנות, צי נישט. און אַז מען גיט איר אַ מתנה, טראָגט זי זי נישט און ס׳איז איר אַלץ איינס.

— מען וואָלט איר גאָרנישט געדאַרפט געבן און עקסטרע זען: אין וויפיל וועטסטו דיך, אַז זי וואָלט שוין געחלשט פאַר אַ מתנה! — האָט דעם מחותנס שוועסטער געראָטן.

עס איז שוין אַוועק דער ווינטער מיט זיינע לאַנגע נעכט, אין וועלכע דבורהלע האָט געהאַט גענוג צייט צו טראַכטן און גאָרנישט נישט צו טראַכטן.

עס איז ווידעראַמאָל געקומען פרילינג. וואַרשעווער גאַסן האָבן זיך ממש געבאָדן אין אויפגעטייעטער בלאָטע. דער פּסח אין

געווען א ווארעמער, א בלאָטיקער און א נודנער (אזוי האָט אים דבורהלע געזען), און ער איז ווי א לץ אין דער וועלט פארביי. און די טעג זענען, ווי אַלע יאָר אין דער צייט, אַלץ גרעסער געוואָרן. די זון האָט זיך דערהויבן און אוסגעברייטערט. מענטשן זענען ווידעראמאָל ארוים פון פארמאכטן עיפּוש, אריינגעצויגן אביסל פרישערע לופט, אָפּגעאָטעמט אביסל. קינדערלעך האָבן ווידער גע־טומלט. אויף הייף האָט ווידער געשטונקען. יידן האָבן ווידער גע־זוכט פּרנסות פון אַלטע שמאַטעס. די בעקערקע ביים טויער האָט ווידער געשאָלטן. ס'איז געוואָרן ווארעמער און ווארעמער. דבורה־לע האָט ווידער ארויסגעקוקט דורך צעעפנטע פענסטער. נישט ארויסגעקומען אויף דער ליכטיקער שיין. אויב ס'האָט איר עפּעס אינטערעסירט, איז עס געווען די קינדערשע שפּילערייען אויף דער גאַס. זי האָט טיילמאָל אַן אמתן אָנטייל גענומען און זיך אמוזירט, נאָכפאָלגנדיק זיי מיט די אויגן.

זי האָט נישט געוואָלט טאָן אין שטוב די מינדסטע זאַך. ס'איז איר אויף א האָר נישט אָנגעגאַנגען, וואָס אַלץ גייט דאָרט האָדאָ־ראָם. א חוץ מזה האָט זי טאַקע נישט געקאָנט אויך. זי האָט עפּעס לעצטנס אָנגעהויבן אונטערקרעכצן צו־ביסלעך אויפן הארץ. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אז ס'איז גאָרנישט. נערוון איז עס, ווייטער גאָרנישט. א סך לופט, האָט ער געזאָגט. גוט עסן. און בעיקר — נישט זאָרגן. ער האָט פארשריבן א מעדיצין, נאָר דער ווייטיק ביים הארצן האָט געהאַלטן. טיילמאָל איז בעסער געוואָרן, טיילמאָל — ערגער.

חתונה מאַכן וואָלט געווען פאר אירטוועגן די בעסטע רפואה, האָט ר' זלמן געעצהט, ווען רייזעלע האָט זיך פאר אים איינמאָל באַקלאָגט. זי וועט האָבן א מאַן, א שטוב אכטונג צו געבן, וועט זי נישט זיין נערוועאיש.—א נס, דער מחותן וויים נישט. ער וואָלט זיכער אָפּגעלאָזט דעם שידוך.

— מיטן אויבערשטנס הילף וועט איר גאָרנישט זיין. ס'איז נישט מער, ווי נערוון, — טרייסט ר' אברהם בער ר' זלמנען און רייזעלע טרייסט זיך אויך דערמיט.

— דבורהלע, איך האָב געהערט זאָגן, איר זענט א כלה גע־וואָרן מיט א רייכן יונגנמאַן אין אנטווערפּן — קומט אייך א מזל־טוב? — פרעגט איר ביילקע און קוקט זי אָן מיט שפּאָט.

דבורהלע ענטפערט נישט.

— ר'איז אלנפאלס נישט רייך, — פארענטפערט זי זיך לסוף, — און איך ווייס נאך בכלל נישט, צי ס'וועט עפעס ווערן דערפון. איר ווייסט דאך, עלטערן. זייער גאנצער ציל אין לעבן איז חתונה צו מאכן די קינדער, פארזארגן זיי. אבער איך האב נאך אויך א שטיקל דעה.

— אזוי גאר! אבי מ'האט מיר דערציילט, אז איר זענט פאר־לאבט.

דבורהלע ווערט רויט, ווי א שטיק פייער.

— ווער האט אייך געזאגט?

— א מיידל. איר קענט זי נישט.

— א ליגן...

איצט פארשטייט זי שוין! דערפאר האט זיך ביילקע לעצטנס אזוי דערווייטערט פון איר. זי מיינט, איך פארקויף מיך פאר געלט. אדער אפשר זעט זי שוין אין מיר א צוקונפטיקע בורזשויקע. איצט פארשטייט זי שוין, פארוואס זי האט אן אומגעדולדיקן צוק געטאן מיט די אקסלען, ווען זי האט איר אנומלט געפרעגט, וואס עס מאכט עפעס דער חבר שמעון — און געענטפערט — „פונ־וואנען זאל איך וויסן?"

פארוואס טוט זי נישט א שפיי אויף אלצדינג און מאכט נישט א סוף צום גאנצן עקלדיקן ענין?

— איר ווייסט, דבורהלע, כ'האב געהאט א בריוו יענע וואך פון שמעונען. ער קומט דעם זומער צוריק קיין ווארשע. יענע וואך איז ער דא געוועז.

— ווירקלעך!? — טוט דבורהלע א האסטיקן פרעג־איבער. כאפט זיך, און פרעגט געלאסענער:

— לאנג זיך געזוימט?

— ניין, עטלעכע שעה בלויז.

ביילקע זוכט עפעס ביי איר אין די אויגן.

— ס'קאן זיין, ס'דאכט זיך מיר, ביילקע האט נישט קיין פיצל אנונג און איך זע איר שוין זוכן עפעס אין די אויגן. איך וועל גאר משוגע ווערן! דאס וועט זיין דער סוף! אז איך לעב אין א משוגענער וועלט, אין א וועלט פון משוגענער איינרעדונג, פון

משוגענע חלומות, פון משוגענעם וועלן אָפּטאָן זיך אליין א שפּיצל — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

— איר ווייסט,ביילקע, כ'זוך ארבעט. אפשר וואָלט איך געקאָנט באַקומען אַרבעט ביי אַ שניידערקע? איר וואָלט מיך אפשר געקאָנט אריינפירן?

ביילקע צעלאַכט זיך.

— אַן אָרט ביי אַ שניידערקע קאָן מען באַקומען. מ'מוז אָבער קענען נייען. איר פאַרשטייט?

— ביילקע, איר זענט עפּעס לעצטנס געוואָרן אַזוי מאָדנע. איר זענט בייז אויף מיר, זאָגט מיר פאַרוואָס און פאַרטיק! וואָס דאַרפט איר זיך נאָך האַלטן פריינטלעך כלומרשט?

— רעדט נישט קיין שטותים, דבורהלע. איך בין נישט בייז אויף אייך! אַ האָר אויך נישט. מ'האָט אַלערליי זאָרג צוליב דער פּאַרטיי. קיין פּריוואַטע פעלן אויך נישט. זעט מען אפשר אויס נישט אַזוי פריינטלעך. אָבער בייז — וואָס זענט איר שולדיק?

זי וואָלט גערן צוריק אָראָפּגעשלונגען די לעצטע עטלעכע ווערטער, ביילקע. נאָר דבורהלע האָט שוין אַ פרעג געטאָן:

— וואָס מיינט איר?

— גאָרנישט, דבורהלע, זייט נישט אַזוי מאָדנע! מ'קאָן נישט אריינטראַכטן זיך אין יעדעס וואָרט, וואָס מען זאָגט אַרויס. — כ'מיין גאָרנישט, זאָגט מיר בעסער. וואָס איז די מעשה, וואָס איר זעט עפּעס לעצטנס אויס נישט ווי אַמאָל? — און פאַרוואָס מ'זעט אייך שוין לגמרי נישט פאַר די אויגן?

— עס דאַכט זיך אייך! איך פיל מיך אויסגעצייכנט! און פאַרוואָס איך קום נישט צו אייך, ווייסט איר דאָך בעסער פון מיר, וואָס מאַכט איר זיך כלא ידעו?

— גלויבט מיר, דבורהלע, אַז איך בין אין דעם געווים נישט שולדיק. ווען ס'זאָל זיך ווענדן אין מיר, וואָלט אַלץ אַנדערש גע־ווען. זיי פאַרשטייען אייך נישט. איך, יאָ, — האָט זיך ביילקע פאַר־ענטפערט פאַר דבורהלען. ס'האָט איר אַ ריר געטאָן איר אויסזען.

דבורהלע האָט איר צוגעזאָגט אַזוי אַביסל אַריינצוקומען און איז נישט געקומען, הגם ס'האָט זיך איר געוואָלט אָפּרעדן זיך פאַר ביילקען. זי האָט זי נאָך אַלץ ליב געהאַט.

אַ חבר האָט צוגעזאָגט דבורהלען, אַז ער זעט איר אויסלערנען וויקלען זייד אויף אַ שפּול־מאַשין. און אין שטוב איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע.

— וואָס? פאַר אַ חתונה? ז'איז אַראָפּ פון זינען! נישט אַנדערש.

— זאָלן זיי רעדן. זיי האָבן זיך מיט איר עפּעס אַ סך גערעכנט? זאָל זי זיך נאָר אויסלערנען, אָנהויבן עפּעס פאַרדינען, וועלן זיי נישט האָבן צו וועמען צו רעדן.

די ערשטע צוויי־דריי טעג איז איר געגאַנגען אויסגעצייכנט. ס'איז אַוועק אַ גאַנג. דער חבר, אַ דאַרער בחור, מיט אַ פּאָר ערנסטע פּלייצעס און גוטע, שלעפעריקע אויגן, האָט געאַרבעט, די שוועסטער זיינע, אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן, אַ דיקלעכע, און אַ גרין לערן־מיידל האָבן געהאָלפן און געזונגען. די רעדלעך האָבן געקלאַפּט, געדרייט זיך און אונטערגעטאַנצט: דער זייד האָט געשימערירט, געגלאַנצט און געביטן קאָלירן.

דבורהלע האָט דערווייל געדאַרפט שטיין און צוקוקן זיך, ווי אַזוי אויפצוכאַפּן די דרימען — אויב עס מאַכט זיך, אַז דאָס רעדל טוט אַ צו־האַסטיקן שפּרונג און דער זייד רייסט זיך איבער אינמיטן וויקלען. דערנאָך צוריק צוזאַמענקניפּן. דאָס איז שוין געווען אַביסעלע אַ וואַזשנערע אַרבעט, אָבער ס'האָט אויך אויסגעזען לייכט גענוג. דער חבר, די שוועסטער, און אַפילו, דוכט זיך, דאָס לערן־מיידל, האָבן עס געמאַכט גיך גענוג און געשיקט גענוג. דבורהלען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער חבר שפּענדעט אומזיסט צייט דערמיט, וואָס מ'הייסט איר שוין דעם דריטן טאָג בלויז צוקוקן זיך. זי קען שוין די אַרבעט פון די ערשטע עטלעכע שעה. זי האָט זיך געפרייט, וואָס מען האָט איר שוין ענדלעך געגעבן אַ רעדל פאַר זיך אַליין. נאָר קוקן איז געווען אַ סך גרינגער ווי טאָן. בשום־אופן האָט זי נישט געקאָנט אויפכאַפּן דעם פאָדעם און האָט זי אים שוין מיט מי און מאַטער געפּאַקט, האָט זי נישט געקאָנט מאַכן דעם קנופּ. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין אויפקניפּן. האָט ער זיך שוין יאָ געהאַלטן, איז ער ביי איר אַרויסגעקומען גראָב און מגושמדיק. און ערגער נאָך ווי אַלץ איז געווען דאָס, וואָס דער זייד, אַז ער האָט זיך שוין געוויקלט און ס'וואָלט

שוין געקאָנט צוגיין כשורה, איז ער נישט געגאַנגען ווי בײַ זיי, גלאַט און ליניעדיק, נאָר ר'האָט זיך געהאַלטן אין איין פּלאָנטערן.

ס'האָבן נישט געהאָלפן קיין באַמיאונגען, קיין זיין פאַרזיכ־טיק און קיין לערנען מצד דעם חבר.

אין קיין דריי טעג, ווייזט אויס, קאָן מען זיך נישט אויס־לערנען קיין פאַך. האָט דעם חברס מוטער זיך געפרייט, וואָס דבורהלע האָט פאַרשטאַנען, אַז דער חבר איז אַן אָרעמער בחור, דאַרף אויסהאַלטן זי, די מוטער, מיטן יינגערן שוועסטערל און קאָן זיך נישט פאַרגינען צו שפּענדן זיין צייט אויף איר, דבורהלען, און ווייניקער נאָך אויף היזק צו האָבן זייד, וואָס זי האָט געהאַלטן אין איין פאַרפּלאָנטערן.

— וואָס־זשע, שוין אָפּגעאַרבעט? — האָט מיכאל געלאַכט.

— שטרייקסט? צי דו האָסט שוין פאַרדינט אַזויפיל געלט, אַז דו קאָנסט דיר שוין דערלויבן אַרומצוגיין ליידיק?

דבורהלע האָט געביסן די צונג. זי האָט נישט געענטפערט.

זי האָט אָנגעהויבן זוכן אַ „שטעלע" אַלס אַ קינדער־מיידל. זי האָט געהאַט אָן אַן ערך צוואָגעכצער... אָבער קיין פּאָסטן האָט זיך נישט געמאַכט. כאָטש נעם און וואַרט, ביז די קינדער וועלן געבוירן ווערן. אומעטום אַן אַנדער תירוץ — און פאַרט קריגן דאָך קינדער־מיידלעך שטעלעס? און מאַדאַמען זוכן קינדער־מיידלעך? נישט צום פאַרשטיין.

דערווייל האָט אָנגערוקט דער זמן־החתונה. רייזעלע האָט גע־נומען אַ גאָר וואַזשנעם אינטערעס אינם צוזאַמענשטעלן די „וויפּראַווע". זי האָט זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון די ספּרימלעך, אין הויז האָט אָנגעהויבן אַריינגיין עפּעס אַ יידענע מיט „פּראָבקעס" געוואַנט, לייוונט, זייד און סאַמעט, פעדערן, פוך און אַלערליי שמאַטעס. דבורהלע האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב ווי אַ פרעמדע. די פּראָבקעס זענען איר לחלוטין נישט אָנגעגאַנ־גען. זי איז געווען מער פאַראינטערעסירט, ווו מ'דאַרף האָבן אַ קינדער־מיידל. זי האָט געזוכט אַרבעט און געקרעכצט אויפן האַרץ.

— אַז זי וויל זיך נישט צורירן, ווײַנט בײַ יעדער זאַך, וועט די חתונה אַרויסקומען אויף איבעראַיאָר! — האָט זי, רייזעלע אַליין, אויף אייגענע מבינות אָפּגעשניטן אויף מלבושים און גראָד

אַלץ פּונם בעסטן סאָרט. רייזעלע האָט זיך געזאָגט, אַז זי ווייס בעסער, וואָס איז גוט פאַר דבורהלען און וואָס נישט.

האָט זיך אָנגעהויבן א גיין צו א שניידערקע, צו איינער מיט קליידער, צו אַן אַנדערער מיט קאָסטיומען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א מעסטן און ווידעראַמאָל מעסטן. ווי א מאַנעקין האָט דבורהלע געטאָן, וואָס מ'האָט איר געהייסן. מעכאַניש, אָן ווילן, אָן אינ־טערעס. הייסט עס, אַז זי פאַרט חתונה האָבן. ריינע משוגעת. סוף־כל־סוף וועלן דאָך זי די עלטערן נישט דערהרגענען, און אַז מ'וויל זי נישט צונעמען פאַר קיין קינדער־מיידל און אפילו פאַר קיין דינסט אויך נישט, איז וואָס? — קאָן זי דאָך בלייבן אינדערהיים. האָט דבורהלע געטראַכט און געדרייט זיך פאַרן שפּיגל. די שניי־דערקע האָט אויף איר גענייט, געשפּילעט, אָפּגעשפּילעט, אָפּגע־טרענט, ווידעראַמאָל געניית. זי האָט געטאָן, וואָס זי האָט איר געהייסן.

— א לאַכטיקע כלה וועלן זי דאָס זיין, — האָט די שניי־דערקע צוגעוואָרפן דבורהלען א קאָמפּלימענט פון צווישן די ציין און דער שפּילקע אין מויל.

— א ליכטיקע גאָר? — האָט דבורהלע איבערגעפרעגט סתם אַזוי, לשם פרעגן.

— זאָל יאָך מיר שוין האָבן אַזאַ יאָר! קוקן זי זיך נאָר אָן! זי זעען דאָך, כניינע האָרע, אויס ווי א פּרינצעסין! אסור, צי א קייזערין וואָלט געקאָנט אויסזען שענער! — כ'האָב געהערט זאָגן, אַז זי וועלן וווינען אין דאַטשלאַנד? — איז די שניידערקע געוואָרן נייגעריק.

— אין בעלגיע! — האָט איר דבורהלע פאַרריכט דעם טעות.

— אַזוי גאָר! וואו־זשע איז בעלגיע? נישט אין דאַטשלאַנד?

— ניין, פאַרשטייט זיך, אַז נישט, — האָט דבורהלע גע־שמייכלט.

די שניידערקע האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז פאַראַן צו לאַכן, אַז מ'פרעגט זיך איבער. נאָר זי וועט זיך דאָך נישט גיין איינרייסן מיט א קליענטקע.

— ס'איז מיר א וווּנדער, וואָס אינם עלטערן לאָזן אינען אַוועקפאָרן, — האָט זי ווייטער געפרעגט די שניידערקע און אַרויסגענומען א שפּילקע פון מויל.

דבורהלע האָט איר נישט געענטפערט. זי האָט דערפילט, אַז זי וועט אָט, באַלד, אַראָפּרייסן פון זיך דאָס קלייד, אַ שליידער טאָן עס אויף דער ערד און זיך צעוויינען פון פּאַרדרוס און ווייטאָק. זי האָט צוריק אַראָפּגעשלונגען אַ טרער, וואָס האָט אַ גלאַנץ געטאָן, און אויסגעדרייט זיך מיטן אַקסל צום שפּיגל (אַזוי האָט איר די שניידערקע געהייסן).

— מסתמא געווען אַ ליבע, — האָט די שניידערקע נאָכנישט געהאַט געגנוג און האָט ווייטער געפּאָרשט. — היינטיקע צייטן האָבן עלטערן נישט צו זאָגן איבער קיין קינדער, — האָט זי זיך אַליין געענטפערט. — אַנטשולדיקן זי מיר, וואָס כ'בין טשיקאַווע, נאָר ס'איז מיר אַ גרויס וווּנדער, אַז אַ מורה־הוראה זאָל לאָזן אַוועקפאָרן זיינס אַ קינד קיין דייטשלאַנד.

— גיי צום טייוול און הער אויף צו פרעגן קשיות, דו אידיאָטקע איינע, וואָס דו ביזט! — „זעט, איילט אייך צו“, — האָט זי איר געזאָגט, דבורהלע, אָנשטאָט אָן ענטפער. און די שניידערקע האָט מער נישט געפרעגט. הגם זי האָט נעבעך שטאַרק חשק געהאַט צו וויסן, ווו זי האָט זיך מיט אים באַקענט. מענטשן האָבן מזל! האָט זי געטראַכט. אַ שנעק נאָך און דאָס פּאָרט שוין אַוועק קיין אויסלאַנד, ס'האָט זיך שוין פאַרליבט. נאָר זי האָט אַזאַ פינסטערע מערכה.

דאָס קוואַנטום פון דבורהלעס געדולדיקייט האָט זיך לחלוטין אויסגעשעפּט. זי איז מיט יעדן טאָג נענטער צום זמן החתונה נערוועאישער געוואָרן. זי האָט שוין אָנגעהויבן פּראָטעסטירן, בעטן זיך, מ'זאָל אָפּלאָזן דעם שידוך, אָדער על כל פּנים, איר לאָזן צוזאַמענקומען זיך מיטן חתן אין בערלין, זען, ווען זי נעמט.

— וואָס הייסט איצט, ווען ס'זענען שוין ממש געבליבן טעג צו דער חתונה? ווען אַלץ איז שוין גרייט?

לסוף האָט זי זיך באַרואיקט, האָט שוין לגמרי נישט געטראַכט מכח דער חתונה און איז זיך סתם אַביסל אַריינגעפאַלן אין בעט אַריין מיט אַ נערוון־דערשיטערונג.

אין שטוב איז געוואָרן אַ חורבן! אַן אמתער חורבן! רייזעלע האָט זיך, אַ געבוויגענע, געדרייט איבער די חדרים. ס'איז איר אַלץ געפאַלן פון די הענט. דערצו איז נאָך געווען איצט מער אַרבעט, ווי תמיד. מיכאל איז געווען דער בייהעלפער און האָט גע־

האַלטן אין איין ממיתן דאָס געשיר. ר׳ אברהם בער איז אַרומ־געגאַנגען אַ פאַרצוויפּלטער און געציטערט, דער מחותן זאָל זיך נישט דערוויסן.

ס׳איז ב״ה אָפּגעגאַנגען גלאַטיק, דער מחותן האָט זיך נישט דערוווסט. דער דאָקטאָר האָט אים איינגערעדט, אַז ס׳איז אַ פאַרקילונג. נערוון, האָט ער לסוף באַשלאָסן, היילט מען נישט אין בעט. פאַרקערט, זאָל זי אויפשטיין, גיין אַ סך אויף דער לופט, קומען צווישן מענטשן, זיין וואָס ווייניקער אַליין, און העיקר, זען למען השם, אויסמיידן שווערע געדאַנקען. עסן אַ סך פרוכט, גרינס, נאָר בעיקר, האָט דער דאָקטאָר געקוקט אויפן זייגערל און געעצהט, נישט זאָרגן!

ס׳זענען פאַריבער עטלעכע וואָכן. דבורהלע האָט אָנגעהויבן קריגן עפּעס אַ מענטשלעכער אויסזען. דאַרף מען דאָך חתונה מאַכן. — האָט מען געהאַט אָפּגעלייגט אויף אַ שטיקל צייט, אָבער מען מוז דאָך פאָרט אַמאָל חתונה מאַכן.

לויטן דאָקטאָר איז עס איר געקומען פון עפּעס אַ שווערער איבערלעבונג. און טאַקע דערפאַר מוז זי זען אויסמיידן שווערע מחשבות. — געפערלעך איז נישט, מען האָט זיך געכאַפּט אין צייט. נאָר מ׳מוז אַבסאָלוט אויספירן זיין פאַראָרדענונג, — האָט ער געזאָגט, דער דאָקטאָר, און עפּעס געפּרוווט געבן משונהדיקע עצות.

—וואָס, הערן דעם דאָקטאָר? משוגע מיינע שונאים? — האָט ר׳ זלמן אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און רייזעלע מיט ר׳ אברהם בערן האָבן מסכים געווען, אַז מ׳האָט דעם דאָקטאָר אין דער ערד: ס׳ליגט אַ וויפּראַווע, מ׳איז גרייט צו אַ חתונה, הייסט ער איר ווערן אַ פאַרקויפערין אין אַ געשעפט, כדי צו זיין כסדר באַשעפטיקט.

— אַ גוי, — זאָגט ר׳ זלמן, — בלייבט אַ גוי, — און ר׳ אברהם בער און רייזעלע זענען מסכים, אַז אַ גוי בלייבט אַ גוי.

— אַ שיינע מעשה, אַ פאַרקויפערין זאָל זי נאָר ווערן אינ־מיטן דערינען. אַ מיידל פאַר אַ חתונה. און בכלל האָט מען נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אַז אַ דאָקטאָר זאָל געבן אַזאַ מין עצה. אַ דאָקטאָר גיט אַ רעצעפּט, נישט קיין עצות. נאָך עצות פאָרט מען צו אַ רבין, — זאָגט ר׳ זלמן.

— ווייסעך וואָס, מיט השי״תס הילף וועט זי אי״ה נאָך דער חתונה זיין געזונטער ווי פריער.

דער מחותן האָט אפילו שטאַרק פּראָטעסטירט, וואָס דבורה־לע איז נאָך מאָגערער געוואָרן. און ער האָט עס אָפן געזאָגט.

— איר האָט געדאַרפט זען יענע שנור מיינע. אַ שיינע זאַך אויף איר אַ קוק צו טאָן. אַ יפת־תואר. אַ פּנים קיילעכדיקער פון אַן עפּל.

— אַזוי ווי מ׳קאָן נישט אַריינקוקן אין דער ליכטיקער זון, אַזוי קאָן מען נישט אַריינקוקן אין איר ליכטיקן פּנים, — האָט די מחותנתטע באַשטעטיקט די רייד זיינע און געקרימט זיך אויף דבורהלען.

— מילא, אויך יענע מעשה, זאָל זי נאָר געפעלן דעם חתן, וועט שוין אַלץ גוט זיין, — האָט דער מחותן געזאָגט און אַ טראַכט געטאָן: „זאָל זי נאָר״...

מ׳האָט אָפּגעשמועסט, אַז זונטיק זאָל מען אַרויספאָרן קיין בערלין און דינסטיק זאָל זיין די חתונה.

דאָס איז געווען די זעקסטע וואָך נאָכן צוזאַמענבּרוך. עס זע־נען זיך אָנגעקומען פריינט און שכנים. מ׳האָט געטרונקען לחיים, געזעגנט זיך, געמאַכט שנעפּסלעך, געזאָגט גוטע ווערטלעך. מ׳האָט געווונטשן דער כלה, געווונטשן די מחותנים. מ׳האָט גערעדט און געפּילדערט, נאָר ס׳ערגסטע איז געווען מיטן קושן זיך. מ׳האָט איר שוין באַלד אָפּגעריבן די באַקן, אויסגעשמאָטשקעט די ליפּן און מ׳האָלט איר נאָך אין איין קושן, ווינטשן, אַז ס׳זאָל איר זיין מיט מזל און מיט גליק און מיט הצלחה און זיי זאָלן פון איר האָבן גרויס נחת, די עלטערן, און זי פון זיי, און זי זאָל דאָרטן זיין אַ גרויסע גבירטע, מער, אַ מיליאָנערקע. מען קאָן גאָרנישט וויסן — דימענטן־הענדלערס קאָנען זיך אויף אַלעם דערוואַרטן. זיי אַליין וויסן פון מיידלעך, וואָס האָבן חתונה געהאַט קיין אויס־לאַנד און היינט זענען זיי מיליאַרדערקעס, און מען האָט זיך גע־חידושט פונדעסטוועגן, וואָס די רביצין, זאָל לעבן, לאָזט דבורה־לען אַוועקפאָרן, און מ׳האָט עס אָפן געזאָגט.

דבורהלע האָט זיך איינגעהערט. מענטשן וווּנדערן זיך, האָ? און אַז ס׳איז אַן עולה, דעריבער טאָר זי נישט בלייבן? וואָס טוט זיך דאָ? פאַרוואָס פאָרט טוט זי נישט אַ שליידער אַוועק אַלצ־

דינג און שרייט נישט אויס הויך אויפן קול, אַז אַלע, סיי די נודנע ווייבער, וואָס זענען זיך געקומען געזעגענען, סיי די מחותנים, סיי די עלטערן, און די גאַנצע וועלט, זאָל פּשוט הערן און זען, וואָס מען טוט דאָ מיט איר — און וואָס טוט מען דען? מ׳פירט זי דאָך נישט אַוועק קיין סיביר. ווי ווייט איז דען אַנט־ווערפּן פון וואַרשע? און עס קאָן דאָך גאָר זיין, זי זאָל גאָרנישט געפעלן. זי האָט דאָך דעמאָלט געהערט דעם מחותן זאָגן און זי האָט זיך אָנגערופן. ער האָט זיך אויסגעלאַכט. געזאָגט, אַז ר׳האָט נאָר געזאָגט, ווייל ער האָט געוואָלט, זי זאָל זיך אַביסל צוזען, אויסזען בעסער, און נישט געוואָלט הערן פון אָפּלאָזן דעם שידוך. און איצט פאָרט זי דאָך צו אים, און ווי וועט זיין, אַז צום שלימ־מזל וועט זי אים יאָ געפעלן? אים? ווער איז דער „ער׳׳? צו ווע־מען פאָר איך? איך בין משוגע — שמעון וואָלט פונדעסטוועגן נישט דערלאָזט...

רבונו של עולם, פאַרוואָס טו איך תמיד פונקט להיפוך פון דעם, וואָס כ׳וויל טאָן, און איך פאַרשטיי, אַז אַזוי טוט מען נישט, און כ׳בין אין כעס אויף מיר אַליין און כ׳גיי אַוועק און טו פונקט דאָס אייגענע, וואָס פריער, איין עולה נאָך דער אַנדערער, איין שטות נאָכן אַנדערן, און כ׳וויים, ס׳זענען שטותים, און כ׳וויל זיי נישט טאָן און כ׳טו זיי איבער און איבער.

— דבורהלע, מאַדאַם באַרסקע וויל זיך מיט דיר געזעגענען.

דבורהלען איז טרוקן אין האַלז. זי וויל זיך נישט קושן. זי קושט זיך מיט מאַדאַם באַרסקען. זי שמייכלט נאָך אַפילו צוריק צו איר.

גיין, ווען זי ווערט נישט דעמאָלט משוגע און גייט נישט אין דער קאַפּע אַריין דערציילן שמעונען אַ מעשה, אַז מען וויל איר חתונה מאַכן מיט אַ מענטשן אין אַנטווערפּן און די אויגן זיינע דערציילן איר נישט, אַז נאָר ווען מ׳האָט באמת ליב אַ מענטשן, קאָן מען אים אַזוי וואַרעמען, אַזוי צערטלען מיט זיי, און ווען ער האָט נאָך פאַר אַ צולאָג אַ זאָג געטאָן:

„איר הערט, דבורהלע, איר וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, וויפיל כוח עס איז פאַראַן אַפילו אינם שוואַכסטן מענטשלעכן גוף׳׳, און ער קוקט זי נישט אָן מיט אָן אַ שיעור צערטלעכקייטן און זי טוט אים נישט גיריק אַ פרעג:

,,וואָס מיינט איר"? — און ער זוכט נישט אויפן אָרט א וואָרט, מיט וואָס צוריק צו נעמען דאָס איין איינציקע וואָרט, וואָס האָט געוועקט חשד, אַז זי איז גערעכט, וואָס זי טראַכט טיילמאָל, אַז שמעון האָט זי פאַרט ליב, און אַז זי האָט זיך גע־טרייסט דערמיט. וואָס עס איז דאָרט גראָד צוגעקומען אַ חבר און דער חבר איז שוין אַוועק און זי איז אַרויס מיט דער נאַרישער מעשה און געהאַפּט, אַז שמעון וועט עפּעס זאָגן, מיט אַ וואָרט, כאָטש אַפּרעדן זי דערפון און אפשר גאָר פּראָטעסטירן. — איצט וועט ער דאָך זאָגן דאָס, וואָס ער וויל זאָגן — און דערהערנדיק פון שמעונען אָנשטאָט אַ וואָרט דאַקעגן:

— ,,אויב אַזוי, מזל־טוב אייך"! און ,,איר האָט גאַנץ גלייך געטאָן, דבורהלע!" — און זי קושט זיך שוין ווייטער מיט עפּעס אַ יידענע, מיט אפשר הונדערט וואָרצעלעך אויפן פּנים און אַלע זענען זיי שוואַרץ און אַ סך באַוואַקסן און דאָס רויטע איז אויך אַזוי מיאוס — זי חלשט זיך אָפּצווווישן די ליפּן, נאָר די יידענע קוקט עפּס אַזוי לאַנג אויף איר — ווען וועט זי שוין אַמאָל אַראָפּ־נעמען די אויגן, בררררר! — וואָס־זשע וויל איך פון ווען? ווער טוט מיר דען? כ'טו דאָך מיר אַליין, און אַז שמעון האָט אַזוי גע־ענטפערט, דעריבער מוז איך פאָרן? קאָן איך נישט זאָגן איינמאָל פאַר אַלע מאָל: ,,כ'פאָר נישט, ווייל איך וויל נישט און פאַרטיק".

איר'ט מיך נישט דאַרפן אַרויסטרייבן. כ'וועל פון אייך אַליין אַוועקגיין. און אַז ביילקע האָט געוואָלט אַוועק פון דער מוטער? האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק.

מ'זעצט זיך שוין אַריין אין דראָזשקעס, מ'פאָרט שוין צו דער באַן.

אפילו נישט געזעגנט זיך מיט ביילקען. צוליב וואָס דאַרף פאַננאַ רוזשקאַ מיטפאָרן צו דער באַן? און ר' זלמנס ווייב צו־ליב וואָס? און וואָס איז די שמחה אויף פאַננאַ רוזשקאַ, וואָס זעט זי עפּעס היינט אויס אַנדערש ווי אַלע מאָל?

די דראָזשקעס פאָרן שוין איבער די וואַרשעווער גאַסן.

— וואָס שרייען זיי נאָך, וואָס ווילן זיי, וואָס?

— טריפּ־טראַפּ, טריפּ־טראַפּ! עס ווערט איר עפּעס אַזוי פיינ־לעך־גוט. יעדער שפּיציקער שטיין פון די וואַרשעווער ברוקן, יע־דער בלאָטיקער טראָטואַר, יעדעס ברודיקע הויז, יעדער איינגעהוי־

קערטער טרעגער, ווערט איר עפּעס אַזוי אייגן. די ווייבער מיט די איינגעהילטע קינדער און צעריסענע שאַלן, וואָס זיצן אויף דר'ערד און קנייפּן די קינדער, כדי זיי זאָלן וויינען, זעען אויס ווי אייגענע נאָענטע ווייבער, אַזעלכע, וואָס איז שווער איבערצולאָזן. עפּעס זענען די רויטע נעזלעך פון די אַלט־פּנימדיקע מיידלעך מיט די שטעקלדיקע צעפּלעך אַזוי באַחנט היינט, האָבן אַזעלכע פאַרזאָרג־טע פּנימלעך, נעבעך.

די דראָזשקע שטעלט זיך אָפּ צוליבן פּאַרקער. אַ יידענע, איינגעהילט אין אַ צעלעכערטער דערע, אַן איינגעדאַרטע יידענע מיט אַ קיישל אויף דער ערד, קוקט זיך אַרום. זי הויבט אויף ס'קיישל, אינעווייניק אינם קיישל ליגט עפּעס — שווער צו וויסן וואָס? אויסזען זעט עס אויס ווי טנופת.

— קויפּטס, ווייבער, קויפּטס! אַזאַ גאָלד, — רופט די יידענע שוואַך און אונטער דער נאָז. מען הערט זי קוים. זי גראַבלט אינם קיישל מיט די פינגער, וויל גלייכלייגן די סחורות דאָרט און צעקוועטשט זיי נאָכמער.

דבורהלע קוקט זיך צו צו דער יידענע. זי איז אַזוי פאַראינ־טערעסירט צו וויסן, וואָס דאָרט איז פאַראַן אין דעם קיישל, ווי ס'וואָלט איר געגאַנגען אין גאַנצן לעבן, און איידער די דראָשקע רירט זיך, געפינט זי אויס — מאָרעלן זענען עס אַמאָל געווען.

זי קריגט רחמנות אויף דער יידענע. זי וואָלט איר עפּעס גע־געבן. כאָטש ביילקע זאָגט, אַז דערמיט האַלט מען אויף די פאַר־פוילטע אָרדענונג. און ווער איז שולדיק אין דעם אַלעם? — פאַנ־נאַ רוזשקאַ, איר מחותן! זי וואַרפט איר עפּעס צו. די דראָשקע רירט זיך. זי זעט, ווי די יידענע קריגט זיך מיט אַ בחורל, ווי יע־נער הויבט אויף איין פּיסל, גיט אַ שפּריץ דער יידענע אין פּנים אַריין מיט זיינע דיקלעכע ליפּן און האָפּקעט אַוועק.

זי וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן. — ס'טייטש! נאָר די דראָש־קע פאָרט שוין גיך.

— דבורהלע, זי זענען שוין באַלד פּטור וואַרשע!

— פּטור! — גיט דבורהלע אַ העפטיקן רוף אויס. זי פאַר־ענדיקט שטילער: — אדרבא, וואַרשע איז אַ גאַנץ ווילע שטאָט.

— וואַרשע איז די פיינסטע שטאָט אין דער וועלט, נאָך אַזאַ שטאָט ווי וואַרשע איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט, —

זאָגט פאַננאַ רוזשקאַ. — ווען מ׳זאָל מיך אָפּגילטן, וואָלט איך נישט אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע. — דבורהלע גיט זיך אַ רוק פון אָרט. — דערצו נאָך קיין אויסלאַנד, — רעדט ווייטער פריילין רוזשקע און שמייכלט נאַריש און שלעכט.

די מוטער גיט אַ הוסט און אַ לייכטן קניפּ דער טאָכטער אין אָרעם.

— מילאַ, מענטשן פאָרן דאָך איבער דער גאַנצער וועלט, — פּרוווט זי פאַרריכטן פאַננאַ רוזשקאַ און גיט צו: — ס׳שווידערט מיך אַזש, ווען כ׳דערמאָן מיך, אַז זי וועלן שוין דאָ באַלד נישט זיין.

דבורהלע ענטפערט נישט.

קאַפּיטל דרייצן

# אַביסל משפחה!

אַביסל פעטערס, מיט מומעס, מיט שוועגערינס, מיט שוואָגערס, מיט געשוועסטער־קינדער, מיט גוטע פריינט! אַלע רעדן, אַלע קושן, אַלע גיבן עפּעס מיט, אַלע שרייען, אַלע שיקן גרוסן צום חתן, צו רבקהלען, צו לייבלען, צו באַשעלען, צו יענטעלען, צו נאָטען, צו פּיווישן, צו מנחמען, צו־צו־צו —

דער צוג ריירט זיך פּאַמעלעך, ער לאָזט אַרויס די פּאַרע, טשיק! טשיק! טשיק!

די פעטערס, מיט די מומעס, מיט די שוועסטערס, מיט די שוואָגערס, מיט די שוועגערינס, מיט די שוועסטער־קינדער, מיט די גוטע פריינט, האָבן שוין נישט קיין כוח צו פאָכען מיט טיכלעך, מיט הענט, מיט פּאַטשיילעס. אַלע וואַרפן נאָך צו קושן — נאָך ווייניק געווען! אַ משונהדיקע באַנדע קוש־מאַשינען! פאַרוואָס דוצן זיי איר, פאַרוואָס דוצט זי נישט שמעונען? — זי דערשרעקט זיך אַזש פאַר דער משונהדיקער קלאָץ־קשיא אינמיטן דערינען.

זי איז שוין וואַך. זי זעט, ווי דער צוג רוקט זיך נענטער און נענטער אַהין צו אַ מענטשן, אַ פרעמדן מענטשן, אין אַ פרעמ־

דער שטאָט אַריין און אַוועק פון וואַרשע. און פּאָרט איז איר עפּעס איצט אַ סך לייכטער געוואָרן. עפּעס זעט איצט אַלץ אויס ווי אַ קינדער־שפּיל.

— דבורהלע, וועסט זיך אפשר צולייגן אַביסל? — פרעגט איר די מוטער.

זי ווערט פּלוצלינג אין כעס. אַ רגע לאָזן זיי מיך נישט רוען. הייסט עס, אַז זיי האָבן מיך גענומען אַ לעבעדיקע, ביים פולן באַוווסטזיין, און געטאָן מיט מיר, וואָס זיי האָבן געוואָלט, און איך האָב זיי געלאָזט. — אפשר — גיט איר פּלוצלינג אַ שוידער אויף, ווי ס'וואָלט איר שטאַרק קאַלט געוואָרן — אפשר איז זי גאָרנישט ביים זינען און דאָס ווערט אַלץ געטאָן אָן איר וויסן? זי הערט, זעט, פילט, נאָר האָט נישט קיין מיטל, קאָן זיך נישט העלפן. וואָס־זשע זאָל זי פּאָרט טאָן? זי זעט דאָך פּאָרט, אַז דער צוג רוקט זיך ווייטער און ווייטער. נאָך אַ פּאָר שעה און ס'וועט זיין צו־שפּעט. און איצט איז דען נישט צו־שפּעט? אַ שוידער גייט איר דורך דורכן לייב.

— אַנטשולדיקן זי, פרייליין, זי רויכערן?

— איך, ניין!

דער הער טוט אויף איר אַ פאַרוווּנדערטן קוק. זי כאַפּט זיך, אַז זי האָט געענטפערט ווי אַ נאַר.

— ביטע, זי קאָנען רויכערן!

— אַ דאַנק! — זאָגט דער הער קעגנאיבער, טוט אַ ריר ביים הוט און טוט אים אינאיינוועגס אויס. ער לייגט אים אַרויף אויף דער וואַליזע אויבן. ער פאַררויכערט, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, שפּאַרט זיך אָן אינם ווענטל, מאַכט זיך באַקוועם, לאָזט אַרויס אַ בלוילעכן רויך פון צווישן די טונקל־רויטע ליפּן. דער רויך ציט זיך, שלענגלט זיך, ווערט ווייס און פאַרשווינדט. אַ גרויער און געדיכטער פאָלגט נאָך.

— דאַרף איך פרעגן, וואוהין זי פאָרן, פרייליין?

— קיין בערלין, — ענטפערט דבורהלע, אַ פאַרכמורעטע.

פאַרוואָס קאָן ער דאָרט נישט זיצן פאַר זיך? וואָס גייט עס אים אָן, וואוהין זי פאָרט?

— איך פאָר אויך קיין בערלין, אַ שיין שטעטל. זי זענען שוין דאָרט געווען אַמאָל?

— ניין.

— אַך, אַ הערלעכע שטאָט! פיר יאָר דאָרטן געווען. די בעסטע יאָרן דאָרטן פאַרבראַכט. טאַקע דאָרטן מיין אַטעסטאַט באַקומען. זי וויסן, איך פריי מיך איינפאַך דערויף, וואָס איך פאָר אַהין. עס ווילט זיך נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויף דער שטאָט, ווו מ׳האָט פאַרבראַכט די יונגע יאָרן. זי קאָנען עס זיך נישט פאָרשטעלן — זי זענען נאָך אַליין אַזוי יונג. נאָר עס בענקט זיך נאָך דעם אָרט, ווו מ׳האָט פאַרבראַכט עטלעכע פריילעכע יאָר, נאָך קאָלעגן. זי וועלן מיר גלויבן, אַפילו נאָכן פּראָפעסאָר! כאַ־כאַ־כאַ! אַלץ ווערט אַזוי אייגן, נאָכדעם וואָס מען האָט עס פאַר־לאָזט!

דבורהלען איז לייכטער געוואָרן. עס רעדט זיך מיט אים אַזוי גוט. אַן איינפאַכער, גוטער מענטש. עס האָט זיך איר שטאַרק פאַרגלוסט אַ פרעג צו טאָן אים, ווו ער וווינט היינט.

דאָס איז אמת, וואָס ער זאָגט, בערלין, האָט זי תמיד גע־הערט זאָגן, איז אַ שיינע שטאָט. ז׳וועט אים פרעגן, וואָס האָט זי מורא? ס׳איז גוט מיט אים צו רעדן.

— דאַרף איך פרעגן, — האָט זי זיך באַנוצט מיט זיין איי־גענעם אָרט רעדן, — ווו זי וווינען היינט?

— געוויס, ביטע זייער! — האָט דער באַרעדעוודיקער שכן זיך דערפרייט. — איצט וווין איך אין כאַרקאָוו.

— איר זענט אַ רוסישער?

— אַ רוסישער. געוויס. איך פאָר נאָך אינסטרומענטן, מע־דיצינישע אינסטרומענטן, אינערגעץ באַקומט מען נישט אַזעלכע, ווי אין בערלין. די דייטשן וועלן נאָך איינגעמען די וועלט. זיי מאַכן אַזאַ פאָרטשריט אויף יעדן געביט, זיי גייען מיט אַזעלכע ריזיקע שריט פאָראויס, אַז קיינער קאָן זיי נישט נאָכפאָלגן.

— נישט אומזיסט שרייען זיי „דייטשלאַנד איבער אַלעס״, — האָט דבורהלע זיך דערמאָנט, אַז שמעון מאַכט פון זיי חוזק צוליב דעם.

— זיי וויסן, וואָס זיי קאָנען. זיי זענען מבינים אויף זיך. זיי זענען שטאָלץ אויף זיך אַליין און מיט רעכט! — האָט זיך דער דאָקטאָר באַגייסטערט מיט די דייטשן.

— אנטשולדיקן זי, נאָר איר זעט מיר אויס צו זיין שטאַרק פאַרגערמאַניזירט, — ווערט דבורהלע רויט.

— פאַרוואָס? ווער זאָגט עס? פאַרקערט, איך האָב ליב רוס־לאַנד, איך האָב ליב איר ברייטקייט, נאָר אַז מען לעבט אַ שטיקל צייט אין מערב־אייראָפּע, איז דערנאָך שווער צו פאַרטראָגן די ווילדקייט. אַגב בין איך דאָך קודם־כל אַ ייד. ביידע גייען זיי מיך קנאַפּ־וואָס אָן. מיך אינטערעסירט איין לאַנד — דאָס איז פּאַ־לעסטינע, נאָר כ'וואָלט שטאַרק חשק געהאַט, אַז פּאַלעסטינע זאָל זיין ענלעך אויף דייטשלאַנד, איידער אויף רוסלאַנד. די רוסישע ערד, יאָ; מהיכי־תיתי, נאָר נישט די רוסישע קולטור, נישט זייער גוטסקייט און נישט זייער אַכזריותדיקייט. לאָזט זיך דולדן. זיי זענען ווילד־כאַאָטיש און אומגעלומפּערט. די פּאָליטיק זייערע דער־גייט שוין צו משוגעת, און אַז זיי וועלן זיך נישט ארומזען אין צייט, וועט זיי דייטשלאַנד לערנען אַ לעקציע.

— איר זענט אַ ציוניסט, פאַרשטייט זיך?

— וואָס דען קאָן, וואָס דען זאָל זיין אַ ייד, אויב נישט קיין ציוניסט?

— איר זענט שטאַרק טאָלעראַנט, אויב איר קאָנט זען די דייטשן אין אַזאַ ליכט. איך זאָג אייך דעם אמת, איך האָב גע־הערט אַביסל מכח די דייטשן, און לויט ווי איך האָב געהערט, זענען זיי אפשר גוטע אינסטרומענטן־מאַכער, אָבער זיי זענען נאָך בעסערע אַנטיסעמיטן. און איך האָב געהערט פון זייער פּראָמי־נענטע מענטשן (שמעון איז שוין ווידער דאָ), מענטשן, וואָס קאָ־נען זיי נאָענט, באַהאַוונטע מענטשן, אַז זיי זענען די גרעסטע רעאַקציאָנערן אין דער וועלט. עס איז מיר אַ גרויסער חידוש, אייך זאָל נישט ווי טאָן די מאָטאָ זייערע: „דייטשלאַנד איבער אַלעס". אין רוסלאַנד איז די ווילדקייט גרויס, ס'איז אמת, אָבער רוסלאַנד איז דאָך אַ קראַנקע. אַ געזונטן, ווי זאָל איך מיך אויס־דריקן? — אַ געזונטן רשע איז שווערער מוחל צו זיין.

— איר זענט גערעכט, פריילײן, זייער גערעכט. פאַרשטייט זיך, אַז לויט מיין שטאַנדפּונקט דאַרף פּאַלעסטינע אפשר גאָר זיין איבער אַלעס, איבעריקנס בין איך בכלל נישט אויף אַזויפיל רעכט, אַז איך זאָל גאָר פאַרלאַנגען אַזאַ זאַך, — האָט דער דאָק־טאָר האַלב געשפּאַסט.

אין דבורהלען האָט זיך אויפגעוועקט דער פאַרשלאָפענער השק, מיט וועלכן זי פלעגט זיך צעברענען, בשעת זי פלעגט טייל־מאָל הערן שמעונען שמועסן איבער אַזעלכע ענינים, צו הערן וואָס מער און שלינגען יעדעס וואָרט, וואָס איז געווען „אַבסאָלוט חכמה".

ס'איז ממש אַ גרויל צו הערן גאָר פון אַזאַ מענטשן אַזוי רעדן. — „פּאַלעסטינע זאָל זיין ענלעך אויף דייטשלאַנד".

— לויט איך קומט אויס, אַז ווען קייזער ווילהעלם זאָל באַ־פרייען די רוסישע אונטערטאַנען פון דער רוסישער ווילדקייט און אַריינגעמען זיי אין זיינע אייזערנע, ציוויליזירטע הענט, וואָלט די ישועה געקומען אויף דער וועלט. און ווי אַזוי די וועלט וואָלט דעמאָלט אויסגעזען, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, — האָט זיך דבורהלע צעוואָרעמט. די בעקלעך האָבן באַקומען פאַרב, די אויגן האָבן זיך ביי איר צעפלאַמט, ווי זי וואָלט געהאַלטן פאַר אַ מלחמה מיטן קייזער.

— איר דאַרפט זיך נישט קאָכן, פריילין! איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז מיר איז נישט קיין חילוק, ווער עס וועט פירן די פּאָליטיק, נישט ווער עס פירט זי איצט! צי ראַספּוטין אָדער ווילהעלם. מיך אינטערעסירט בכלל די פּאָליטיק נאָר אויף אַזוי־פיל, וויפיל זי קאָן האָבן אַ שייכות מיט דער דורכפירונג פון אונ־זער אידעע. ווייטער קאָנען זיי זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט. איבע־ריקנס, איז גלייכער נישט צו באַרירן גאָר אַזעלכע פראַגן אין אַ רוסישן צוג. מחמת מיר ווייסן נישט, ווער ס'פאָרט מיט אונז, און מיר וועלן זיך דאָך סוף־כל־סוף מוזן דערווייל צוריק אומ־קערן קיין רוסלאַנד.

דבורהלען האָבן זיינע לעצטע ווערטער אַ שטאָך געטאָן.

— איך נישט, — האָט זי שטיל געזאָגט. דער דאָקטאָר האָט זיי נישט געהערט. ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט.

— וואָס פאַראַ פּירעכץ איז דאָס? דו זעסט צום ערשטן מאָל אַ מענטשן, אַ פרעמדן מענטשן, דו קענסט אים נישט און ווייסט אים נישט, לאָזטו דיך אריין מיט אים אין אַ שמועס און גאָך וועגן אַזעלכע זאַכן דערצו. פונוואַנען ווייסטו, אַז ער איז נישט קיין שפּיאָן! און בכלל ווי קומסטו עפּעס צו רעדן מיט אים? עס פּאַסט, אסור, נישט פאַר קיין לייטיש מיידל, איך פאַר־

שטיי עם גאָרנישט! — האָט איר דער מחותן אויסגעמוסרט, ווען דער דאָקטאָר האָט זיך העפלעך אַנטשולדיקט, ווי אַן אמתער איי־ראָפּעער, און איז אַריין אין רעסטאָראַן־וואַגאָן, אונטערלענען זיך ס'האַרץ.

— איך האָב מיך נישט געוואָלט אָנרופן, איך האָב פּשוט מורא געהאַט, געמיינט, ס'חיות גייט מיר אויס. מער פעלט מיר נישט, נאָר מען זאָל מיר נאָך אָנמאַכן דאָ אַ חתונה, חלילה.

דבורהלע האָט נישט געענטפערט.

שווין! דער פרעמדער ייד דאָרטן נעמט זיך שוין אויך אַ רעכט איבער מיר. אַ נייעם שבט־מוסר. צו אים וועט זי אויס־לאָזן איר גאַנץ בייז האַרץ, אַ חוצפּה! וואָס פאַראַ מחותן איז ער ווידער דאָ? מנאַ!

— פאַרוואָס ענטפערסטו נישט, דבורהלע? דער מחותן רעדט דאָך צו דיר, — האָט זיך ר' אברהם בער אָנגערופן.

קענען פאָטער איז זי ווייכער געוואָרן.

— כ'האָב נישט וואָס צו ענטפערן. אַז אַ מענטש האָט גע־רעדט צו מיר, האָב איך אים געענטפערט. איך זע אין דעם נישט קיין שום חטא.

— ס'פּאַסט אָבער נישט פאַר קיין כלה־מיידל, ווי קומסטו צו רעדן צו אַ פרעמדן מאַנספּערשוין? — האָט ר' אברהם בער אַרגומענטירט.

דבורהלע האָט אַ שמייכל געטאָן.

— זי מאַכט גאָר חוזק פון דער וועלט! — האָט זיך דער מחותן אַרומגעדרייט פאַר גרויס אויפרעגונג אַהין און צוריק איי־בערן ענגן שטיקל אָרט אין וואַגאָן.

— צוליב וואָס האָסטו עס געדאַרפט? — האָט רייזעלע אָפּ־געשפּאָרט אַ רגע פונם ביכל (מאָזעס מענדעלזאָנס ביאָגראַפיע איז איר צופעליק אַריינגעפאַלן צווישן אַביסל אַלטע ספרים, וואָס ר' אברהם בער האָט לעצטנס געקויפט).

— כ'בעט דיך, מאַמעשי, לאָז מיך רוען! וועסט שוין מיינע פּטור ווערן. דאַרפסט זיך נישט נעמען צום האַרץ! — האָט דבורהלע געענטפערט דער מוטער מיט אָפענער ביטערקייט.

— געלויבט השי"ת פאַרן חסד טאָקע, — האָט זיך רייזעלע צוריק אָפּגעקערט צום ביכל.

די מחותנתטע האָט געדרימלט. זי האָט נישט געהערט און נישט געזען, ווי איר שטייגער איז געווען. זי האָט פעסט געאָטעמט, אויף די ווייסע ליפּן איז איר געלעגן אַ גוטמוטיקער און אַ קרימלעכער שמייכל.

דבורהלע האָט אויף איר גראָד אַ קוק געטאָן און זי האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אויב דער חתן גערעט אַריין אין דער מוטער, שלאָפט ער איצט אויך מסתמא און שמייכלט אויפן וועג פון אַנטווערפּן קיין בערלין.

דער דאָקטאָר איז צוריקגעקומען פונם רעסטאָראַן זאַט און שיינענדיק. ער האָט צוריק פאַרנומען זיין אָרט און האָט קענטיק בדעה געהאַט צו פאַרפירן אַ נייעם שמועס, אַ לייכטערן... ער האָט ווידער פאַררויכערט, אַ ציגאַר דאָסמאָל. עס האָט זיך אים אפילו נישט געחלומט, אַז דער הויכער, בייכיקער ייד, מיט די צערייצטע, ברילאַנטענע אויגן־שפּילקעלעך, איז אין כעס צוליב דעם, וואָס ער האָט געכאַפּט אַ שמועס מיט דעם פריילין קעגנאיבער, דערפאַר ווייל זי איז גראָד געווען די נאָענטסטע שכנטע אין וואַגאָן. ער האָט בכלל נישט געוווסט, צי דאָס פריילין, וואָס זעט שוין ווידער אויס פאַרכמורעט, האָט עפּעס אַ שייכות מיט עמעצן דאָ.

דבורהלע האָט שטאַרק חשק געהאַט צו פאַרפירן מיט אים אַ ברייטן שמועס, קודם־כל דעם מחותן אויף להכעיס און סתם אַזוי: ס'איז גוט צו רעדן מיט אַ מענטשן, וואָס האַלט דיך פאַר אַ פולן דערוואַקסענעם און אין וועמענס קעגנוואַרט דו פאַרלירסט זיך עפּעס לגמרי נישט און קאָנסט צוליב דעם אַרויסזאָגן, וואָס דו ווילסט, און ער פאַרשטייט דיך. מוזט נישט תמיד אַראָפּשלינגען פונקט די ווערטער, וואָס האָסט זיך געגרייט אַרויסזאָגן, ווייל ס'האָט זיך תמיד געשאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט דיך געהייסן שווייגן. — זי האָט אים געענטפערט קורץ און אָפּגעהאַקט, גאָר אין האַרצן האָט עס אויף אַן אמת געטומלט. דערנאָך האָט זי זיך גאָר מישב געווען און איז אַריין אין אַן אַנדער קופּע.

ס'איז אַריינגעקומען ר' אברהם בער.

— הערסט, דבורהלע, ביזט אַ טייער קינד. האָסט מיך ממש מחיה געווען. דער מחותן האָט זיך שוין איבערגעבעטן.

— מזל־טוב! מיינסטאַלבן קאָן ער צוריק ברוגז ווערן.

— וואָס טוט זיך מיט דיר, דבורהלע? פאָרסט ב״ה חתונה האָבן מיט אַ טייערן יונגנמאַן. אַ בעל־פּרנסה ב״ה. אַן אַנדער מיידל וואָלט זיך דאָך געהאַלטן פאַר אַ מזלדיקע. בפרט אַן אַ גראָשן געלט. און דו מאַכסט עפּעס אַזאַ פּנים, ווי דער מחותן וואָלט גאָרנישט ווערט געווען, מ׳זאָל אים ענטפערן. — הערסט, ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט פאַרדיינעטווען פאַר דריי הונדערט רובל אויריינגלעך. ער וועט זיי דיר געבן אין בערלין — וואָס זאָגסטו צו דעם? דער מענטש לייגט זיך ממש אין דער לענג און אין דער ברייט.

דבורהלע האָט אַ שמייכל געטאָן.

— ער נישטשעט זיך ממש אויס, ביזט באמת אַ מזלדיקע ב״ה.

דבורהלע האָט שווער אָפּגעזיפצט.

ר׳ אברהם בער האָט מיט זיין גאַנצער קורצזיכטיקייט געזען, אַז די אויריינגלעך האָבן אויף דבורהלען אַ קנאַפּן איינדרוק געמאַכט.

— ווילסט זיך אפשר צושפּאַרן?

— יאָ, כ׳בין מיד און מאַט.

— נו, וועל איך אַריינשיקן די מאַמעשי, דאָ איז דאָך עפּעס כמעט ליידיק.

רייזעלע איז אַריינגעקומען. ביידע זענען נאָך אַ שטיקל ווײַלע איינגעשלאָפן און אויפגעכאַפּט זיך ערשט אַרום האַלב אַכט אַ זייגער אינדערפרי, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין באַנהויף אויף אַלעקסאַנדער־פּלאַץ.

מיט פאַרשלאָפענע אויגן, בלאַס און צעקנאָדערט, האָט זיך דבורהלע געפּרוווט האַלטן אויף די פיס.

זי האָט געכאַפּט אַ בליק אַרויס דורכן פענסטערל. משונה־דיק גרויס. ס׳שוויבלט און ס׳גריבלט פון מענטשן. מ׳פליט אַריין און אַרויס, נאָר מערסטן אַרויס. ווי אַ ריזיקער קעסל, וואָס ס׳קאָכן זיך אין אים לעבעדיקע מענטשן — וואָס איילן זיך אַרויס פון דאָרט און שלעפּן־מיט וואַליזן. זיי זענען צוריק אַריין אינעם ערשטן קופּע. די מחותנתטע איז שוין געווען אויף.

— גוט מאָרגן! די מחותנתטע האָט זיך כאָטש גוט אויסגע־

שלאָפן? — און צו דבורהלען: — אוי, דבורהלע, ביזטו צעקנאָ־
דערט, קוק דיך אויף טשעקאַוואָשטש אָן.
דבורהלע האָט זיך אויף טשעקאַוואָשטש אָנגעקוקט. זי האָט אויסגעקוועטשט אַ שמייכל אָנשטאָט אַן ענטפער. און צווישן זיי אַלע הויכע, געגאָלטע דייטשן, מיט ברייטע זומער־מאַנטלען, גראָבע שטעקנס און נאָך גרעבערע ציגאַרן, מיט אַזעלכע זיכערע פּנימער — אין וואַרשע זעט מען עפּעס גאָרנישט אַזעלכע ריזיקע מענטשן. זיי, דאָ, לויפן גאָרנישט. אינם גאַנצן געפּילדער, געלוי־פעריי, געשלעפּעריי, צערודערטקייט, גייען זיי, טועז זיי מיט גע־מאָסטענע טריט, מיט אויסגערעכנטקייט.
דער מחותן האָט אַראָפּגעשלעפּט די זאַכן. ר' אברהם בער האָט געהאָלפן, אַזוי צו זאָגן. די מחותנתטע שוין אויך בשלום אַראָפּגעקריגן. האָט זיך דער מחותן פאַרגינען אָפּצווווישן ווי גע־העריק ס'פּנים. און זיי שטייען שוין אין באַנהויף מיט די געפּעק צופוסנס.
— וואָלען זי איהרע זאַכען אָפּגעהאָלט?
פון דער טאַטשקע האָט זיך דער עולם אָנגעשטויסן, וואָס ער וויל. הגם געוועגדעט האָט ער זיך צום מחותן, דער פּאָרטיער, האָט ער די איבעריקע אַרום אויך נישט איגנאָרירט.
— דבורהלע, זאָג אים גיטיקסט, אַז מיר ווילן אַן אויטאָ־מאָביל, — האָט די מחותנתטע געקוקט אויפן מחותן. דבורהלע האָט געקוקט אויפן מחותן און האָט לסוף געזאָגט דעם פּאָרטיער, אַז זיי ווילן, ער זאָל באַשטעלן אַן אויטאָמאָביל, וואָס זאָל זיי צו־פירן אין „כשר־האָטעל", אויף גרענאַדיר־שטראַסע.
אַזוי גיך ווי דער פּאָרטיער האָט זיך אָריענטירט, אַז אויף גרענאַדיר־שטראַסע און נישט אין די אַלע נעמען פון האָטעלן, וואָס ער האָט געפּרווט פאַרבייטן מיט דער גרענאַדיר־שטראַסע, וויל מען האָבן, האָט ער אַ לאַדאָווע אַרויף געטאָן די געפּעק אויפן גרינעם טאַטשקעלע און האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבערן באַנהויף אין אַזאַ גאַלאָפּ, אַז די מחותנתטע האָט אים לאַנג דער־נאָך געהאַט צו געדענקען. עס האָט נישט געהאָלפן קיין נאָכ־שרייען, נישט קיין פּיסטעווען. די אָרעמע מחותנתטע האָט גע־פּראַכט און געסאָפּעט און בלי ברירה געהאַלטן זיך צוזאַמען מיט די איבעריקע.

דער פּרימאָרגן איז געווען אַ ליכטיקער. אינדרויסן אַרום באַנהויף איז געשטאַנען אַ לאַנגע ריי אויטאָמאָבילן און גע־וואַרט אויף פּאַסאַזשירן. פון דער מיט זייערער האָט זיך אַרויס־געדרייט איינער, אַ צווייטער, און אויפגענומען פּאַסאַזשירן. די ליידיקייט האָט זיך באַלד צוריק אויסגעפילט.

דער פּאָרטיער איז צו צום ערשטן בעסטן, איבערגעגעבן אים די אַדרעס, איינגערוימט אים, אַז די „לויטע" זענען „פּאָלנישע יודען". דער שאָפער האָט פאַרדרייט מיט דער נאָז. דער מחותן האָט געוואָלט ווייסן, וויפיל ס'וועט אים קאָסטן. נאָר דער שאָפער האָט שוין אַרויפגעלייגט די זאַכן און דער פּאָרטיער איז געשטאַ־נען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. האָט ער זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן.

— וואָס? צוויי מאַרק?

— יאַ, וואָל! צוויי מאַרק, אונד מאַכען זי עס שנעלער! צייט איזט געלד, פערשטאַנדען?! — האָט דער פּאָרטיער זיך גע־בייזערט.

— פאַרפאַלן! וואָס קאָן מען טאָן? אויסקרענקען זאָל ער זיי! ווער ווייס, וויפיל דער דאָ וועט זינגען! — האָט דער מחותן אַ זאָג געטאָן צו דער מחותנתטע, בשעת ער האָט זיך צוריק פאַר־קנעפּלט דאָס אויבערלעצל פון דער אונטערשטער הויזן־קעשענע, זיצנדיק שוין אין אויטאָמאָביל קעגנאיבער איר, רייזעלען און דבורהלען נעבעך...

אין בערלין האָט געקלאַפּט אַ לעבעדיקער פּולס — אַ פּולס, וואָס האָט געקלאַפּט און וויברירט מיט אַ וויטאַליטעט פון אַ גע־זונטן, קרעפטיקן, רעגולערן, מיט זיך זיכערן פאַרשוין.

הייסט עס, אַז דאָס איז בערלין! אויב אַזוי איז דאָך טאַקע גוט. אָט אַזאַ געפיל האָט זיך באַקומען, ווען מען האָט אין יענעם פרימאָרגן דערזען די שטאָט, איינגעהילט אין העלער זון.

די גאַסן זענען געווען געפּאַקט מיט מענטשן. אַרום די קאַ־פּעען אויף די ווערענדעס האָבן אַרבעטער, מענער און פרויען, גיריק און איילנדיק געוואַרט באַדינט צו ווערן, אַריינצוכאַפּן אַ גלעזל ביר אויפן וועג צו דער אַרבעט. טראַמווייען האָבן זיך, אָנגעפּאַקעוועטע, געצויגן און געמרוטשעט, געצויגן און געקלונגען אָן אַן ערך און אַ סוף. אויטאָמאָבילן זענען להכעיס דער פריער

שעה שוין געפלויגן איבער די גאסן, ווי די שדים. דייטשן און דייטשקעס האָבן געגאַדערט. דער שוווּנג איז געווען גרויס.

— ס'איז דאָך טאַקע הערלעך! — האָט דבורהלע פאַרגעסן אַז זי פאָרט חתונה האָבן. — זע נאָר, מאַמעשי, וואָס דאָ טוט זיך! — זי האָט זיך געפרייט מיט בערלין און נישט געקאָנט אַליין פאַרדייען די שמחה. זי האָט אויך פאַרגעסן, אַז באַלד וועלן אָט די מאַסן פאַרשלינגען רויכיקע פאַבריקן.

רייזעלע האָט זיך נענטער צוגעקוקט צו בערלין.

— כ'וואָלט דאָ קיין טאָג נישט געקאָנט וווינען. ס'רוישט, אַז מ'קאָן טויב ווערן.

גרענאַדיר־שטראַסע איז נישט געווען אַזוי איי־איידיק, נאָר אין פאַרגלייך מיט די געסלעך אין דער וואַרשעווער געטאָ, איז דאָרט געווען ריין און רואיק. דער האָטעל האָט געהערט צו אַ פּויליש יידן, הערר לינדער אָדער ר' חיים, ווי ס'האָבן אים גערופן די חסידישע יידן און רבנים, וואָס זענען דאָרטן על־פּי־רוב איינגעשטאַנען.

הערר לינדער האָט געהערט צופאָרן דעם אויטאָמאָביל. ער האָט זיך אַרויסגעאיילט מקבל פּנים זיין די געסט. ער האָט צעעפנט ס'טירל, געכאַפּט אַ בליק אינעווייניק און איז אַרויס מיט אַ פרייליכן „שלום־עליכם!" — אַ ברייטן, ווי ער וואָלט שוין געקענט די מענטשן אינעווייניק פון כמה יאָרן. ער האָט זיך אַ ריר געטאָן ביים קלאָרן שטערן אונטערן זיידענעם, פּירקאַנטיקן קאַפּל, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט עפּעס דערמאָנען.

ר' אברהם בער איז אַרויס דער ערשטער פון אויטאָמאָביל, נאָך אים דבורהלע. זי האָט אַרויסגעהאָלפן דער מוטער. דערנאָך איז אַרויס דער מחותן און געהאַט אַ שטיקל עסק מיט דער מחותנתטע.

— זייט מוחל, פרעגט אים, וויפיל כ'דאַרף אים נותנען, — האָט זיך דער מחותן געווענדעט צום האָטעל־אייגנטימער.

— לאָזט עס איבער מיר! איך וועל שוין מיט אים פאַרטיק ווערן! — האָט דער אייגנטימער אַ זאָג געטאָן מיט אויטאָריטעט און אַרויפגערוקט אַ גלאַנציקן מאַנזשעט, וואָס האָט זיך געפּרווט אַראָפּשאַרן. ער האָט זיך גענומען אויסטענהען מיטן שאָפער, געקוקט אויפן זייגער, געוויזן מיטן פינגער אויפן ווייזער.

דער שאָפער האָט זיך געוואָרפן, ווי אין קדחת. ער איז איבערגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט פון שפּיץ קאָפּ ביז טיף אַראָפּ אין נאַקן אַריין. געאָמפּערט זיך און לסוף אַרויסברומענדיק מיט רציחה „שמוציקער יודע'', האָט ער צוגענומען די מטבע און איז אַוועק.

— אַ חזירישער ערל! — האָט דער האָטעל־אייגנטימער געלאַכט. — מיך וויל ער אָפּנאַרן! ער מיינט, איך קום איצט פון פּוילן און כ'פאַרשטיי מיך נישט אויפן קורס. אַ קרענק קאָן איך אים געבן. נישט מער, וויפיל ס'קומט אים.

מיט די ווערטער האָט ער צעעפנט ברייט די טירן פונם רעס־טאָראַן אונטן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן דער טיר, אָנגע־וויזן די געסט, זיי זאָלן אַריינגיין. די פּאָדלאָגע האָט געגלאַנצט, די צוויי העלפטן פון דער געהאַקטער קאַפּאָטע האָבן וויברירט. ער האָט באַפוילן אַ בחורל פון אַ יאָר זיבעצן, ער זאָל אַריינ־טראָגן די וואַליזן.

— אָט אַזוי, ריר דיך!

דער מחותן האָט אים אַוועקגעפירט אויף אַ סוד. דערנאָך האָט ער, דער האָטעל־אייגנטימער, געציילט אויף אַ קורצן פינגער דעם „מחותנס מענטשן'', וואָס האָבן אויסגעזען אַזוי אינגאַנצן אָפּהענגיק פון די צוויי דיקע פאַרשווינען אין יענער זייט קאָנטאָר, אַז ס'האָט אַזש אָנגענומען אַ רחמנות אויף זיי.

נאָר אָט גייט ער שוין אַרויף די טרעפּ, דער האָטעלשטשיק. די געסט גייען אים נאָך. די טרעפּ קרעכצן אונטער דער דרייפאַכיקער משא. די מחותנתטע האַלט־אונטער.

— הפּ! האַ! הפּס! — און מ'זיצט שוין אויף אַ ווייכער אָפּ־געריבענער סאָפע מיט נאָך אָפּגעריבענערע פאָטעלן אין אַ גרוי־סער, פּירקאַנטיקער, ליכטיקער שטוב מיט דריי גרויסע, אָפענע פענסטער.

— דאָס איז די שענסטע שטוב אינם האָטעל. זעט נאָר אַ מין ליכטיקייט, אַ שטיק געזונט, ווי כ'בין אַ ייד. וואָס זאָל איך הייסן אַרויפברענגען? אָדער אפשר וואָלט איר זיך געוואָלט פרייער אַרומוואַשן?

— מיר האָבן דאָך נאָך נישט געדאַוונט, — האָט זיך ר' אברהם בער אָנגערופן.

— נײן? האָט איר טאַקע פּונקט גוט געטראָפֿן. מ׳גײט זיך טאַקע באַלד שטעלן דאַװנען.

— איר האָט דאָ אַ מנין? — האָט זיך ר׳ אברהם בער קוים געקאָנט צוגלויבן.

— בײַ מיר, — האָט הערר לינדער געזאָגט, — איז ב״ה אַלץ פֿאַראַן. דאַרף מען אַ מנין, איז אַ מנין אױך דאָ — נאָך װאָס פֿאַר אַ מנין! איר װעט באַלד זען, װער ס׳שטײט דאָ אײַן בײַ מיר. אפשר צען רבנים, קײן ע״ה, װעט איר האָבן צום מנין און מיט די אַנדערע געסט האָב איך מיך חלילה אױך נישט װאָס צו שעמען!

ר׳ אברהם בער האָט זיך געריבן אַ האַנט אין אַ האַנט.

— אײַ, רבונו של עולם, װאָס דײַנע ײדן זענען! המם! סדנא דאַרעא חד הוא. אומעטום געפֿינט מען ב״ה דײַנע ײדן! — האָט זיך ר׳ אברהם בער געפֿרײט. — אומעטום! און נאָך װאָס פֿאַרא ײדן! — איז ער נתפּעל געװאָרן פֿון די ײדן, נאָך אײדער ער האָט זײ געזען.

הײסט עס, אַז אין בערלין גײען אַפֿילו חסידישע ײדן, װי ר׳ חיים דאָ, אָנגעטאָן אָט אַזױ־אַ דײַטשיש און אין דער אמתן זענען זײ ערלעכע ײדן, יראים. ער האָט זיך דערמאָנט, װאָס ר׳ זלמן האָט געזאָגט מכח דעם חתן.

אַ דײַטשע שיקסע מיט אַ בלאָנדן קאָפּ און אַ פּאָר קלאָרע, גע־זונטע באַקן, מיט נאָך אַ געזונטערן בוזעם, װאָס האָט זיך נעבעך נישט געקאָנט קײן אָרט געפֿינען אינם ענגן סטאַניק און האָט זיך געשפּאַרט אין דער װעלט אַרײַן, האָט אַרײַנגעפֿירט די װײַבער אין אַ „באַדע־צימער״, געװיזן זײ, װי אַזױ זיך צו באַגײן מיטן אַרױס־לאָזן ס׳קאַלטע און הײסע װאַסער, איבערגעלאָזט קלאָרע האַנטי־כער, זײף, געפֿרעגט, צי זײ זענען זיכער, אַז זײ דאַרפֿן נישט איר הילף און איז, אונטערפֿײפֿנדיק, אַראָפּ די טרעפּ.

ר׳ אברהם בער און דער מחותן האָבן געגעסן אָנבײַסן צוזאַ־מען מיט די רבנים (נישט קײן צען) און די אַנדערע געסט, מיט װעמען עס איז זיך נישט געװען װאָס צו שעמען. מ׳האָט געמאַכט צוזאַמען אַ שנעפּסל, געטרונקען לחיים, באַװאָרפֿן זיך מיט ברכות, צוגעזאָגט צו זײַן אױף דער חתונה. אײנער, אַ דאַר רבל מיט

א שיטער בערדל, האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן צו זיין ר׳ אַברהם בערס עפּעס אַ שטיקל ווייטער קרוב און ס׳איז געווען ליהודים.

דבורהלע פילט זיך נאָך אַלץ לייכטער. עפּעס איז יענץ דריקנ־דיק געפיל, וואָס פון פאַר בערלין, פאַרשווונדן. זי ווייס נישט פאַר־וואָס און זי וויל נישט קלערן פאַרוואָס — אַבי ס׳איז איר אַביסל בעסער. זי קלערט גאָר, וואָסערע מענטשן עס קאָנען זיין די, וואָס וווינען אין קעגנאיבערדיקן הויז מיט די ווייסע, געפּרעסטע שטאָרן — צי זענען זיי יידן אָדער גוים און צי זענען זיי אַ גרויסע פאַ־מיליע. אַן אָפּגעוואַשענע, אַ פאַרקעמטע, אַן איבערגעטוענע, שטייט זי ביים פענסטער און צילט זיך מיט אַ בליק אונטער די עלע־גאַנטע פוירהאַנגען, ווי ס׳וואָלט איר ממש געגאַנגען אין לעבן צו וויסן אַלע איינצלהייטן, ווי דאָס וואָלט געווען דער ציל פון איר רייזע אַהער.

די שיקסע נעמט צוזאַמען דאָס געשיר. דבורהלען געפעלט דאָס. עס איז אַזוי גוט, אַז מ׳טראָגט אַלץ אונטער און אַליין איז מען אַבסאָלוט פריי. אַלץ טוט זיך אָן איר, אַזוי גלאַטיק גייט אַלץ צו. די שיקסע איז עפּעס אַ מאָדנע בריה, ווי אַ מאַשין טוט זי יעדע זאַך אָן שום קאָמפּליצירטקייטן. אַ טייערע שיקסע, — טראַכט דבורהלע.

— ווו נעמט מען איר כוח? — זאָגט די מחותנתטע צו ריי־זעלען און לאַכט.

— זעט אוים נישט צו זיין קיין שוואַכע, — איז רייזעלע מסכים און כאַפּט אַ בליק אויף דער שיקסע.

יענע באַגיסט זיך מיט רויטקייט, ווי גרוים זי איז. זי לאַכט און טראָגט אַראָפּ די זאַכן אין אַ שטרויען קיישל, וואָס איז פונקט אַזוי בלאָנד ווי זי.

— מיינע האַרמאַטן אויף איר געזאָגט געוואָרן! — זאָגט די מחותנתטע גוטמוטיק.

פאַרוואָס מ׳זעט נאָכנישט דעם חתן, האָבן אַלע איבערגע־קלערט. ער האָט געדאַרפט אָנקומען מיטן צוג פון אַנטווערפּן היינט אינדערפרי. נאָר זיי האָבן זיך געטרייסט, אַז אַנטווערפּן איז אפשר ווייטער פון בערלין ווי וואַרשע. און אַזוי ווי זיי האָבן אָפּגערעדט בריוולעך, זיי זאָלן אַרויספאָרן אין דערזעלבער צייט...
איינער, וואָס האָט נישט איבערגעקלערט, איז געווען די כלה.

א מאָדנע רואיקייט  האָט זיך אַריינגעצויגן  אינם גאַנצן וועזן אירן און מען וואָלט איר נישט געקאָנט צעשטערן דידאָזיקע רואי־קייט, ווען מ׳וואַרפט באָמבעס אויפן הויז. אזא אַבסאָלוטע רואי־קייט, אזא ליכטיקייט, האָט זי געפילט ס׳ערשטע מאָל אין איר לעבן, ווי אַ ניי־געבוירן קינד.

די מחותנים, די עלטערן, האָבן גערעדט, געקלערט, וואָס קאָן זיין די סיבה — נישט זי, דבורהלע, זי קלערט נישט, זי טראַכט נישט — וועט ער אָנקומען, וועט ער נישט קו־מען, ווי אזוי זעט ער אויס, וואָס פאַרא מענטש איז ער, וואָס פאַרא איינדרוק וועט ער אויף איר מאַכן, זי אויף אים — גאָר־נישט. ווי דער מוח וואָלט איר פּלוצלינג אויסגעליידיקט געוואָרן. זי האָט נישט געטראַכט, לגמרי נישט געטראַכט.

ס׳איז געוואָרן נאַכט. מ׳איז געגאַנגען שלאָפן. זיי האָבן גע־שיקט אַ טעלעגראַמע — וואָס איז דאָס אַלץ  איר אָנגעגאַנגען? סאַרא שייכות?

אויף צומאָרגנס, ניין אַ זייגער אינדערפרי האָט זיך ביי דער מחותנתטע אויסגעלייגט אַ סך אַ ברייטערער שמייכל ווי ס׳פּנים אירס האָט געקאָנט אויפנעמען...

— דאָס איז ער! כ׳דערקען זיין גאַנג: דאָס איז זיין גאַנג אויף די טרעפּ. — צי כ׳דערקען אים?

זי האָט אים געוואָלט אַנטקעגנלויפן, נאָר ער האָט איר איינגעשפּאַרט אַן אַרבעט. ס׳האָט זיך געעפנט די טיר. די שיקסע האָט אַריינגעפירט אַ הויכן, אויסגעפילטן בחור מיט אַ גוטמוטיקן שמייכלדיקן צופרידענעם אויסזען, מיט אַ קיילעכדיק רויט בער־דעלע, אין אַ גרויען אויבערראָק, מיט אַ רענצל אין האַנט.

דבורהלע איז ווייס געוואָרן, ווי דער טויט.

ער האָט זיך שעמעוודיק און פאַרלאָרן אַרומגעקוקט איבער דער שטוב. ער האָט דערזען די מוטער, ווי זי פּרוווט זיך הויבן פון דער סאָפע. ער האָט זיך דערפילט בעסער.

— גוט מאָרגן, מאַמע!

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו איר און איר אַ קוש געטאָן.

— וואָס מאַכסטו עפּעס, מאַמע?

— געלויבט דער אויבערשטער! — האָט די מחותנתטע גע־שיינט.

— וואָס מאַכסטו? זעסט, דאָס איז די מחותנתטע.

דער בחור האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט גיריק געזוכט מיט די אויגן. ער האָט באַטראַכט רייזעלען.

— אזא קרענקלעכע?

ער האָט איר באַגריסט, רייזעלען, נישט געוווסט, צי מעג מען איר געבן די האַנט. ער האָט באַשלאָסן, אַז מסתמא נישט.

— און איצט וועל איך דיך פאָרשטעלן פאַר דער כלה.

דבורהלע האָט זיך אָנגעשטרענגט אַ שמייכל צו טאָן.

ביים חתן איז דאָס בערדל רויטער געוואָרן. אַ העלער שמייכל האָט זיך דערויף צעלייגט. זאָגן עפּעס, איז אים נישט געלונגען, און ווען ער האָט לסוף עפּעס אַרויסגעמורמלט, האָט סיי־ווי קיי־נער נישט געהערט וואָס.

— וואָס טוט מען ווייטער? — האָט ער זיך געפרעגט און איז געפאַלן אויפן שכל: ער האָט זיך געזעצט אויף דער שטול, וואָס די מוטער האָט אים דערווייל צוגעטראָגן. ס'איז ממש גע־ווען אַ רחמנות צו קוקן אויף אים. ער האָט אַזש געשוויצט און פאָרט „נישט געפונען קיין בעסערע זאַך פון שווייגן"...

— נו, וואָס מאַכסטו עפּעס, בעריש? — האָט אים דער פאָ־טער ממש געראַטעוועט, וואָס ער האָט אים פּונקט דעמאָלט, ווען ס'האָט זיך שוין פּשוט נישט געשיקט גאָרנישט נישט צו זאָגן, אַריינגערוקט אַ פּעטע האַנט. — שוין געזען די כלה?

— וואָס מאַכסטו, טאַטע?

— נישקשה! — נו?

— גאַנץ פיין! — איז דער בחור רויטער געוואָרן נאָך פונם בערדל.

— אָה, שלום־עליכם! וואָס מאַכסטו עפּעס? — האָט ר' אברהם בער שיעור נישט צעטרייסלט דעם חתן. — מיר האָבן שוין שטאַרק איבערגעקלערט, נאָר וואָס איז דער חילוק? אבי ביזט שוין ב"ה דאָ! האָסט שוין געדאַווענט?

— יאָ! אויפן וועג נאָך.

דער פאָטער האָט אים אַ פאָרש געטאָן מיט די אויגן.

— נו, מ'עט אויך אָפּדאַווענען! — און צום ווייב — תּרצה רויזע, זע, מ'זאָל דערווייל עפּעס אַרויפטראָגן — אָנבייסן וועט מען עסן צוזאַמען! איר גייט אַראָפּ, מחותּן?

— פאַרשטייט זיך, אודאי!

צי איז עס געווען כדאי חתן־כלה זאָלן פאָרט איבערבייטן זיך מיט אַ וואָרט? נאָר ביים טיש איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז נאָכן אָנבייסן זאָלן חתן־כלה און מחותנים אַרויסלאָזן זיך צו טיצן איינקויפן קליי‏ניקייטן. ר׳ אברהם בערן האָט מען אויסגעשלאָסן. רייזעלע האָט זיך אָפּגעזאָגט, נישטאָ קיין כוח.

דער טאָג איז געווען אַ פּרעכטיקער. בערלין האָט געשיינט. די סחורות אין די שויפענסטער באַגילדעט פון דער זון האָבן שימערירט, פאַרכאַפּט דאָס אויג. אין דער שאָטנדיקער זייט האָבן זיי זיך ווייך געגאָסן אין שטילן פּראַכט, געלאָקט און צניעותדיק גערופן פאַרבייגייער. די טראָטואַרן האָבן זיך געבאָדן מיט בריליאַנטלעך. די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט פויל שפּאַצירט, האָבן אויסגעזען יום־טובדיקער ווי די פון דערפרי נעכטן. אַ טייל שרייענדיקע, אַליאַרמירנדיקע פאַרבן פון די שילדן אין די ריזן־געשעפטן האָבן צוזאַמענגעפלאָכטן אַ מין פאַרשידנאַרטיקן אָנבליק. דבורהלע האָט זיך דערמאָנט אין איר ערשטן באַזוך אויף מאַרשאַלקאָווסקע. — — —

דבורהלע גייט מיטן יונגנמאַן ביי דער זייט און שווייגט. דער יונגערמאַן אויך.

ווען ער האַלט כאָטש נישט אין איין שמייכלען, צום טייוול! אַז ער זאָל זיין איר מאַן, מכח דעם איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן. ער זעט אויס אַן אָרנטלעך מענטשל, נאָר וואָס אַרט עס איר? אַ טויטער מענטש, ער גייט טויטערהייט, שמייכלט טויטערהייט. זי האָט זיך צעשמייכלט: עסן האָט ער גראָד געגעסן, ווי אַ לעבעדיקער. פּלוצלינג גיט זיך שמעון אַ שטעל אַוועק אין זיין גאַנצער געבויגענער גרויס, אַזוי קלוג, האָט ער נאָך קיינמאָל נישט אויסגעזען. שמעון, איצט איז שוין זיכער צו־שפּעט, מ׳קאָן גאָרנישט ענדערן. איצט? פאַרוואָס נישט? ווייל מען קאָן נישט!

איבעריקנס האָט ער דאָך מיר געזאָגט, אַז כ׳האָב גאַנץ גלייך געטאָן. „מזל־טוב“ האָט ער מיר צוגעווונטשן. וואָס־זשע הערט ער מיך נישט אויף צו פּייניקן? איך קאָן נישט אַרבעטן אין קיין פּאַרטיי. איך קאָן נישט זאָגן קיין גוטע וויצן. כ׳בין אַ בהמה. כ׳האָב נישט קיין נדן. אַ מיידל אָן נדן בין איך! דאָס בין איך! אָבער פאַרוואָס האַלט ער אין איין שמייכלען? ווען ער הערט־

אויף צו שמייכלען, צו אַלדי רוחות! בערלין איז טאַקע אַ שיין שטעטל — ווי קומט עס צו וואַרשע? ער שמייכלט שוין ווידער! ער זעט אויס אַ גאַנץ קלוגער. געוויס איז ער אַ קלוגער. פאַרוואָס זאָל ער עפּעס זיין אַ נאַר?

— זי האָבן עפּעס געזאָגט? — האָט דער חתן זיך לסוף גובר געווען און איבערגעפרעגט דבורהלען, הגם ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז זי האָט גאָרנישט געזאָגט.

ער האָט געשמייכלט גוט און געוואַרט אויף אַ וואָרט. דבורה־לען איז אַזש נודנע געוואָרן ביים האַרצן. וואָס איז די שמחה אויף אים?

— דבורהלע, גיב אַ פרעג איבער נאָכאַמאָל דעם וועג צו טיצן, מיר דאַכט זיך, אַז מיר בלאָנדזשען, — האָט געזאָגט דער מחותן.

דבורהלע האָט אָפּגעשטעלט אַ הער אין אַ לויזן מאַנטל.

— קעניג־שטראַסע? געוויס! געהען זי אַמאַל רעכטס, דאַן לינקס אונד זי זינד אין קעניג־שטראַסע.

דבורהלע האָט פאַרביטן די יוצרות. זענען זיי געגאַנגען לינקס, דאַן רעכטס, דאַן ווידער לינקס, עטלעכע מאָל איבערגע־פרעגט און ענדלעך האָט זיי אָקעגנגעשריגן מיט גרויסע בולטע בוכשטאַבן ווערטהיימערס געשעפט און קעגנאיבער איז מיט מזל געווען טיץ.

די לאַנגע טישן מיט אַלערליי סחורות זעען־אויס ווי אַ פאַנ־טאַזיע, אַזאַ אַבסאָלוטע אָרדענונג איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. און די דילן זענען אַזוי ווייך, מען זינקט אין זיי פּשוט איין. און די פאַרקויפערינס זענען אַזוי פריינטלעך, אַזוי ליבנסווירדיק, צי מען קויפט יאָ, צי נישט. און די גרויס? גאַנץ וואַרשע וואָלט, דאַכט זיך, אַריין אין איין ווינקל. רבונו של עולם! צו וואָס דאַרף מען האָבן אַזויפיל סחורה? ווען פאַרקויפט מען דאָס אויס? ווו זענען דען גאָר פאַראַן אַזויפיל מענטשן דאָס אַלץ אויסצוקויפן? טיץ וואָלט, דאַכט זיך, געקאָנט באַקליידן די וועלט און ס'זאָל אים נאָך אַלץ בלייבן סחורה.

זיי זענען אַרומגעגאַנגען פון אָפּטיילונג צו אָפּטיי־לונג און די לאַנגע טישן זענען אַזויפיל און אַזוי פאַרשידן און

פּאַרט אַזוי איינפּאַרמיק, אַז מ׳ווייס לגמרי נישט, ווי וואָס הויבט זיך אָן און ווען ס׳לאָזט זיך אויס — און שוין זענען זיי!

דבורהלע האָט גראָד אַ בליק געטאָן אויף אַ פּאָר לאַנגע, ווייסע, זיידענע הענטשקעס, האָט דער חתן געקויפט די הענטשקעס און דערצו נאָך אַ בלויען שאַלעק, מיט ווייסע פּאַסן, וואָס האָט אויסגעזען ווי דער סימבאָל. און נאָך פאַר אַ צולאָג אַ שירם אויך. פאַר זיך האָט ער אויך געקויפט אַ שירם און אַ פּאָר ברוינע לעדערנע הענטשקעס. צו וואָס אַ יונגערמאַן מיט אַ בערדל, אַ קיילעכיקס און רויטס דערצו — דאַרף האָבן עלעגאַנטע, לעדערנע הענטשקעס? האָט זי שוין באמת נישט געקאָנט משיג זיין. עפּעס אַ מאָדנע שטאָט מוז דאָס זיין אַנטווערפּן.

די מחותנתטע האָט אויך געקויפט. זי איז שוין אפילו דאָ געווען אמאָל, בשעת זי האָט חתונה געמאַכט דעם עלטערן זון, וואָס איז חתנוויז אַוועק צוליבן פּריזיוו. פּאַרט האָט זי זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז דאָ זענען די פּרייזן באַשטימטע און זי האָט נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס פריילײן האָט איר מערערע מאָל פאַרזיכערט, אַז די פּרייזן זענען אָנגעצייכנט און זי קאָן זיי נישט ענדערן, פּאַרט געפּרוווט עפּעס אָפּדינגען פונם שוואַרצן טולענעם שאַלעק, אַ מתנה פאַר דער טאָכטער, פונם סערוועטל, אַ מתנה פאַר דער שנור, און עטלעכע שנירלעך קרעלן פאַר קליינוואַרג.

דאָס פריילײן האָט שוין געוואָלט ווערן אין כעס, נאָר זי איז נישט געוואָרן. זי האָט אַ קוועטש געטאָן ביי אַ קנעפּל.

אַ הויכער יונגערמאַן אין אַ שוואַרצן אויסגעשניטענעם פראַק, מיט אַ פּאָר שוואַרץ־ווייסע, געשטרייפטע הויזן, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע, גלאַט־פאַרקעמטע האָר, וואָס האָבן זיך ממש געבאָדן אין „ברילִיאַנטין״, און אַזעלכע ציין, וואָס דבורהלע האָט נאָך אין איר לעבן נישט געזען. זיי האָבן אַזש געבלענדט, ווען ער האָט מיט די ווייסע הענטשקעס אַ ריר געטאָן דעם שאַלעק, אַ שמייכל געטאָן, ווי ריינער האָניק, פאַרנייגט זיך און אַזוי איידל אַ זאָג געטאָן:

— עס טוט מיר זייער לייד, מאַדאַם! אַבער היער זינד פעסטע פּרייזען, — אַז די מחותנתטע האָט אַזש באַלד צעעפנט ס׳טייסטערל און באַצאָלט, אָן שום ווידערשטאַנד.

אהיימגעקומען איז מען מיט עלעגאנט־פּאַרפּאַקטע פּעקלעך, איינגעהילטע שירמס, און אַזוי ווייטער.

מ׳האָט זיך געזעצט עסן. דבורהלע האָט נישט געגעסן לויט דעם מחותנס מאָס.

— אז דו וועסט אזוי עסן, וועסטו אַ שיין פּנים האָבן, — האָט ער זיך אויף איר איידל געבייזערט, דער מחותן. דער פאָטער האָט מסכים געווען, אַז מ׳מוז עסן. די מחותנתטע האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מען געוווינט זיך אָפּ פון עסן, קאָן מען נישט עסן. און אַז מ׳עסט נישט, האָט מען נישט קיין כוח, האָבן אַלע, אַ חוץ דעם חתן מסכים געווען. האָט דבורהלע נישט געקוקט, וואָס זי האָט נישט געקאָנט, און געגעסן.

צומאָרגנס איז געווען די חתונה.

חתן־כלה האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג נישט געזען.

דבורהלע איז שוין ווידער אַזוי רואיק. ס׳איז איר אַזוי גוט. עס אַרט איר שוין ווידער גאָרנישט. אפילו שוין נישט, ווער ס׳וווינט קעגנאיבער.

נאָר ווען די מוטער האָט איר געהייסן פאַרנאַכט־צו אָנטאָן דאָס חופּה־קלייד, איז איר באַפאַלן אַ מאָדנע אימה. זי האָט דער־פילט די ערנסטקייט פונם מאָמענט. און ווי דאָס וואָלט איר גע־קאָנט אָפּראַטעווען, האָט זי זיך גענומען דינגען מיט דער מוטער, אַז ס׳איז נאָך צו־פרי.

— וואָס איז דאָס געיעג? איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט קיין חופּה־קלייד!

— זיי נישט קיין קינד, דבורהלע, מאַך דיך נישט לעכער־לעך, — האָט רייזעלע געזאָגט. — מסתמא, אַז מ׳הייסט דיך אָנ־טאָן, איז צייט. ווען די חתונה וואָלט געווען אינדערהיים, וואָלסטו אַ גאַנצן טאָג שוין אַרומגעגאַנגען אין ווייסן.

— אין ווייסן, אין שוואַרצן, — האָט דבורהלע אַ זאָג געטאָן.

רייזעלע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט ביי דער באַק.

דבורהלע שטייט שמונה עשרה. אין קאָפּ קריכן מאָדנע רעיונות. חנה קומט איר אויפן געדאַנק. דאָס קעצל, וואָס חנה האָט מיטגענומען מיט זיך, בשעת זיי האָבן זיך געצוויגן. יואל? ווי קומט ער אהער? און זי קאָן אים נישט אָפּשטופּן. בשום־אופן

נישט. מזל־טוב אייך, דבורהלע! זייט אַ גוט קינד, דאַוונט! — זאָגט צו איר שמעון.

פּלוצלינג דערמאָנט זי זיך, ווי אַזוי די מחותנתטע האָט אין איר יידישן דייטש דוקא געוואָלט געבן צו פאַרשטיין דער גוישער עקספּעדיענטקע, אַז זי נעמט צו טייער פאַרן שאַלעך, און דאָס מיידל זעט זי מיט די גרויסע, העלע אויפגעריסענע אויגן, ווי זי פּרוווט אין איר גוישקן דייטש געבן צו פאַרשטיין דער מחותנתטע, אַז נישט זי איז שולדיק, נאָר די, וואָס האָבן געמאַרקט די פּרייזן— זי, אַ האָר אויך נישט. פּלוצלינג צעלאַכט זי זיך אויפן קול, דבורהלע.

רייזעלע און די מחותנתטע האָבן אויפגעריסן צוויי פּאָר אויגן.

— האַ? אינמיטן אַ יום־הכפּורדיקע שמונה־עשרה? ביזט פאַרריקט, חלילה, צי וועלכע גוטע יאָר! — זי האָט געפּרוווט אויס־זען אַזוי ווייניק אין כעס ווי נאָר מעגלעך, רייזעלע. — אינמיטן דאַוונען, און בכלל, וואָס איז עס פאַראַ געלעכטער אינמיטן דע־רינען? — דבורהלע האָט פאַרשטאַנען, אַז די מוטער איז גערעכט און זי האָט זיך איינגעהאַלטן. זי האָט זיך „אויסגעריקט" און פּלוצלינג, קענען איר ווילן, קעגן שכל הישר, קעגן יעדן מאָטיוו, שטאַרקער נאָך צעלאַכט זיך ווי פריער, ספּאַזמאַטיש געלאַכט.

רייזעלע האָט זיך געביסן די צונג פון חרפּה און פאַרדרוס.

צוויי שעה שפּעטער איז אונטערן רויטן שטיקל סאַמעט אי־בער די פיר דרענגלעך אויפן הויף געשטאַנען דבורהלע, אַרומגע־רינגלט פון נחת־רוחדיקע מענטשן און זיך געוואָרפן, ווי אין פי־בער. ס'איז איר שרעקלעך קאַלט געווען.

ר' אברהם בער האָט אַליין מסדר־קידושין געווען.

אַלע האָבן אויסגעזען שרעקלעך ערנסט, אַפילו די שיקסע.

דבורהלע האָט אַ צעטומלטע געזוכט דעם ווייז־פינגער און בשום־אופן נישט געקאָנט געפינען. זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז דאָס חופּה־קלייד האָט אַרבל, וואָס מען קאָן אָפּשפּילען, אויב מ'דאַרף, און זי האָט אין איר צעטומלטקייט אַ שלעפּ געטאָן די ווייסע הענטשקע, וואָס דער חתן האָט איר געקויפט ביי טיצן און מיטגעשלעפּט דעם אַרבל. זי איז צו אַלעמענס חרפּה געבליבן שטיין מיט אַ נאַקעטן אָרעם. דאָס האָט דעם מחותן אַ ברי געטאָן

ביזן קאָפּ. אַ פלאַם־פייער האָט זיך ביי אים צעגאָסן איבערן אויס־געקנעטעטנעם פּנים. די אויגלעך האָבן זיך ביי אים אָנגעצונדן, נאָר געזאָגט האָט ער גאָרנישט. דבורהלע האָט ווי עס איז צוריק אַרויפּ־געשלעפּט די הענטשקע און איז, מיטן אַרבל אין האַנט און דעם עולם אַרום, צוריק אַריין אין שטוב.

דאָרטן זענען שוין געשטאַנען געדעקטע טישן. מ'האָט גע־טרונקען לחיים, געווינטשעוועט זיך, געקושט זיך מיט וועמען מען האָט געדאַרפט. דער מחותן האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַס פּולווער, וואָס וועט באַלד אויפריידן. דאָס שוועבעלע האָט שוין דבורהלע געהאַט אָנגעצונדן. נאָר ס'איז געווען אַזאַ פּולווער, וואָס האָט גע־ווסט ווי און ווען אויפצורייסן. ער האָט געוואַרט. נאָר אָט זיצט מען שוין אַרום די טישן. מ'עסט שוין די פיש און דער שעת־הכושר איז דאָ.

— אַזאַ פאַרשעמונג! צוליב דעם האָב איך מיך טאַקע גע־דאַרפט אויסנישטשען, כדי מיין קינד זאָל זיך האָבן פון וועמען אָפּצולערנען! צוליב דעם האָב איך געדאַרפט אויסגעריסן ווערן, כדי די כלה זאָל אָנטאָן צו דער חופּה אַ קלייד אָן אַרבל. מיין טאָכ־טער האָט זיך אַביסל אַנדערש אויפגעפירט אינם טאָג פון דער חופּה. כ'וויים אַלץ, אַלץ וויים איך, — און ער איז אַרויס מיט אַ לשון, דער מחותן. דער פּולווער האָט אויפגעריסן און ער האָט געברענט און ער האָט געבראָטן.

דער חתן האָט זיך שיעור נישט באַגראָבן. די מחותנתטע האָט זיך צעבליפּעט, דבורהלע האָט געקוקט פון איינעם צום אַנ־דערן, ווי זי וואָלט געוואָלט שטודירן פּנימער. עפּעס האָט עס אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך פונם גאַנצן עסק גאָרנישט געמאַכט. זי האָט דאַכט זיך גאָרנישט תופס געווען, וואָס דאָ טוט זיך.

ר' אברהם בער האָט נישט געזען און במילא נישט געגלויבט, אַז דבורהלע טראָגט אַ קלייד אָן אַרבל...

— איך נעם שוין צו מיין קינד, — האָט ער זיך גאָר צע־בייזערט אויפן מחותן, — און פאָר אַהיים! — איר וועט דאָס מוציא שם רע זיין אויף מיין קינד?

רייזעלע האָט געביסן די פינגער־נעגל. זי האָט זיך קוים מיט גרויסע צרות איינגעהאַלטן נישט צוצעוויינען זיך. די גרויסע, גרויע אויגן האָבן אויסגעזען אַזוי מרה־שחורהדיק, אַזאַ אימה האָט

פון זיי אַרויסגעקוקט, אַז זיי וואָלטן באמת געווען געקאָנט פאַר־שטעלן דעם סימבאָל פון טרויער.

לסוף האָבן די רבנים און בעיקר דער האָטעל־אייגנטימער קונציק צוריקגעשטעלט דעם שלום.

טרינקט מען שוין ווידער און מען ווינטשעוועט שוין ווידער. ר' אברהם בער שיינט אינגאַנצן. עפּעס אַ קלייניקייט, אַז השי״ת העלפט אויף אַזאַ שמחה! (ער האָט שוין פאַרגעסן אין דעם אינצי־דענט, ווי אין אַ בייזן חלום). מ'עסט, די רבנים דערציילן מעשיות, ר' אברהם בער הערט זיך איין, דערציילט אַליין. האָט הנאה. דער מחותן דערציילט אַנעקדאָטן פון אַנטווערפּענער דימענטן־סוחרים. דער חתן שמייכלט־אונטער מיט הסכמה. רייזעלע ביים אַנדערן עק טיש איז אַביסעלע צעוואָרעמט. די אויגן בלישטשען מיט יום־טובדיקער מרה־שחורה. די מחותנתטע שאָקלט־צו מיטן קאָפּ התלהבותדיק. זי קאָן זיך גאָרנישט גענוג אָפּחידושן, ווי קלוג דער מאַן אירער איז. זי זעט אויס ווי אַ טעלער אויסגעלאָזט שמאַלץ, נאָכנישט קיין פאַרגליווערטס. זי גלאַנצט. דבורהלע חידושט זיך, וואָס נישט זי, נאָר די שיקסע טראָגט אַריין די וועטשערע.

די האָטעל־אייגנטימערין איז אויסגעפּוצט אין פּעפּער און אין האָניק. די שיקסע טראָגט איר נאָך גרויסע פּולמיסקעס. מ'עסט, מ'טרינקט, מען וויגט זיך אויף לענדן, מ'זינגט, מען גייט אַ טענצל, מ'איז זיך משמח.

די כלה וועגט אפשר טויזנט פּוד. ס'איז איר שווער, ס'איז איר ענג — ס'איז איר שרעקלעך ענג. זי קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען, קיין עצה נישט געבן. פאַרבעט מען זי נאָך פאַר אַ צו־לאָג אויף אַ מצוה־טענצל. זי וויל עפּעס זאָגן און זאָגט נישט. זי וויל נישט טאַנצן און טאַנצט. דרייט זיך מיט אַ חברה פרעמדע יידן, האַלט אַ ברעג פון אַ רויטער קעשענע־פאַטשיילע און טאַנצט. אין קאָפּ שווינדלט, שמעון טאַנצט אַרום אינמיטן ראָד און לאַכט, מאַכט ליצנות:

— מזל־טוב אייך, דבורהלע! איר טוט גאַנץ גלייך!

זי פילט זיך שלעכט. זי פילט, אַז אויב די יידן וועלן איר נישט גלייך אָפּלאָזן, וועט זי אַוועקפאַלן. — עס וואָלט נאָכנישט געווען אַזוי שלעכט, ווען דעם האָטעל־אייגנטימערס טעכטערל, אַ גרין,

באַחנט מיידל אין „דבורהלעס יאָרן", שטייט נישט און קוקט אויף איר מיט אַזעלכע אויפגעריסענע אויגן.

די יידן האָבן איר אָפּגעלאָזט.

ווען מ'האָט אויפצומאַרגנס אָפּגעשוירן איר די האָר, האָט זי זיך נישט געוועהרט: — ס'קאָן צוריק אָנוואַקסן. נאָר אינם שייטל האָט זי זיך געפילט פּאַסקודנע. זי איז געווען טויטלעך־בלאַס, די אויגן זענען זיך פאַרקראָכן אונטערן שייטל. דאָס רינגל איז איר געזעסן אויפן פינגער פרעמד, קאַלט און איבעריק. זי האָט נישט גערעדט. זי האָט נישט רעאַגירט, געטאָן, וואָס מען האָט זי גע־הייסן.

נאָכן אָנבייסן איז אַרויפגעלאָפן דעם האָטעל־אייגנטימערס מיידל אַליין און געבראַכט דבורהלען צוויי פאַרשפּעטיקטע טע־לעגראַמען.

— ענטשולדיגען זי מיר, מאַדאַם... עע... זאָגען זי מיר, בי־טע, וואָס פיר איין טאַנץ וואַר עס, דאָס זי געסטערן מיט דען לויטען געטאַנצט האַבען?

— אַ - - - שדים־טאַנץ!

— ווי, זאַגען זי, נענט מאַן איהם?

— זי ווערדען זאָ־ווי־זאָ ניכט וויסען. דיזען טאַנץ טאַנצט מען נאָר בײַ אונז, אין פּוילן.

— אַבער זאַגען זי מיר דאָך, ביטע, ווי זאָ מאַן נענט אין. איך ווערדע וואָל־וויסען. דאָס ערשטע מאָל זעה איך זאָ איינען זאָנדערבאַרען טאַנץ, אַבער ער איזט יאַ רעכט שעהן, זאָ פאַנ־טאַסטיש שעהן.

— עס איזט איין ריטועלער טאַנץ, — האָט דבורהלע שיעור אַרויסגעוויינט די עטלעכע ווערטער.

— אַך זאָ, נון פערשטעהע איך! איינע ריטועלע צערעמאָניע, אַך ווי זאָנדערבאַר, אַבער ווירקליך שעהן!

דבורהלע האָט געקוקט אויפן מיידלס קאָפּ ברוינע האָר. זי האָט זיך דערפילט אַזוי שווער און אַזוי אַלט, אַז דאָס שלאַנקע, רירעוודיקע, גרינגע מיידל, וואָס איז געווען אפשר מיט פיר יאָר עלטער פון איר, האָט זיך איר אויסגעזען ווי אַ קינד. דאָס מיידל איז אַראָפּ אַ באַפרידיקטע.

— מאַדאַם, רופט זי מיך — מאַדאַם!

קיינער איז אין שטיבל נישט געווען און נישט געהערט און נישט געזען דעם אויסגוס פון אמתן צער, וואָס האָט באַפרייט אַביסל אַ קלעמענדיק האַרץ.

— הערסט, — הערט דבורהלע, ווי די מוטער רעדט צום פאָטער אין דער גרויסער שטוב, ווו אַ חוץ זיי איז גראָד קיינער נישט געווען, — כ'ווייס שוין איצט גענוי, צוליב וואָס ער האָט אויפגעהויבן אַ טומל נעכטן ביים סאַמע טיש אין דער אָנוועזנהייט פון פרעמדע מענטשן. אָט דאָס הייסט אַ דבר־אחר! מיר זענען גוט פאַרקראָכן, איינגעקויפט זיך אין יחוס — ס'איז נישטאָ וואָס צו רעדן!

— וואָס איז? — פרעגט דער פאָטער.

— וואָס זאָל זיין? ס'איז גאָרנישט. כ'האָב נאָר אַביסל צו־שפּעט געעפנט די אויגן און דערזען, ווען כ'האָב מיר גענומען פאַר אַ מחותן. ווייטער וואָס זאָל זיין? דו ווייסט דאָך, אַז ער האָט מיטגעפירט פאַר דריי הונדערט רובל אוירינגלעך און געזאָלט געבן זיי איר אין בערלין, כדי ס'זאָל הייסן, אַז דער חתן גיט זיי איר.

— אודאי, ס'איז מיר טאַקע אַ חידוש, וואָס ער האָט זיי איר נאָך ביז איצט נישט געגעבן. אויף ווען וואַרט ער טאַקע?

— אָט וועסטו באַלד הערן, וואָס פאַר אַ מנוול ער איז, דער מחותן אונזערער! — האָט רייזעלע ווייטער גערעדט. — ליגנדיק אויף דער סאַמקע היינט אינדערפרי אינם אַנדערן שטיבל, האָב איך נישט־ווילנדיק געהערט, ווי ער אַמפּערט זיך מיטן חתן:

— אַז איך וויל זיי איר נישט געבן, — האָט דער חתן גע־טענהט. — איר ווילט, גיט זיי איר אַליין. אָדער מען גיט נישט, איינגאַנצן נישט, אָדער, אַז מ'זאָגט־צו, האַלט מען וואָרט.

— איך האָב נאָך געהערט, ווי די מחותנתטע האָט אים גע־בעטן, ער זאָל נישט מאַכן קיין געשעפטן. און ס'קאָן זיין, אַז נאָך דעם זומער זאָל זי אַליין זען, מ'זאָל מאַכן אַ פּאָר אוירינגלעך פון עכטע שטיינער. און זי וועט אפילו נישט וויסן פון קיין פּתרון און פון קיין חלום. „דו וועסט זיי פאַרבייטן, פאַרשטייסט?” — האָט זי אים געלערנט און בעריש האָט בשום־אופן נישט געוואָלט. „אפשר וועט זי יאָ וויסן, וואָסער פּנים וועט ער האָבן?” האָט ער געטענהט.

— ווילסטו נישט, איז נישט! — האָט ער זיך אָנגערופן, דער מגושם. — וועסטו גאָרנישט קריגן. זי קאָן מיך לאָדן צום ונתנה תוקף!

— צוליב דעם האָסטו נעכטן געמאַכט אַזאַ סקאַנדאַל ביים טיש? — האָט ער אים אַ פרעג געטאָן, בעריש.

— נו, נו, האָסטו געדאַרפט הערן, וואָסער מויל ער האָט דאָס צעעפנט!

— קריגסט צוויי פּעטש, דו הערסט! שווייג, דו עזות־מחוצף פּנים! שווייג!

— ער האָט געמאַכט קולות. פאַרשטייסט, ער האָט אים אָנ־געטרעטן אויפן הינער־אויג, צוגעטראָפן אים, פאַרשטייסט? פאַר־שטייסט, ווי געמיין ער איז? לאָ די ער האָט אָפּגענאַרט, מיטגע־פירט מיט זיך שטיקלעך גלאָז און איינגערעדט, אַז ער האָט באַ־צאָלט פאַר זיי דריי הונדערט רובל, האָט ער נאָך געכאַפּט די פיש פאַר דער נעץ און אַרויפגעכאַפּט זיך אויף איר, אויף אונז, הייסט עס, אָנגעטאָן אונז חרפות ובושות ביים טיש צווישן פרעמדע מענטשן.

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט, רייזעלע.

— פאַרשטייסט, דאָ גייט נישט אין די אויריננגלעך, — האָט זי נאָך אַ לענגערער צייט שווייגן ווייטער גערעדט.

— אודאי נישט, פאַרשטייט זיך, אַז נישט — אויריננגלעך!

ר׳ אברהם בער האָט שטיל אָפּגעזיפצט. ווען ער הערט עס נישט פון רייזעלען אַליין, וואָלט ער בשום־אופן נישט געגלויבט, אַז אַזאַ זאַך איז מעגלעך. אַזאַ מענטש איז ער, זיין מחותן? עט, עפּעס איז פאָרט שווער צו גלויבן! נאָר רייזעלע אַליין דערציילט דאָך — רייזעלע אַליין! ער האָט לאַנג געשוויגן, ר׳ אברהם בער; דערנאָך האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו דער באָרד, געצופּט זי, גע־קעמט זי, געגלעט זי, געדרייט זי אַרום פינגער, און לסוף געביסן, אַזש — זי האָט נישט פּראָטעסטירט, אַ האָר נישט. זי האָט אים פאַרשטאַנען, אָדער אפשר האָט זי געטראַכט, אַז אויב זי האָט אַזאַ טייל אין זיינע פּשטלעך, איז נישט מער ווי רעכט, אַז זי זאָל אַן אָנטייל נעמען אין זיין יסורימדיקער אַנטווישונג, מיטפילן.

— פאַרשטייסט, — האָט רייזעלע נאָכאַמאָל געזאָגט, — דאָ גייט נישט אין די אויריננגלעך.

— אודאי נישט אוירינגלעך!

— ווייזט אויס, אַז פון דעם שטיבל דאָ הערט מען אַלץ, וואָס מען רעדט, — האָט זי, אַריינקומענדיק, דבורהלע, אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפֿן רויטן פּאַרטיער, וואָס האָט דאָרטן געהאָנגען אָנשטאָט א טיר צום קליינעם שטיבל.

רייזעלע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט די גרויסע, מרה־שחורהדיקע אויגן.

— מאַמעשי, מיך אַרט עס נישט — אַ האָר, זאָלסט נאָך זאָגן — איך וויל זיי סיי־ווי נישט.

רייזעלע האָט איר נאָכאַמאָל אָנגעקוקט. זי האָט געשוויגן.

די מחותנים זענען מיטגעפאָרן באַגלייטן דאָס פּאָרל קיין אַנטווערפּן, כדי צו זען זיך אינאיינוועגס מיט די „קינדער" דאָרטן.

ר' אברהם בער מיט רייזעלען האָבן זיך אַזאַ לוקסוס נישט געקאָנט פֿאַרגינען, נישט נאָר נישט מיטפאָרן, נאָר אפילו אויף הוצאות אַהיים האָט זיי קוים־קוים געקלעקט. זיי זענען דעם איי־געגעם אָוונט אָפּגעפאָרן.

רייזעלע האָט זיך שטיל געזעגנט מיט דער טאָכטער, זי האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן, געוואָלט איר עפּעס זאָגן און אַריינ־געצויגן אָנשטאָט דעם די באַקן צווישן די ציין, ביידע האָבן גע־שוויגן. מ'האָט נישט געוויינט. נישט געהאַט איינע דער אַנדערער וואָס צו זאָגן. זיי האָבן אומבּרחמנותדיק געשוויגן.

ר' אברהם בער האָט זיך געזעגנט מיט איר, מיט אַ ווייך, פּאַ־טערלעך קול. ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ אַריין. ער האָט לאַנג אַרויפגעקוקט, געזוכט דעם כביכול אַפּנים, בשעת ער האָט זיך געווונטשן, אַז ער זאָל פון איר אַ סך נחת האָבן. דבורהלע האָט אים געהערט אַ מורמל טאָן — דו ביסט דאָך „אַ כל יכול און אַ גוטער טאַטע" און ער איז אַריין אין וואַגאָן.

רייזעלע האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין בין־השמשות־דיקן, טונקעלן באַנהויף. נאָכאַמאָל שטום געזעגנט זיך מיט דער טאָכטער, וואָס איז געשטאַנען צווישן דריי פרעמדע מענטשן אין אַ פרעמדן באַנהויף און געזען ווי די עלטערן פאָרן אַוועק — אַהיים. דער לאָקאָמאָטיוו האָט לאַנג און אויסגעצויגן געפייפט, גע־רירט זיך. רייזעלע און ר' אברהם בער האָבן געקוקט דורכן פענ־

סטערל. געזען, ווי די טאָכטער פאַרשווינדט זיי, נאָך אַ מינוט, זי ווערט קלענער, קלענער, קלענער, און נישטאָ שוין, אַנטרונען.

— זאָל די מחותנתטע נישט פאַרגעסן צו לאָזן גריסן אַלע, אַלע, — האָט דבורהלעס שווינער נאָכגעשריגן אין סתם אַ וואַגאָן אַריין. און זיי זענען אַוועק אַהיים.

אויפן וועג פון בערלין קיין אַנטווערפּן האָט דער מחותן זיך פאַרמאַסטן אויפצוהויבן אַ נייעם טומל צוליב דעם, וואָס דבורה־לע האָט גראָד מיטגענומען דאָס ביכל, וואָס די מוטער האָט גע־ענדיקט, און האָט עס איצט גענומען פאַר אַ צייט־פאַרטרייב.

זי איז געוואָרן שטאַרק פאַראינטערעסירט און ס'איז איר ממש צעגאַנגען ס'האַרץ פון רחמנות לגבי דעם הויקער, נעבעך... עס טוט איר אַזוי ווי אויף דעם קריפּל, דעם אָרעמען מענדעלזאָן, וואָס מען וויל אים בשום־אופן נישט אַריינלאָזן קיין בערלין, נישט דורכן ראָזענטאַלער טויער, נישט דורך קיין אַנדער טויער. זי איז באַגייסטערט פון זיינע העלדנטאַטן בעתן אַריינקריגן זיך קיין בערלין און איז אין כעס אויף דער בערלינער פּאָליציי. זי איז אַזוי פאַרנומען, אַז זי פאַרגעסט אַזש אין זיך, נאָר דער שווער לאָזט נישט פאַרגעסן.

— אַז זי איז אַן אַפּיקורסטע, — טענהט ער, — וואָס דאַרף מען מער, זי לייענט „משה דעסערס" ביכער. זע, גיב אַ קוק, וועסטו זען! — בויגט ער אָן דעם קאָפּ און ווייזט מיטן פינגער אויפן פאָדערבלעטל. ער פאַרגעסט דערוויילן, אַז זיין ווייב איז גאָר בסך־הכל אַן אַנאַלפאַבעט.

דאָס ווייב קוקט אויפן פאָדערבלעטל, פאַרשטייט נישט, פאַר־וואָס מ'טאָר נישט לייענען דעם משה אָדעסערס ביכער, נאָר זי שאָקלט־צו מיטן קאָפּ האַלב־הסכמהדיק, האַלב־שמייכלענדיק, און ווינקט צום מאַן, ער זאָל שווייגן, נישט אויפהויבן קיין נייע מחלוקה.

— הם! טשיקאַווע, וואָסער ביכל דאָס קאָן זיין? נאָר מסתמא, אַז ער זאָגט, ווייס ער דאָך.

דער חתן זעט־אויס שטאַרק צערודערט, ער קוקט אויפן פאָ־טער מיט אַ דראָענדיק געבעט.

דער פאָטער ווערט אַנטשוויגן. דבורהלע הערט, מאַכט זיך נישט וויסנדיק, לייענט ווייטער, נאָר אין האַרץ איז אַ יאַריד.

אַריינגעקומען קיין אַנטוועראַפּן זענען זיי אין אָוונט, דער באַנ־הויף איז געווען האַלב־טונקל און אינגאַנצן ליידיק. מיטן אָנקו־מען פֿונם צוג איז דאָרט אַביסל לעבעדיקער געוואָרן, אָבער טאַקע נאָר אַביסל. די גאַסן האָבן אויך אויסגעזען וויסט, טונקל און לעער.

די אייזערנע קראַטן ביים זאָאָלאָגישן גאָרטן, די „זאָאָלאָ־זשי'', האָבן אויסגעזען ווי ביי אַן אָפּגעצוואָגענעם תּפֿיסה־טויער. אַ דראָבנע רעגנדל, גאָרנישט קיין זומערדיקס, האָט פֿאַרטערט די שייבלעך פֿונם אויטאָמאָביל.

אָפּגעשטעלט האָט זיך דער אויטאָמאָביל אין לעווריק־שטראַ־סע, אָדער „בולוואַר דע לעווריק'', ווי לצים רופֿן זי, די גאַס. דער חתן האָט בכבודו ועצמו געמוזט אָנקלאַפּן אויף דער פּראָנט־טיר און טאַקע אַ שיינע פּאָר מאָל, דערצו געבן נישקשהדיקע קלעפּ, ביז ר'האָט באַוויזן דורכצוברעכן די געוואַלטן אינעווייניק.

ענדלעך האָט אַ פֿאַרשמאָדערטע גרינגע ליכטיקייט דערציילט, אַז מ'האָט געהערט. פֿון דער אָפּענער טיר איז אַרויס אַ הויך־בוזימדיק ווייבל פֿון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, אַ הויכע, מיט אַ פּלאַטשיק, פֿלאַקסן־קאָלירט שייטל. דערנאָך אַ קליין, קיילעכדיק פּעסעלע באָרשט מיט אַ שוואַרץ הויך שיטל און אַ דערוואַקסע־נעם גרעק. נאָך זיי ביידע איז אַרויסגעקומען אַ געלער יונגערמאַן, שטאַרק ענלעך צום חתן, נאָר מיט אַ סך אַ גרעסער בערדל. און ועל כולם אַ כאַליאַסטרע קינדערלעך קיין ע''ה.

מ'האָט זיך גענומען קושן, האַלזן, קוויטשען, פֿאַרענטפֿערן זיך, פֿאַרוואָס מ'האָט נישט באַוויזן קומען אָפּוואַרטן ביי דער סטאַציע. נאָכאַמאָל קושן זיך, דער שווער האָט שיעור נישט אויס־געקושט דער שנור יעדעם ביינדעלע, און דערנאָך ערשט דערזען דעם טעות — ווען ס'האָט זיך אים אונטערגעשאַרט די טאָכטער. דערנאָך האָט דער געלער יונגערמאַן געזאָגט, אַז אייגנטלעך וואָלט מען זיך דאָך געקאָנט קושן אין שטוב, נישט דאָ, אין דער פֿינ־סטער! אַלע האָבן מסכים געווען און מ'איז אַריין אין שטוב פֿאַר־ענדיקן.

חברה קליינוואַרג האָבן געשלעפּט פּעקלעך, גרויסוואַרג —

וואַליזן, און מען איז שוין מיט מזל ביים חתנס שוועסטער (דאָס הויכע ווייבל) אין שטוב.

אין שטוב האָט זיך געפילט אַ פייכטקייט, פון ווילגאַטש און פון ברוד. אויפן טיש איז געלעגן אַ צעראַטע, וואָס איז אַמאָל געווען גאַנץ און נײַ און נישט פאַרגאָסן מיט קיין טינט. די פענסטער זענען געווען פאַרהאָנגען מיט ערטערווײַז צעריסענע און אינגאַנצן פאַרשמאָדערטע פאָרהאַנגען. די שטולן האָבן געסקריפּעט און דאָס יינגסטע קינד, אַ שיין, פעט יינגעלע פון עטלעכע חדשים, האָט זיך געריסן סכנות־נפשות, פאַרוואָס מ׳האָט אים נישט מיטאַרויסגענומען, מקבל־פּנים זיין די געסט.

— בין איך שוין, הייסט עס, אין אויסלאַנד. אַ פיינער עריקלט, נישטאָ וואָס צו רעדן!

די צוויי ווייבלעך האָבן זיך גענומען פאָרען, מאַכן טיי, דער יונגערמאַן מיטן גרעסערן בערדל האָט אַרויסגעקריגן פונם פאַטערס אַ וואַליזע אַ פלאַש בראָנפן. די מחותנתטע האָט אים אונטערגעטראָגן נאָך איינע:

— נאַ, ליפּע, זיסן בראָנפן פאַר אונז, נעם עפן. — מ׳האָט געטרונקען לחיים. דער טאַטע מיטן זון האָבן זיך געווונטשן „אי״ה אויף אַ ברית״. די ווייבלעך האָבן געווונטשן איינע דער אַנדערער אי״ה אויף אַ ברית. דבורהלע האָט עפּעס נישט געפונען קיין פּאַסיק וואָרט. די צוויי ווייבלעך האָבן זיך איבערגעקוקט, געכאַפּט אַ בליק אויפן חתן און געשמייכלט. דבורהלע האָט פון צרות אויך געשמייכלט. די סצענע האָט איר אויסגעזען מער קאָמיש נאָך ווי טראַגיש.

איינע פון די ווייבלעך האָט אָפּגעווישט די צעראַטע, מ׳האָט זיך געזעצט ביים טיש. דער יונגערמאַן מיט דעם גרעסערן בערדל האָט געשמועסט מיטן פאָטער איבער עפּעס שטאַרק־סודותדיקע, רמזימדיקע ענינים און געצופּט ס׳בערדל. געצופּט און געקוקט אויפן איינדרוק, געצופּט און געמאַכט אַ זשעסט, געצופּט און אַ טריאומפירנדיקן שמייכל געטאָן. נאָר גראָד, ווען דער יונגערמאַן האָט זיך געגרייט מאַכן נאָך איין שטיקל דעמאָנסטראַציע מיטן בערדל, האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אַרײַנגעקומען דער בעל־הבית פון שטוב. אַ ייד פון אַ יאָר פינף און פערציק,

מיט א שווארצער פיין־צוגעקעמטער באָרד, וואָס האָט זיך שוין ערטערווייז אָנגעהויבן גרויען.

דער ייד האָט מיט איין בליק באַנומען אַלץ און אַלע אין שטוב. ער האָט זיך נישט שטאַרק איבערראַשט; נישט צו־שטאַרק געפרייט זיך, נישט פאַרקערט, ער איז צו צום שווער, א זאָג געטאָן שלום־עליכם (דעם חתן האָט ער נישט דערזען). דערנאָך האָט ער א צי געטאָן מיט דער נאָז — ווי א מבין. עטלעכע מאָל פאַרצויגן מיט איר און אַוועקגעלאָזט זיך צום וויגל, וווּ ס'קינד האָט זיך נאָך אַלץ געריסן. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן וויגל, אַוועקגעמאַכט ס'קאָלדערקעלע. איבערן חדר האָט זיך פאַרשפּרייט א נישט קיין איי־איידיקער ריח.

— קום נאָר אַהער — בריה מיינע! קוק! — האָט ער געקוקט אויפן ווייב מיט שפּאָט און כעס.

ס'יינגעלע האָט דערווייל צעקאָפּעט דעם גאַנצן אינהאַלט. אַלע האָבן זיך געכאַפּט פאַר די נעזער.

פונדעסטוועגן, ווען ס'ווייב (די מיטן פלאַקסן שייטל) האָט זיך פאַרענטפערט, דערציילט, ווי פאַרנומען זי איז ביז איצט געווען און אַז עס האָט ערשט די רגע געמוזט געשען, האָט ער איר מוחל געווען און אַפילו בגניבה א קניפּ געטאָן איר אין סאַמע ווי זאָגט מען עס. מער נאָך, געהאָלפן איר אַפילו צוריקברענגען ס'וויגל אין אָרדענונג.

דערנאָך האָט מען אַביסל צעעפנט דאָס פענסטערל אויבן. צוליב אים נאָכאַמאָל געטרונקען לחיים, קעגנזייטיק זיך געווונטשן, אַז מ'זאָל דערלעבן ביזן אָפּגעווישטן קינד אינם וויגל, און פאַרביסן מיט לעקעך.

דערנאָך האָבן די מחותנים, די ווייבלעך און דער געלער יונגערמאַן גענומען דעם חתן אויף א סוד אין א דערבייאיקער שטוב אריין.

דבורהלע איז געבליבן אַליין מיטן שוואָגער און חברה קליינוואַרג.

— מ'האָט אייך כאָטש אויסגעזאָגט דעם אמת, וויפיל אייער מאַן פאַרדינט? — האָט דבורהלעס נייער שוואָגער א פרעג געטאָן ביי איר און האָט א סודותדיקן און א בייזוויליקן שמייכל געטאָן. דבורהלען האָט א קלאַפּ געטאָן אין האַרץ: — וואָס זענען

דאָס פּראַ קשיות אינמיטן דערינען? ער האָט שוין נישט געפונען קיין אַנדער וואָרט מיט וואָס אָנצוהויבן אַ שמועס? — זי האָט זיך געחידושט און ס'האָט איר פאַרדראָסן — אַ מאָדנער ייִד!

— איר דאַרפט נישט זאָרגן, ס'קאָן זיך נאָך אַלץ אויסהיילן, — האָט דער ייִד ווייטער גערעדט. — עס ווענדט זיך אין אייך אַליין.

וואָס אויסהיילן? וואָס ווענדט זיך אין איר אַליין? דעם יידנס ווערטער האָבן איר באַאומרואיקט.

— כ'זאָג עס קעגן דעם, אַז אַ פרוי האָט שכל, קאָן זי מאַכן דעם ערגסטן מאַן פאַר אַ גוטן, דעם פּוילסטן — פלייסיק. ס'ווענדט זיך אַלץ אין איר אַליין. איר פאַרשטייט דאָך שוין, וואָס כ'מיין. מ'דאַרף דאָך אייך נישט לייגן קיין פינגער אין מויל אַריין.

ניין, געוויס נישט — האָט דבורהלע געטראַכט. — זי האָט שוין איינמאָל פאַרשטאַנען. נאָר זי האָט זיך געפּרוווט אַליין טרייסטן. מען זעט דאָך, אַז ער איז אים אַ שונא, דעם מאַן אירן.

דער ייִד האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, געוואָלט זען דעם איינדרוק.

דבורהלע האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן חדר. עס איז דאָרטן געווען אַזוי אָרעם, אַזוי חושכדיק. די שיין פונם גאַז־לעמפּל האָט זיך געצויגן אַזוי נידעריק און ברודיק. די טאַפּעטן פון די ווענט פאַרפּעצט און ערטערווייז אָפּגעשיילט. די פּאָדלאָגע פייכט און טובלע. דער סופיט רויכיק־ברוין. אַ פעטע שפּין האָט זיך ביים ווינקל טיר אַ נעץ געוועבט. אַ פליג האָט זיך געראַנגלט אויף אַ פּאַסעקל געל־קלעפּיק פּאַפּיר צווישן צענדליקער טויטע חברים, געוואָלט נעבעך אַנטרינען, אויסמיידן אַזאַ גורל, און נישט גע־קאָנט. לסוף האָט זי באַצאָלט מיט אַ פיסל און אָפּגעראַטעוועט די רעשט. דבורהלען האָט פאַרקוועטשט ביים האַרץ פון אַלעם צו־זאַמען. מענטשן זאָלן אויפהענגען בית־עולמס אויף סופיטן! בררר! המם, אַביסל משפּחה! ער הייסט מיך זיין קלוג. פּלוצלינג האָט זי זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט איבער דער שטוב און נישט ווילנ־דיק אַ זאָג געטאָן סתם אַזוי פאַר זיך אַליין:

— לא לחכמים לחם! — זי האָט זיך אַרומגעקוקט, פונוואַ־נען האָט זיך צו איר עפּעס דערנומען דאָס וואָרט? דער פאָטער פלעגט עס טיילמאָל זאָגן. זי ווייסט שוין.

דער ייד, וואָס האָט זיך לגמרי נישט געהאַלטן פאַר קיין קבצן, מחמת ער גערעכנט נאָך גאַנץ גוט, אַז איידער ער האָט זיך געגט מיטן ערשטן ווייב, איז ער געווען אַ נגיד. און ווי לאַנג איז עס דען בסך הכל? און פאַר אַ חכם האָט סיי ער, סיי אַלע אין שטוב אים געהאַלטן. האָט ער זיך געפילט געטראָפן און איז איר געוואָרן אַ שונא אויפן אָרט, דבורהלען.

דבורהלע האָט זיך געשפּילט מיטן יינגעלע, וואָס האָט מחיהדיק געלאַכט, כדי אויסצומיידן דעם שוואָגער.

די באַראַטונג האָט זיך געענדיקט. ס׳איז געבליבן, אַז וויע־טשערע זאָל מען מאַכן ביי דער שוועסטער און שלאָפן זאָל דבורהלע מיט דער שוויגער ביי דער קלענערער שוועגערין און די מאַנסבילן — אין אַ האָטעל אויף לעווריק־שטראַסע.

די צוויי שוועגערינס האָבן זיך גענומען פּאָרען. ליפּע האָט זיך אַרויסגעלאָזט איינקויפן. דער בייזער שוואָגער האָט זיך נישט געמישט, און ווען מען האָט אים מכח עפּעס איבערגעפרעגט, געזוכט ביי אים אַן עצה, האָט ער להכעיס דעם שטאַרקן חשק אַרויסצוווייזן זיין אויטאָריטעט אין עצות געבן געענטפערט, אַז מען זאָל אים נישט פאַרדרייען קיין קאָפּ.

דאָס העכערע ווייבל האָט אויסגעשפּרייט אַ טישטוך מיט חוצפּהדיקע לעכער און נישט קיין איבעריק קלאָרס. דאָס האָט גורם געווען חרפּות ובושות דער מחותנתטע. זי האָט אַ ווונק געטאָן צו דער שנור, די שנור איז אַריין צו זיך אינם דערבייאיקן שטיבל און איז צוריקגעקומען מיט אַ פריש־געוואַשן, שטייף־אָנגעקראָכמאַלעט טישטוך. זי האָט עס אויסגעשפּרייט איבערן ערשטן. די טאָכטער האָט פאַרצויגן מיט די ליפּן. די שנור האָט אַ צופרידענעם שמייכל געטאָן און מען האָט זיך גענומען גרייטן צום טיש. ליפּע איז דער־וויל צוריקגעקומען מיט הערינג, ווורשט, פרישע בולקעס, ביר. דער מחותן האָט זיך געזעצט אויבנאָן. דער חתן ביי דער רעכטער האַנט, דער ברוגזער שוואָגער ביי דער לינקער — נאָך אים ליפּע און צום לעצט די ווייבער.

די קינדער זענען געזעסן צוזאַמענגעקוועטשט, ווי זויערקרויט. תחילת האָבן זיי זיך געהאַלטן רואיק. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך גענומען פילן היימישער און זיך געוואָלט אַביסל משמח זיין. האָבן זיי גענומען שלעפּן מיט נישט קיין איבעריק־ריינע הענטעלעך פונם

הערינג, פונם וווּרשט, אַנדערע גוטע זאַכן. באַטאַפּט אַ בּולקע און מישב געווען זיך, אַז מען דאַרף זי אויסבייטן אויף אַן אַנדע־רער. אויסגעשטרעקט זיך איבּערן טיש, געפּרוווט גרייכן די שטיק־לעך אָנגעשניטענעם לעקעך, געלעקט טעלערלעך, פון די נעזלעך האָט אונטערגעקאַפּעט, טאַטע־מאַמע און סתם נאָנטע מענטשן האָבן זיך געבּייזערט, געלערנט דרך ארץ:

— פע! אַ חרפּה און אַ שאַנד!

— וויש אָפּ די נאָז, בּררר!

נאָר ווּעמען האָט עס געאַרט? ווער האָט זיך גערעכנט מיט ווּעמען? הייסט עס, אַז זיי ווילן זיך האַלטן רואיקער, וועט מען זיי נישט געבּן קיין פּאַרציעס מוסר? ווען זאָגט מען זיי נישט, אַז ס'איז נישט שיין אַזוי? און ווער זאָגט זיי עס נישט? זיי ווייסן שוין פון די מעשיות, און שיין וואָלטן זיי אויסגעזען, ווען זיי מאַכן זיך דערפון. האָבּן זיי זיך טאַקע נישט געמאַכט און געטאָן דאָס זייערי־קע בּשלימות. שלעכט איז נאָר געווען דעם עלטסטן בּחור, שוין אַ מענטש פון אַ יאָר צוועלף. אַראָפּלאָזן זיך ווי „זיי" קאָן ער נישט. פאַר קיין גרויסן האַלט מען אים נאָך נישט. פאַרגעסט מען אים. קוקט ער זשעדנע אויף די גוטע זאַכן און וואַרט, בּיז מען וועט זיך אין אים דערמאָנען. נאָר אַזוי ווי די גרויסע האָבּן זיך כמעט נישט דערמאָנט און ער איז געווען קרח מכאן וקרח מכאן, האָט עס אים פאַרדראָסן און ער האָט בּאַשלאָסן, אַז אַזאַ סיטואַציע איז גוט פאַרן טייוול. און ר'האָט זיך גענומען שלעפּן פון טיש מיט אַ רעאַקציע־אימפּולס. האָבּן זיך די אַרומיקע בּיים טיש פאַר־שעמט. ס'טייטש! אַזאַ בּחור? איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. האָט ער זיי נישט געענטפערט, נאָר זיך גענומען לערנען די יאַטלעך. דעם אַ קניפּ, יענעם אַ שטורקע. ס'פּאַסט נישט צו נאַשן, האָט ער זיי דערקלערט איינמאָל פאַר אַלע מאָל! דער קליינטשיקער האָט זיך תחילת אויך בּדעה געהאַט צו בּאַטייליקן אין דער שמחה. ער האָט געשטיפּט, געלאַכט. זאָט איז ער געווען, טרוקן אויך, האָט ער געקאָפּעט מיט די פלײשיק־געפּאַלעוועטע פיסלעך און געפּרייט זיך. דערנאָך איז עס אים נמאס געוואָרן און ער האָט זיך מישב געווען און איז איינגעשלאָפן.

— אַ נישט געשעדיקט זאָלן זיי ווערן!

— חיימל, כ׳על דיר די פינגער אָפּהאַקן! זאָלסט נישט רירן, דו הערסט?

— כ׳שפּיל דאָך מיך נאָר, ווער עסט?

— שפּיל דיך נישט. לייג אַוועק דעם עפּל!

— דיך, דו הערסט, וועל איך גאָר אַוועקממיתן!

— כ׳האָב נישט וואָס צו טאָן! וואָס זאָל איך טאָן?

— האָסט נישט וואָס צו טאָן? שטופּ דיר טאַבאַק אין דער נאָז אַריין.

— יענקעלע, זיץ ווי אַ מענטש!

— כ׳זיץ דאָך ווי אַ מענטש!

— זיץ גלייך, זאָגט מען דיר! דו הערסט, צי נישט?

— פייגעלע! פע! אַ מיידל אין דיינע יאָרן! שעמען מעגסטו זיך אין דיין ווייטן האַלז אַריין! גיך וויש אָפּ די נאָז, גיך!

טיכלעך פון אַלע זייטן טראָגט מען איר אונטער, סיי די מומע, סיי דער פעטער ליפּע, סיי די באָבע, אפילו די מאַמע לויפט מיט אַ פאַרטוך, נאָר פייגעלע האָט שוין לאַנג אָפּגעווישט מיט אַ ברעג טישטוך...

— אַז נישט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, די בענקאַרטעס, — כעסט זיך דער פאָטער, שטעכט דבורהלען מיט די שוואַרצע אויגן און בייזערט זיך אויף חברה, וואָס מאַכן זיך געפּגרט אויף עטלעכע מינוט און גרייטן דערווייל צו כחות פאַר אַ נייער אַטאַקע אויפן לעקעך.

— פאַרוואָס עסן זי עפּעס גאָרנישט? ס׳שמעקט אײנען אפשר נישט דער היגער וורשט? כ׳ווייס, אַז אין וואַרשע אַרבעט מען אוים דעם בעסטן וורשט. וואַרשעווער לעבער־וווּרשט שמט דאָך אויף דער וועלט, — האָט ליפּע געפרעגט ביי דבורהלען און אָנגע־קוקט דעם חתן מיט אַ שמייכל, וואָס האָט געזאָגט: „ס׳קרענקט דיך עפּעס גוט? אָט רעד איך מיט דיין ווייב!“

דער חתן האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם בליק און האָט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן, מיט אַ נישט אַרויסגעזאָגטן „כ׳האָב דיך אין דר׳ערד“!

— פאַרוואָס? אדרבא, זייער גוטער וורשט, — האָט דבורהלע געוואָלט זיין טאָלעראַנט לגבי דעם אַנטוויקעלטער וורשט, נאָר עסן האָט זי אים פּאָרט נישט געקאָנט.

דער מחותן האָט געמאַכט איין כוסה נאָך דער אַנדערער. דער איידעם האָט פאַרגעסן אין די קינדער, געלאָזט זיי טאָן, וואָס זיי האָבן געוואָלט. ליפּע האָט דאָ געהאַט אַ טייערע געלעגנהייט אויסצונוצן ס'בערדל. ער האָט עס ביי יעדער כוסה אויפגעהויבן אין דער הויך, אויסגעצויגן דעם האַלז און נאָט אייך, טאַטע־מאַמע, זעט און האָט הנאה!

דער חתן האָט נעבעך שטאַרק חשק געהאַט צוצודערלאַנגען זיין ווייב אַ שטיקל פּאָמעראַנץ, אַביסעלע זיסן בראָנפן, אַ גלאָז סאָדע־וואַסער, רעדן מיט איר — און זאָל ער פּלאַצן, דער ברודער! נאָר ווי אַזוי איז עס גאָר מעגלעך, אַז זיי האָבן אים אוועקגעזעצט אויבנאָן? מען קאָן דאָך נישט, ס'איז דאָך אַ חרפּה, און ליפּען, ער געדענקט נאָך גאַנץ גוט, דער חתן, האָט מען דעמאָלט יאָ אוועקגעזעצט נעבן ווייב. זאָל עס אפשר זיין דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען קוזינען, און זיי נישט. ניין! זיי זענען סתם רשעים.

ענדלעך האָט מען שוין געבענטשט.

חברה קליינוואַרג האָבן ביסלעכווייז פאַרוואָרפן מיט קעפּ. מ'האָט זיי שוין לאַנג אוועקגעשלעפּט שלאָפן.

ס'איז שוין געווען נאָך צוויי אַ זייגער, דבורהלע איז געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט. ליפּע מיטן ווייב זענען שוין געווען ביי זיך אין חדר. נאָר אָט נעמט די שוויגער שוין זי אויך אַהין אריין.

דבורהלע האָט געקוקט אויפן בעט מיט זשעדנע אויגן. הלואי פאַרבעטן זיי איר שוין אויף נאַכטלעגער. דאָס בעט שטייט אַ צוגע־גלעטס, פאַרשפּרייט מיט אַ פּלושענער דעק, איבער דער דעק ליגט אַ הויך, אויפגעפּוכקעוועטע קישן, מיט אַ געהאָפטענער קאַפּע, פאַרפּוצט מיט אַ סך שפּיצן און קינסטלעך פאַרענדיקט מיט אַ רויטן מאָנאָגראַם.

אוי, ווען זי קאָן אַזוי געבן אַ שאַר אַראָפּ אַלצדינג אויף דר'ערד, אַ וואָרף אַראָפּ פון זיך די מלבושים און אַ טלוקע אריין זיך אין בעט אריין!

די מחותנתטע איז צוריק אריין אַ רגע און דבורהלע זעט, ווי ליפּע איז אַזוי פאַרנומען מיט אריינצווינגען זיין ווייבל אַ גע־קאָכטע פלוים אין מויל אריין, אַז ער זעט זי גאָרנישט.

— לאָז מיך אָפּ! — בעט זיך דאָס באָרקאָווע ווייבל און מאַכט גרימאַסן, ווי בעת מען נעמט אַ מעדיצין.

— פֿאָלג מיך! געקאָכטע פֿלוימען זענען געזונט. ניין, דו מוזט נעמען!

דאָס ווייבל קרימט זיך, פּיעשטשעט זיך, נאָר ליפּע וויל בשום אופֿן נישט נאָכלאָזן. זי מוז אויפֿעסן אַלע פֿלוימען.

— איצט, מיין ווייבל, גיי שלאָפֿן! — ער האָט איר געקושט. דערזען דבורהלען, פֿאַרשעמט זיך, און פֿאַרענטפֿערט, אַז „ער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז ס׳איז וועד דאָ אין חדר״...

געלויבט צו גאָט, ס׳ווייבל שמייכלט שוין און מאַכט שוין גרייט דאָס בעט.

— אַ משוגענער דאָס איז; אַז כ׳זאָג אים, כ׳קאָן נישט עסן, מוטשעט ער מיך — תמיד ס׳אייגענע! אַ גליק עט אים טרעפֿן, אַז כ׳על שוין אויפֿעסן די פּאָר פֿלוימען, — האָט די שוועגערין גע־בעט די בעטן און באַקלאָגט זיך פֿאַר דבורהלען מיט נחת־רוח. — זאָל זי זען, סאַראַ גוטן מאַן כ׳האָב.

דבורהלע האָט זיך שיעור נישט אַריינגעוואָרפֿן אין בעט אַריין.

די שוויגער און די שנור האָבן זיך גענומען פֿאַנאַנדערשפּילען גאָרסעטן, אויפֿשנורעווען זיי, אָפּבינדן וואַטאָווע קישעלעך פֿון אַרום די היפֿטן, פֿון די אַזוי אויך נישט צום פֿאַרזינדיקן זייט־זשע מוחלם... דבורהלע האָט געגאַפֿט פֿון בעט אַרויס: צוליב וואָס דאַרפֿן נאָך אַזעלכע ווייבער טראָגן וואַטאָווע קישעלעך? אַזעלכע קײלעכיקע ווייבער?

מ׳האָט אַריינגעדרייט דעם לאָמפּ. דבורהלע האָט זיך איינגע־טוליעט אין זיך אַליין, איינגעקאָרטשעט די פֿיסלעך און געקוקט אויף דער וואַנט פֿונם פֿרישן מחיהדיקן גלעגער אַרוים. אויף דער וואַנט האָבן די צוויי ווייבער געטאַנצט, געמאַכט משוגענע שטיק, געוואָרפֿן מיט בענדלעך. לסוף האָבן זיך שוין די שאָטנס זייערע אויך געלייגט אין בעט אַריין און שאַ, נאַכט.

דבורהלע איז איבער־מיד. זי קאָן בשום אופֿן נישט אַנטשלאָפֿן ווערן. אָפּגעריסענע געדאַנקען שפּאַרן זיך איבער ס׳געוואַלט אין מידן קאָפּ אַריין. עס העלפֿט נישט קיין ציילן. ליגט זי וואַך און הערט אַזאַ מין שמועס צווישן דער שוויגער מיט דער שנור:

— שלאָפֿסט, ביילע?

— ניין!

— פאַרוואָס עפּעס?

— כ׳ווייס? ס׳שלאָפט זיך נישט!

— ווי האַלטסטו עפּעס?

— אין פינפטן חודש!

— כ׳ווייס, כ׳מיין מיט ליפען?

— מיט ליפען, מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן! כ׳בין גוט באַגראָבן, וואָס אַרט אייך! ווו כ׳האָב אַ שונא!

— ר׳זאָגט דאָך, ר׳איז שוין גאָרנישט דער אייגענער!

— אודאי, ער מעג דאָך זאָגן! ווען האָט איר מיט אים גע־רעדט?

— ערשט אָ, אין אַלקער. כ׳האָב אים עקסטרע אַריינגע־רופן. ער האָט דאָך אונז טאַקע דער ערשטער דערציילט, אַז דו טראָגסט. זעסט שוין, אַבי דו קלאָגסט זיך, אַז ס׳עט נאָך זיין אַ קינד, וועט ער אינגאַנצן ווערן אַן אַנדערער. עסט זען!

— הלואי! דערווייל ליגט ער אָפּ גאַנצע טעג ביי לייבלען אין רעסטאָראַציע און שפּילט קאָרטן. איך אַרבעט אַ גאַנצן טאָג אין שטוב — איר זעט דאָך, ווי ביי מיר זעט אויס, אַביסל אַנדערש ווי ביי רבקהן!

— נו מילא, זי האָט דאָך, קיין עין־הרע, ברעקלעך. וואַרט, וואַרט, עסט האָבן אַ קליינס, עסטו אויך נישט זיין קיין בריה!

— אַרבעט איך דאָך גאַנצע טעג און האַלבע נעכט ביים פינסטערן שניידעריי און האָב צו טאָן מיט שטיינער, נישט קיין קליענטן. פאַרבערענט זאָלן זיי ווערן מיט אים אינאיינעם. הלואי וואָלט איך געשטאָרבן אונטער דער חופּה, מיינע שונאים! איידער אַזוי אָפּצופינסטערן, מ׳שטיינס געזאָגט.

דבורהלען האָט געגלוסט צו לאַכן און ס׳האָט איר געשווינדערט. זי האָט דערהערט אַ שטיל געוויין.

— זי זאָל נישט אַמאָל זיין אויף?

— גיי שוין גיי! יענע איז אַוועקגעפאַלן, ווי אַ שטיין! ז׳איז מיד און מאַט. הלואי וואָלט איך אַזוי געקאָנט איינשלאָפן! ס׳איז נישט גוט צו ווערן עלטער, דו הערסט?

— וואָס האָב איך דערפון, וואָס כ׳בין יונג? פאָזשיע איך עפּעס? אויף אים אַזאַ יאָר!

— קודם־כל שעלט נאָר נישט כסדר מיין קינד! — ווערט שוין די שוויגער אַביסל בייז.

— אייער קינד... און איך בין אַ הונט, איך בין נישט קאַ מאַמעס קאַ קינד?

— ווײַן נישט, וויין נישט, — ווערט שוין די שוויגער ווייכער. — דערווייל פאַרלאָזט מען דיך נאָכנישט, דער שווער שיקט דאָך, אַביסל פאַרדינסט דו אַליין צו.

— און וואָס עט זיין, אַז ס'עט זיין אַ קינד? זאָגט איר דאָך אַליין, אַז כ'ל נישט זיין קאַ בריה. ווער עט דעמאָלט פאַרדינען?

— ס'איז נאָכנישט אַזוי געפערלעך, ווי דו מאַכסט, — זוכט די שוויגער ווערטער, מיט וואָס צו פאַרגלעטן אירע אייגענע רייד. — מאָרגן, מיערטשעשעם, על איך רעדן מיטן שווער. איך על מיט אים אַליין אויך נאָכאמאָל רעדן, מיט ליפּען. און דער שווער עט אים געבן אַ חלק, עט ער אַנדערש ווערן, עסט זען! און אַז ס'עט זיין אַ קינד, עט ער אַרבעטן ווי אַ טאַטע. אַ קינד מאַכט אַלץ אַנדערש.

— הלואי! איך באַשטיי! נאָר עפּעס גלויבט זיך מיר נישט. און אַ חוץ דעם, וואָס האָבעך דערפון, וואָס ס'עט זיין, דערווייל ליג איך אָפּ גאַנצענע נעכט אַליין אין שטוב, און אַז ס'ווערט מיר שלעכט, כ'ברעך, האָב איך אפילו נישט ווער ס'זאָל מיר דערלאַנגען אַביסל קאַלט וואַסער. ער זאָל זיך דאָס אַמאָל דערמאָנען, ס'ווייב ליגט איינע אַליין אין שטוב, ווערט שיעור משוגע, ר'עט אַריינגיין, געבן אַ קוק, און אפשר טאָקע איר אויך אַמאָל מיטנעמען אין יידישן טעאַטער!

— ס'איז דאָ אַ יידיש טעאַטער?

— אודאי! זיי זענען געקומען פון לאָנדאָן. מ'זאָגט, אַז מ'ווערט שיעור צעקראָכן פון געלעכטער. ס'איז דאָ איין נאַקטיאָר זינגט ער אַזעלכע לידער, אַז מ'צעשיט זיך אַזש. ער אַליין איז אַנומלט געקומען אַהיים מיט אַ גאַנצן פּאַק אויסגעשריבענע לידער און ער האַלט אין איין אָנדולן מיר אַ קאָפּ.

— „די לאַנגע חנה ליגט אין בעט און בענקט אַזוי נאָך דעם קאַמעט". ער איז, זאָגט ער, פאַרצוקט מיט דעם נאַקטאָר. אָבער איך בין אַ הונט. די גאַל פּלאַצט, וואָס אַרט אייך.

— זעסטו, דאָס זאָל דיר זיין דיין לעצטע זאָרג! טרעאַטער!

שמאַטער! כ'האָב שוין ב"ה באַלד אָפּגעלעבט אַ וועלט, קיין ע"ה, און בין נאָך אין קיין טרעאַטער נישט געווען, פונדעסטוועגן לעב איך אויך ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

— היינטיקע צייטן איז אָבער עפּעס אַנדערש. היינטיקע צייטן פאָדערט זיך, מ'זאָל גיין מיט אַ ווייב אין אַ טעאַטער. היינטיקע ווייבלעך ווילן לעבן, נישט זיין אַזוי באַגראָבן, ווי איך בין. — זי האָט זיך ביטערער צעוויינט.

דבורהלע האָט זיך איינגעהערט, זי האָט דערפילט אַזאַ רחמנות לגבי דעם ווייבל, נעבעך, זי האָט זיך אויך פאַנאַנדערגע־וויינט. נאָר אַזוי שטיל און איינגעהאַלטן, אַז די צוויי ווייבער האָבן ווייטער גערעדט.

די יונגע האָט אָנגעקלאָגט, די אַלטע פאַרטיידיקט. לסוף זענען זיי איינגעשלאָפן. דבורהלע האָט זיך געפּרוווט אָפּגעבן אַ גענייעם דין־וחשבון פון דעם, וואָס זי האָט געהערט. נאָר די מחשבות זענען זיך צעפלויגן אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט. אַ מישמאַש, ווי אין אַ בעטלערס זאַק. זי איז איינגעשלאָפן. אויפגעשטאַנען מיט אַ קאָפּ־ווייטאָק.

— ווי איז זיך עפּעס געשלאָפן? — איז איר ליפּע אַקעגנגע־קומען מיט אַ שמייכל. דאָס ווייב האָט אים צוגעוואָרפן אַ בליק, נאָך איינעם דער שוויגער, און נאָך איינעם אַלע אַרום. זי האָט הנאה געהאַט. זאָלן זיי זען אדרבא, אַז איך בין גערעכט. זאָלן זיי זיך אַליין איבערצייגן, וואָס פאַראַ אויסוואורף דאָס איז...

דבורהלע האָט אים געענטפערט, אַז „זייער גוט". זי האָט אַ כאַפּ אויף געטאָן דעם מאַנס כמעט אַראָפּגעשלונגענעם „אין דר'ערד מיטן קאָפּ", דער שוועגערינס פאַרדראָסיקן נחת־רוח און זי האָט הנאה געהאַט.

נאָכן אָנבייסן איז זי אַרוים מיטן מאַן באַקוקן די שטאָט.

דער פרימאָרגן איז געשטאַנען אַ העלער, אַ ליכטיקער, אַן אויסגעוואַשענער פונם נעכטיקן רעגן.

דבורהלע האָט אַרויפגעקוקט דעם מאַן גלייך אין פּנים אַריין. הם! ווען ער האָט אַביסל אַ גרעסער בערדל, וואָלט מען קוים גע־קאָנט דערקענען, ווער ס'איז ווער — אַזוי ענלעך זענען זיי זיך געווען, די צוויי ברידער. זי האָט אַ טראַכט געטאָן מכח דעם, וואָס זי האָט געהערט נעכטן אויפן גלעגער. זי האָט זיך דערמאָנט אין

דעם שוואָגערס רייד נעכטן ביינאַכט. זי וואָלט געוואָלט, זיי זאָלן איר אָרן, זיי זאָלן אויף איר אָנוואַרפן אַ מורא, פאַרבייטן דעם כסדרדיקן פרעסנדיקן געפיל אויף אַ נייעם. זי האָט געוואָלט טראַכטן: וועט אָט דער יונגערמאַן דאָ ביי איר זייט אויך אַזוי טאָן — צוּוואַרפן איר אַ נאַש, דערנאָך איבערלאָזן איר גאַנצע נעכט איינע אַליין און אַוועקגיין שפּילן אין קאָרטן? נאָר זי האָט גאָר געטראַכט, אַז אין קיך ביי זיי, אין וואַרשע, מוז איצט זיין אַ וואַש־נער שמאָדער, אַז אַנטוועפן איז אַ פאַסקודנע שטאָט — פע! זי וואָלט דאָ קיין איין טאָג נישט געקאָנט וווינען.

די געסלעך זענען טויט — מען קאָן זיך לייגן שלאָפן אינמיטן גאַס, קיינער וועט נישט איבערוועקן. די הייזלעך זענען קליין. העכסטנס צוויי שטאָק. אָפּגעשייערט און ווייס שטייען זיי, ווי נאָר־וואָס אָפּגעבשרטע קעסלען. די טראָטואַרן זענען צו־ווייס — עס גייט זיך נישט באַקוועם אויף זיי. מען פילט זיך אויף זיי ווי אין אַ ניי מלבוש. די פענסטער שפּיגלען פון זויבערקייט. אויף די פאָר־האַנגען טאַנצן נאַקעטע ווייבער און מלאכימלעך מיט פליישיקע פּיסלעך — פּונקט ווי דער שוועגערינס יינגעלע. אַזעלכע פּרעכ־טיקע שטאָרן זעט מען נישט, נישט אין וואַרשע, נישט אין בערלין. זיי טרעטן איבער די גאַסן און געסלעך און אומעטום ס'אייגענע, — אַלע זענען זיי צו־ריין... אַלע אויסגעשטאָרבן, אַלע ליידיק.

נאָר אָט באַווייזן זיך אין דער ליידיקייט צוויי גרויסע, געלע האָרעפּאַשנע הינט איינגעשפּאַנט אין אַ וועגעלע מיט גרינוואַרג. אויף טיר־שוועלן באַווייזן זיך באַלעבאָסטעס, פּונקט אַזעלכע גע־טובלטע, ווי די הייזלעך. דער רויט־פּנימדיקער גרינוואַרג־סוחר צע־כליאַפּעט זיך אין אַ שמייכל, רעדט אַזוי העפלעך. די באַלעבאָס־טעס זענען אויך אַלע ווי איינע אַזוי ליבנסווירדיק, שמייכלען צו־ריק צו אים, ווי ער' וואָלט געווען זייערס גלייכן...

און באַגריסן באַגריסט מען זיך אויף אַ מאָדנעם שטייגער, איין וואָרט נאָר וואַרפט מען זיך צו:

ער: — מאַדאַם!

זי: — מאָניער!

ווי סאָלדאַטן באַגריסן זיי זיך, מיט אַזאַ באַשטימטן סאַלוט. און מען כאַפּט זיך צוריק אַריין. אַבי נאָר מען האָט איינגעקויפט.

בלייבן אַ רגע לענגער ווי ס׳איז אַבסאָלוט נויטיק, איז ווי עובר זיין אויף אַ לאו. אַ וויסטקייט. בררר!

גאַנץ גוט, וואָס דאָס פערד האָט זיך דאָ אָפּגעפּאַרעט, האַ, האַ! אַז נישט וואָלט מען דאָ איצט נישט געזען די גויע מיטן גומענעם קופּקעלע קערן מיטן בעזעם, נישט די פויגעלעך פראַווען אַ מאָל־צייט און ס׳וואָלט נאָך פּוסטער געווען.

גאַס־איין, גאַס־אויס. דער מאַן איז פּונקט אַזוי העל און גלאַנ־ציק, פּונקט אַזוי לייִדיק, פּונקט אַזוי באַלעבאַטיש־ציכטיק, ווי די געסלעך, וווּ זיי טרעטן.

— מאָניער! — זאָגט אַן עלטערער הער צום מאַן. דבורהלע הערט זיך איין. אַ וואָרט נישט. אַ מין גאַלאַגאַן, אַ מישמאַש. אָט רעדן זיי דייטש, אָט יידיש גאָר, זי וואָלט געקאָנט שווערן, אַז זיי רעדן יידיש און פּאָרט פאַרשטייט מען נישט אַ וואָרט. דער מאַן ווייזט אים מיטן פינגער, דרייט מיטן בערדל, וויל אים געבן אַן איבעריק מאָל אַ גענויע באַצייכענונג, ער זאָל וויסן דעם וועג.

דער הער שאָקלט מיטן לייִדיקן רויטן זעקעלע אונטער דער גאָמבע, נויגט זיך און פאַרקערט זיך אין אַ זייטיק געסל אַריין.

דער יונגערמאַן קלאַפּט אָן אין אַ געל־פּאָלירטער טיר מיט אַ בלאַנקנדיקן מעשענעם „קלאַפּער״. עס באַווייזט זיך אַ יידיש־האָלענדישע נאָז אויף אַ ווייבעריש פּנים.

— מאָניער!

— די שטובן אויפן צווייטן שטאָק זענען צו פאַרדינגען? — די פרוי גיט אַ קוק מיט אַ שאַרף אויג, אַ מעסט אָפּ דבורהלעס נייעם, סאַמעטענעם קאָסטיום.

— קאָן מען זיי זען? — פאַרשטייט שוין דער יונגערמאַן, אַז צום פאַרדינגען זענען זיי.

די פרוי גיט נאָך אַ קוק אויף ביידע אינאיינעם און כאַפּט זיך אויף פון שלאָף:

— יאָ, געוויס!

זי פירט זיי אַריין אין קאָרידאָר, בעט זיי צו וואַרטן אַ רגע. פאַרשווינדט אין אַ ברייטער רחבותדיקער טיר. די לעדער אין קאָ־רידאָר גלאַנצט, דער מלבושים־הענגער אויך. דאָס טישעלע מיטן בלומענטאָפּ אודאי און אודאי. דער לאָמפּ איז פאַרשלייערט מיט אַ רויטער אַבאַזשורע און אויף די ווענט הענגען שווערע בילדער

פון אַלטע מענער, מיט געלאָקטע שייטלעך אויף די קעפּ, אין ווייסע שיך און זאָקן, מיט בלויע סטאַניקעס און ווייסע דראַפּירטע מאַנ־זשעטן. וואָס זענען דאָס פאַרא מיני באַשעפעניש? און צוליב וואָס הענגט מען אויף בילדער פון הינט אויף ווענט? אויפן בלויען, לאַנגן פּאַס טעפּיך, איבערן קאָרידאָר, שפּילט זיך אַ קליין קעצל מיט אַ וואָליטשקען פויגעלע. די פּרוי קומט צוריק אַרויס:

— ביטע! — זי ווייזט זיי אָן, זיי זאָלן איר נאָכגיין אַרויף טרעפּ. אויף די טרעפּ, וואָס זענען ווייס געפאַרבט, ליגט אויך אַ טעפּיך, נאָר פון אַן אַנדער קאָליר. די מעשענע טעפּיך־האַלטער שפּיגלען. דאָס פענסטערל אין דער וואַנט ביים פּאַרענטש איז פאַרהאָנגען מיט אַ בלענדנדיקן, ווייסן מושלין. אַ יונגער רייטער אויף אַ פערד שמייכלט אַראָפּ פון דער וואַנט. אויפן ערשטן שטאָק, פון אַ טיר, קומט אַרויס אַ שוואַרץ־חנעוודיק ווייבל אין אַ טונקל־רויט קליידל מיט אַ סך בלישטשענדיקע רינגלעך אויף די שמאָלע, טונקעלע פינגער. זי גיט אַ קוים־אָנזעעוודיקן שמייכל צו דבורהלען מיטן מאַן. זי דערזעט די באַלעבאָסטע. דער שמייכל ווערט ברייטער. די באַלעבאָסטע פירט זיי ווייטער. עס הויבן זיך אָן הילצערנע, נישט קיין באַדעקטע, נאַקעטע טרעפּ. דער אונטער־שיד ווערט פּאַסקודנע, ס'ווערט קאַלעמוטנע. אָבער אינעווייניק, הגם ס'איז אויך ליידיק אַלץ און נאַקעט, זענען אָבער די חדרים הויך, ליכטיק און פריי. די טאַפּעטן אויף די ווענט זענען פון אַ ביליקערער קוואַליטעט, זענען אָבער העל און ציכטיק. דער סו־פיט איז דאָ וויניקער, אָבער אויך געקאַרבט. די פענסטער זענען גרויס, שטייען אָפן און ס'איז לופטיק.

דער פּרייז ווייזט זיך אַרויס נישט צו זיין איבערגעטריבן (לויט דער געגנט). איבעריקנס, איז ער דאָך עפּעס אַ יונגערמאַן מיט אַ נדן און ער באַשליסט צו נעמען די דירה. דבורהלע זאָגט אים, אַז ס'איז איר נישט קיין חילוק, אַזוי ווי ער וויל, זאָל ער טאָן, אַז זי ווייס אַליין נישט, וואָס אים צו זאָגן. און זי האָט נישט געזאָגט קיין ליגן.

די באַלעבאָסטע פרעגט זיי אויס, ווי אַ שלעדיוואַטעל: ווער זענען זיי, פונוואַנען קומען זיי, וואָס טוען זיי. זי פאַרזיכערט זיי, אַז נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס זיי זעען אויס צו זיין „פיינע מענטשן" און וואָס זיי האָבן נישט קיין קינדער, פאַרדינגט זי זיי אַזוי ביליק.

— בײַ מיר, אַז עס געפֿעלט מיר אַ מענטש, שפּילט בײַ מיר געלט קײן ראָלע נישט. — זי גיט זײַ שױן אַרױס אַ קבלה אױפֿן האַנט־געלט, װינטשט זײַ אָן און זײַ גײען שױן אַהײם מיט אַ דירה.

דבורהלעס מאַן איז מלא שמחה.

— אַ! סאַראַ געגנט! סאַראַ שטובן! און דער עיקר אַזױ װײַט פֿון דער משפּחה. װען „זי" װאָלט נאָר נישט געװען אַזױ מרה־שחורהדיק, אַזױ קאַלט. זי פֿרײט זיך אַפֿילו נישט מיט דער דירה. נאָר זי קוקט אױף דער שטאָט, אױף אים אַ בליק נישט. אַ מאָדנע זאַך, װאָס האָט עפּעס אַ מענטש אַזױפֿיל צו טראַכטן? אַז מען רעדט צו איר, כאַפּט זי זיך אױף פֿון שלאָף.

אפשר אַלײן געדאַרפֿט זײַן מער מענטש, נישט אַזױ שע־מעװדיק. עפּעס דערהערט זי — ענטפֿערט זי, אַז איך רעד צו איר. נאָר זי אַלײן איז נישטאָ דערבײַ. װאָס קאָן מען טאָן, כדי זי זאָל װערן אַביסעלע לעבעדיקער? װען ער שעמט זיך נישט, װאָלט ער איר געפֿרעגט, װאָס זי איז אַזױ פֿאַרטראַכט, צי ס'פֿעלט איר עפּעס, מ'זעט דאָך, אַז זי האַלט זיך נישט אַזױ צוליב שלעכט־קײט. זי װעט מיך מסתמא ליבער קריגן, צוגעװױנען זיך. מיר זע־נען דאָך נאָך אַזױ פֿרעמד — טרײסט ער זיך. ס'איז מיר נאָר נישט אָנגענעם. װײַל יענער חזיר װעט זיך פֿרײען. ער האָט, דאַכט זיך, שױן באַמערקט. מילא, כ'האָב אים אין דר'ערד!

אין לעװוריק־שטראַסע איז שױן דװקא נישט געװען טױט. די הײַזער זענען דאָ אױך קלײנע, נאָר נישט חלילה „רײן"... און מרה־שחורהדיק איז דאָ אױך נישט. ײדן אין פּלושענע, גאַליציאַ־נער קאַפּעלושן, מיט אַלערלײ בערד, לאַנגע בערד און קורצע בערדלעך, מיט רױטע, מיט שװאַרצע, מיט בלאָנדע, פֿאַרקעמטע און צעשױבערטע, געצאַצקעטע און פֿאַרלאָזטע, דרײען זיך אין די גאַסן און געסלעך אַרום און אין לעװוריק־שטראַסע, מאַכן מיט הענט, רעדן, פֿירן געשעפֿטן. ײדישע גרינװאַרג־סוחרים, אַנדערע מינים סוחרים פֿירן װעגעלעך מיט אײַנגעשפּאַנטע הינט. עפּעס זענען עס אַנדערע הינט, פֿרײלעכערע, מער סוחריש־מעסיק זע־נען זײ, און הלמאי לײקענען? זײ גיבן עפּעס צו קאָליר, אָט די ײדישע הינט... קינדער ליאַרמען דאָ נישט ערגער װי אין װאַרשע, יאָגן זיך נאָך פּרודיקע קעץ. װײַבער כאַפּן זיך נישט אַרײַן אין די הײַזער, װי זײ װאָלטן מורא געהאַט, מען זאָל זײ נישט קײן ע"ה

געבן. געוועלבלעך זענען אויך פאראן, און טאקע א שיין ביסל. דאָ דארפן מענטשן עסן, קויפן, דאָ לעבט מען נישט פון קיין געטובל־טע טראַטוארן. יידישע ווייבער דינגען זיך מיט יידישע סוחרים, רוימען נישט איין קיין סודות, שמייכלען נישט. די געוועלבלעך זענען קליין, נישט איבעריק ריין. כשרס, אַפּגעריבענע און גאַנצע, ברודיקע און קלאָרע, גרויסע און קלענערע, שרייען אראָפּ פון יע־דער ברודיקער וויטרינע. הכלל, דאָ איז פריילעך. אָבער צו וואר־שע קומט עס נאָך אַלץ נישט.

אהיימגעקומען, דערציילט מכח דער דירה, האָט די שוועגע־רין פארדרייט מיט דער נאָז. די שוועסטער האָט נישט פארשטאַ־נען, צוליב וואָס מ׳דארף זיך פארציען אזש אינם גוישקן געגנט אריין, ווו מ׳זעט קיין ייד נישט פאר די אויגן. דער שוואָגער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געמישט און דער ברודער מיטן גרעסערן בערדל האָט זיך ברוגזדיק געוויצלט:

— וואָס דען! צווישן יידלאַקעס וועט ער וווינען? אזוי ווי מיר, קבצנים! נישקשה, די גבירים ווייסן, וואָס זיי ווילן! — האָט ער אָפּגעחוזקט.

— צו וואָס האָסטו זיך טאקע געדארפט פארשלעפּן, מיינע שונאים, אזש צווישן גוים, פארציען זיך! קארג וווינונגען פאראַן דאָ אָ, דערנעבן? — האָט די מוטער אויך נישט מסכים געווען.

— כ׳וויים? א שיינע דירה, כ׳בין פונקט פארבייגעגאַנגען, נישט טייער, האָב איך זי גענומען.

— שוין געגעבן האַנט־געלט? יאָ? מילא, איז דאָך שוין פארפאַלן. זאָל שוין זיין אזוי צו מזל.

— אז ס׳ציט אים צווישן די גוים! א שורש נשמה אזעלכע, פארשטייסט? — האָט דער פאָטער געזאָגט צו ליפען. ליפע האָט פארריסן דאָס בערדל און געקוואָלן.

— אז מיר וועלן ווערן איידעלע מענטשן, וועלן מיר אויך נישט וווינען אין קיין יידישע גאַסן! — האָט ער הנאה געהאַט, ליפע.

עס זענען ווי עס איז פארבייגעגאַנגען אָדער פארבייגעשלעפּט זיך די עטלעכע טעג פון די שבע־ברכות. די לעצטע שבע־ברכות אויך שוין אריבערגעקומען. שווער און שוויגער זענען שוין גרייט אין וועג אריין. די וואליזעס ליגן שוין אויף דר׳ערד, פארשנורע־

וועטע מיט לעדערנע פּאַסקעס, פּאַרפּאַקטע. נאָך דעם נדן, וואָס דער שווער האָט געדאַרפט געבן אין אַנטווערפּן, זעט מען נישט.

דבורהלע הערט, ווי דער מאַן רעדט צום פּאָטער אין ליפּעס שטיבל. עס איז דאָרט קיינער נישטאָ, אַ חוץ זייביידע. זי הערט, ווי דער שווער בייזערט זיך:

— יאָג מיך נישט אַרום! כ׳וועל דיר נישט אַנטלויפן! דאָס, וואָס איך האָב ביי דיר גענומען, וועל איך דיר שטענדיק אָפּגעבן! דו דאַרפסט זיך ציען? נו, טאָ וואָס בין איך דיר שולדיק, זאָלסט מיר לעבן? ליפּען פּאַסט צו ווינען אינאיינעם מיט רבקהן און דו מוזט זיך פאַרשלעפּן אינם רייכן געגנט? ווו מ׳שינדט די הויט! מסתמא קאָנסטו דיר דאָך פאַרגינען, אַז נישט, וואָלסטו דיך דאָך נישט אונטערגענומען!

— אָבער, טאַטע! כ׳האָב דאָך דיר שוין צען מאָל געזאָגט, אַז די דירה קאָסט מיך נישט טייערער כמעט ווי ליפּעס. רבקה רעכנט אים גענוג טייער.

דער פּאָטער איז אין כעס געוואָרן. דער זון אויך.

— מיינסט, ס׳איז אַ מצוה צו ווינען אינם פּאַרדאָסטן לאָך, צי ס׳קאָסט טייערער, צי ביליקער?

— וואָס־זשע, ס׳פּאַסט דיר נישט? דיין ווייב איז אַ רייכערע טאָכטער פון ביילען? איר טאַטע איז אַ גרעסערער מיליאָנער?

— להבדיל! — האָט דער יונגערמאַן אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל.

דער פּאָטער האָט זיך אָנגעצונדן. די אויגלעך האָבן זיך אָנגעפילט מיט בלוט. אַ געדיכטע רויטע נעץ האָט זיך פאַרצויגן אויף די ווייסלעך.

— וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט אויף מיין ברודערס טאָכטער? להבדיל! פון איין יידישער טאָכטער און...

— שוין, אַבי ביזט שוין, גאָט זיי דאַנק, צוריק געוואָרן גוטע פריינט מיטן ברודער!

— דו, שייגאָץ! קריגסט צוויי פּעטש! דו פּושע עוכר ישראל!

— האָט דער פּאָטער זיך איצט גענומען איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַפרייען פונם קוועטשעדיקן חשק אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם פּאַק אָנגעזאַמלטן צאָרן און פאַרפירן עפּעס אַ רעכטע, בכבודיקע מחלוקה. נאָך צום שלימזל קומען אריין עטלעכע שכנים זיך געזעג־

גענעץ און דער כעס איז שוין עפּעס נישט דאָס, ס׳פּעלט שוין פעפער. ער זעט בחוש, אַז ער וועט שוין מוזן מיטאַהיימפירן די מחלוקה קיין וואַרשע, איבערעדן זיך מיט „זיי״. ווען זי מישט זיך כאָטש נישט אומעטום אַריין, די רודף־שלומניצע, — גייט ער איבער מיטן כעס צום ווייב,—נאָך ווייסעך וואָס, ס׳איז עפּעס נישט דאָס. און ער זאָגט גאָרנישט. ער דרייט זיך נאָר אַרום איבער דער פאַרפישטער פּאָדלאָגע און ברומט־אונטער און וואַרט, אַז די שעה פון אָפּפאָרן זאָל זיך דערנענטערן.

נאָר ווען ער האַלט שוין ביים אָפּפאָרן, ס׳שטייט שוין אַן אויטאָמאָביל און וואַרט, שלעפּט ער פּאָרט אַרויס דעם גרויסן לעדערנעם טייסטער, וואָס איז נאָך איצט אפילו אָנגעפּיקעוועט מיט פּאַפּיר־געלט. ליפּע ווישט זיך די סלינע. דאָס חיות גייט אים שיעור נישט אויס, בעת ער קוקט אויף די „קנאַקערס״. ער נעמט אַרויס דריי הונדערט פראַנק, שטופּט זיי אין גרויס איילעניש אַריין דבורהלען אין האַנט אַריין:

— זע, זאָלסט זיי נישט פאַרטאַכלעווען! דאַרפסט זען איינ־קויפן מעבל דערפאַר און האָבן אויף עטלעכע וואָכן צום לעבן. כ׳האָב מיך אויסגענישטשעט מיט דער חתונה און כ׳וועל נישט קאָנען אַזוי גיך שיקן. נו, זיי געזונט און גאָט זאָל ענק העלפן, איר זאָלט נישט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם.

די שוויגער צעקושט זיך מיט איר. זי ווינטשעוועט איר און וויינט־אויס, וואָס ס׳איז איר פאַרבליבן פון די „קינדער״. די טאָכ־טער קאָן נישט מיטגיין צו דער באַן. זי קאָן נישט איבערלאָזן די קינדער. דער שנור „נודזשעט״ גראָד, בלייבט שוין דבורהלע אויך און ס׳גייען־מיט נאָר די מאַנסבילן.

— וואָס באַפעלסטו צו דער מאַמעשי? — פרעגט די שוויגער, זיצנדיק שוין אין אויטאָמאָביל.

— גאָרנישט, — ענטפערט דבורהלע און צעכליפּעט זיך, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד.

— שוין! הויבסט שוין אָן! וואָס וועט נאָך זיין שפּעטער?

— לאַכט די שוויגער און זאָגט איר, אַז עס פּאַסט פאַר אַ קינד, נישט פאַר קיין „פּאַרהייראַטע פרוי״, אַזוי זיך צוצעוויינען.

אַ געווינטשעריי נאָכאַמאָל פון די ווייבער, אַ נאָכשרייען, אַ נאָכקוויטשען, קליינוואַרג העלפּט אונטער אין כאָר, מאַכט באַ־

שטעלונגען, וואָס מען זאָל זיי מיטברענגען, ווען זיידע־באָבע וועלן קומען נאָכאַמאָל. און דער אויטאָמאָביל דרייט זיך שוין אַרויס פונם שמאָלן געסל.

דבורהלע קאָן גאָרנישט צוריקהאַלטן דעם אויפגוס. נאָך יע־דעם מאָל אַוועקוויישן קומט אַ פרישער, אַ גרעסערער נאָך. אַ חרפּה און אַ שאַנד, אַ פאַרהייראַטע פרוי. זי לאָזט־אויס דעם כעס צו די גייע פּאַפּירלעך אין האַנט. זי קנייטשט זיי קראַמפּהאַפטיק. זי האָט עפּעס אַ מאָדנע הנאה דערפון. זי ווייס נישט, וויפיל זיי באַטרעפן. זי פילט אָבער, אַז זיי קאָנען אַ מענטשן אַ טובה טאָן, העלפן אַוועק פונדאַנען, למשל. זי טראַכט שוין אפילו דערפון, הגם אַ רגע פריער האָט איר אפילו אין חלום נישט געקאָנט איינפאַלן אַזאַ משונהדיקע מחשבה.

— דבורהלע, זי וועלן נאָך צערייסן דאָס געלט! — זאָגט די שוועגערין און קוקט איר זשעדנע אויף דער האַנט.

זי לייגט זיי אַוועק אינם האַנט־בייטל. זי זעט, ווי די שוועגערין קוקט קעציש און נייגעריק, בעת זי לייגט זיי דאָרטן אַריין — און אַנ־טוישט. זי ווייס נאָך אַלץ נישט, וויפיל עס זענען דאָרטן פאַראַן: דריי צי צען. זי וויל שוין אַ פרעג טאָן ביי דבורהלען. זי האָט שוין אַפילו אָפן די פּאַסיקע ווערטער, נאָר עס קומט אַריין דער מאַן דבורהלעס.

— טו זיך אָן, וועלן מיר אַרויסגיין אַביסל, — זאָגט ער צו דבורהלען און קוקט אויף דער שוועגערין. די שוועגערין גייט אַריין צו זיך אין טשיבל. „ליפּע האָט זיך נישט געאיילט צוריקצוקו־מען'', „אַז זי האָט מזל און איך בין באַגראָבן''. זי נעמט איין אַ פּיל.

ס'שיינט שוין ווידער די זון.

— דבורהלע, אַלץ וועט זיין רעכט. כ'האָב גערעדט מיטן טאַטן. ער זאָגט, אַז ער וועט אָפּשיקן, אַז ער האָט נישט ביי זיך. ס'האָט אים פשוט אויסגעפּעלט געלט. איך קאָן גאָרנישט העלפן. מיט ביזן וועט ערגער זיין. איך גלייב, ער וועט צושיקן. ליפּען האָט ער אויך אַלצדינג געגעבן ערשט נאָך דער חתונה.

דבורהלע ענטפערט נישט. ס'איז איר אַ קנאַפּער חילוק. ווען זי קאָן זיך אויסבאָרגן פון דעם, וואָס זי האָט, און אַוועקפאָרן — אַהיים? פאַרוואָס נישט? טויזנט נדנס וואָלט זי דאָך שוין אַוועקגע־

געבן איצט, צו קאָנען אַהיימפאָרן. פאַרוואָס־זשע איז זי געווען אַזוי משוגע? פאַרוואָס־זשע האָט זי נישט געוווּסט, אַז אין־דערהיים איז מען קודם כּל נישט עלנט און עס פילט זיך נישט אַזאַ פּוסטקייט. ס׳איז דאָך דאָרטן אַ פאַרגעניגן צו לײַדן. וואָס־זשע טוט מען איצט? אָט איז זי געבליבן איינע אַליין מיט אַ פרעמדן יונגנמאַן, וועמען זי קאָן נישט פאַרטראָגן. פאַרוואָס? זי ווייס נישט. אין אַ פרעמד לאַנד, מיט פרעמדע אייגענע, וואָס זענען איר אַזוי דערווידער! און זי פילט דערצו, אַז זיי זענען איר שונאים אויפן לעבן. פאַרוואָס? ווייס זי נישט.

דבורהלע נעמט אַרויס די דרײַ פּאַפּירלעך און גיט זיי איבער דעם מאַן.

— וואָס, דרײַ הונדערט פראַנק גאָר? ער האָט דאָך געזאָגט פינף הונדערט, און ס׳איבעריקע וועט ער צושיקן. איך האָף, אַז ער וועט באַלד צושיקן, אַזוי ווי ער וועט אַהיימקומען. אויב נישט, איז שלעכט! — ליפּע שערט זיך נישט ס׳בערדל, נעמט ער אים איין. אַ חוץ דעם איז ער אַ שרעקלעכער ליגנער און אַ חונף און ער ווייס די קונץ אײַנצונעמען דעם טאַטן, כאָטש ער איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ גרויסער אָקס!

דבורהלע צעלאַכט זיך פון צרות.

דער יונגערמאַן פאַרשלינגט זי שיעור נישט. אָט דאָס הייסט אַ ווײַבל.

— קודם לאָמיר אַרײַנגיין עפּעס אָפּעסן, — ער פירט איר אַרײַן צו טיצן, ברענגט איר צו סאַרדינען אויף זעמל, וואָס ער קריגט אויטאָמאַטיש אַרויס פון דער וואַנט, און פילט זיך גאָר געהויבן. אַ בעלן געווען צו וויסן, וואָס זי טראַכט וועגן מיר? אַז נאָר זי קלערט. עס געפעלט איר. זי מוז זיך דאָס אַביסל חידושן, פון אַ וואַנט און אַליין אַרויסרוקן זיך, סאַרדינען. ער באַווײַזט נאָך אַ קונץ, וואַרפט אַרײַן נאָך אַ געלעכערטע מטבע און עס קומען אַרויס צוויי גלעזער ליטערער, שוימעדיקער ביר. דבורהלע זאָגט זיך אָפּ. ברענגט ער איר צו קאַווע.

דער יונגערמאַן איז בגילופינדיק. ער שיינט אינגאַנצן. זיי גייען איבער מעבל־געשעפטן, קוקן, אַלץ איז געפּרײַזט אַזוי טײַער, אַז ס׳איז אַ שרעק!

— ווייסעך וואָס! זיי זענען משוגע. ווי געפעלן דיר די פּרײַזן?

— נאָר אַז די מעבל־סוחרים ווייזן זיך אַרויס צו זיין ביים פולן פאַרשטאַנד, באַשליסט ער צו קויפן דערווייל אַ פּאָר בעטן — דאָס מוז מען דאָך קויפן — און אַ טיש מיט שטולן.

דערנאָך, ווען ר׳עט אָפּשיקן דעם רעשט נדן, וועלן מיר זיך שוין איינמאָל איינאָרדענען!

דבורהלע קיצלט אַזש אין האַלז. זי וויל אים זאָגן, אַז פּאַר אירעטוועגן וואָלט ער דאָס אויך נישט געקויפט, נאָר בעסער געגעבן איר אויף הוצאות. זי זאָגט עס נישט. זי דערציילט אים נאָר, אַז דער פאָטער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נישט קאָנען אַזוי גיך אָפּשיקן, ווייל ער איז פאַרענגט.

— אַזוי גאָר! מיר האָט ער דאָס נישט געזאָגט, מיר האָט ער גע־זאָגט, אַז אַזוי ווי ער וועט אַהיימקומען, וועט ער גלייך צושיקן.

— אפשר!

— די בעטן געפעלן דיר, דבורהלע?

זי ווערט רויט. זיי געפעלן איר. אַלץ געפעלט איר. דער מעבל־סוחר האָט זיך מחיה געווען. וואָס ער האָט פאַרגעלייגט איז גע־פאַלן. וויפיל ער האָט געבעטן, האָט מען באַצאָלט. ער וואָלט גע־קאָנט פאַרדינען כאָטש עטלעכע מאָל אַ וואָך אַזעלכע קונים.

קאַפּיטל פערצן

## נאַקעטע טרעפּ

ווינען זיי שוין מיט מזל אין דער נייער דירה. שוין אפילו אַ בריוו פונדערהיים אָנגעקומען אויף דעם אדרעס. די חדרים זע־נען גרויס, די ליידיקייט זעט זיך צוליב דעם נאָך מער אָן. די דילן זענען נישט באַדעקט, די טרעפּן שטייען פונקט אַזוי נאַקעט, ווי ווען מ׳איז געקומען נעמען די וווינונג. עס איז פּוסט און שווער. דער מאַן ליגט גאַנצע טעג אויפן בעט. מיטן פּנים אַרויף ליגט ער און שווייגט. מ׳זעט אָפּן, אַז ער האָט הנאה. עס איז אים גוט. ער ווינט נישט מיט „זיי" צוזאַמען. עס איז אַ מחיה צו זיין ביי זיך אַליין.

דבורהלע חידושט זיך, וואָס ער אַרבעט נישט, טוט בכלל

גאָרנישט. ער איז דאָך אַ דימענטן־שניידער? וואָס־זשע שטייט די מאַשין כּסדר אָן איבערגעדעקטע, מיט אַ בּלוי פֿוירהענגל? עס קומען איר אויפֿן זינען דעם שוואָגערס רייד. זי דערמאָנט זיך אינם האַרצרייסנדיקן בּאַקלאָגן זיך פֿון דער שוועגערין, נאָר אַ מאָדנע זאַך, ס'הייבּט איר נישט אָן צו אַרן. וואָס עס אַרט איר יאָ איז דאָס, וואָס ער טרעט נישט אָפּ פֿון שטוב. ס'איז איר אַזוי פּאַסקודנע, עפּעס טאָטשעט איר, זי ווייס נישט ווו. מענטשן זאָגן, אַז „ס'טאָטשעט זי בּיים האַרץ". ווען מ'זאָל איר אַ פֿרעג טאָן, ווו פּילסטו די שווערקייט, ווו איז דיר שלעכט? וואָלט זי נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפֿערן. פֿאַרקערט. ס'האַרץ טוט איר גאָר לעצטנס נישט וויי. ס'איז איר סתּם נישט גוט. אַז ער גייט אַמאָל אַרויס, קומט אַ דערלייכטערונג, פֿאַרגעסט זי זיך אויף ווײַלע. נאָר ווען גייט ער? אַנומלט האָט זי זיך אַפֿילו צעזונגען, ווען ער איז אַוועק פֿון שטוב.

זיי וווינען שוין דאָ דעם דריטן חודש. פֿונם געלט, וואָס דער שוואָגער האָט געגעבּן, איז שוין בּאַלד קיין זכר נישטאָ. אַז ער וועט מער נישט שיקן, ווייס זי שוין אויך. ליפֿע האָט אַוועקגעשיקט אַ בּריוו צום פֿאָטער און דערציילט אים, אַז בּעריש האָט זיך אָפּ־געשווירן ס'בּערדל און דבורהלע גייט אַרום אָן אַ שייטל. האָבּן זיי בּאַקומען פֿונם שוואָגער אַ שאַרפֿן בּריוו. ער זידלט און שעלט, ער לייגט דבורהלען אין חרם אַריין. נאָר צוליבּ איר, טענהט ער, האָט זיך בּעריש אָראָפּגענומען דאָס בּערדל. ער האָט זיך אויסגע־נישטשעט, געטאָן דעם שידוך, כּדי צוליבּ איר, אַ רבס אַ קינד, זאָל זיין זון אויך בּלײַבּן אַ ייד. לסוף פֿירט זי אים ערשט רעכט אַראָפּ פֿון וועג — און ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן? און צוליבּ וואָס האָט ער זיך געדאַרפֿט לאָזן קאָסטן אַזאַ הון מיט געלט? כּדי צו נעמען זיך אַ שנור אַ סוכאַטניצע? אַא"ו, אַא"ו. און לסוף פֿאַרזיכערט ער זיי, אַז זיי וועלן פֿון אים מער קיין גראָשן נישט בּאַקומען.

עטלעכע טעג נאָכדעם, ווי זיי האָבּן דערהאַלטן דעמדאָזיקן בּריוו, האָט זי אַ פֿרעג געטאָן בּיים מאַן, וואָס איז די מעשה, וואָס ער אַרבּעט עפּעס נישט.

— נישטאָ, מײַן טייערע, קיין אַרבּעט — נישטאָ! — האָט

ער איר פלוצלינג א צי געגעבן צו זיך מיט כח — אנשטאָט אָן ענטפער.

דבורהלע האָט זיך א ריס געטאָן פון אים מיט מורא און אָפּ־שיי. וואָסער גליק האָט אים עפּעס פּלוצלינג פּאַטשאַפּעט?

דער מאַן האָט זיך פאַרמאָסטן נאָכאַמאָל אַרומצונעמען זי. פאַרוואָס זאָל ער זיין אַזאַ שלימזל? שעמען זיך פאַר זיין אייגן ווייב. נאָר ער האָט זיך אַליין צוריקגעצויגן.

— ביזט פונקט ווי א קליין קינד! ציטערסט פאַר מיר ווי כ׳וואָלט כאָטש געווען א פרעמדער, ווי כ׳וואָלט דיך באַפאַלן! — ער האָט זיך געשטאַרקט און איר פאַרגעוואָרפן; ער מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל ברעכן דאָס אייז! ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט זיך פאַרענטפערן. זאָגן אים, אַז ס׳איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי שעמעוודיקייט — שעמעוודיקייט, וואָס די צייט וועט אויסהיילן. אָט איז ער דאָך אַליין געווען אַזאַ שעמעוודיקער און איצט...

— דו מיינסט טאָקע, ער וועט נישט שיקן? דאָס סטראַשעט ער נאָר, איך קען אים שוין בעסער.

— איך מיין גאָרנישט! כ׳האָב עס אפילו נישט אין זינען.

עט, זי שעמט זיך און זי איז נאָך פרעמד. געדאַרפט נעמען איר אין טעאַטער, וואָלט זי געוואָרן אַביסל לעבעדיקער.

דבורהלע הויבט זיך אָן פאָרען אַרום דער קיך, צוגרייטן מי־טאָג. נאָר אויסמיידן אים קאָן זי נישט. ער איז שוין דאָ! כאַפּט אָן עמער וואַסער און פליט מיט כח, ער פילט נישט, צי ער האַלט עפּעס אין האַנט, גיסט־אָן אויף דער פאָדלאָגע.

הלואי וואָלט ער איר נישט אַזוי פיל געהאָלפן! אַז זי וויל נישט, ער זאָל איר העלפן.

— מאָרגן וועלן מיר גיין אין יידישן טעאַטער! — קוקט ער איר אין די אויגן אַריין.

— ס׳איז אָבער נישטאָ קיין געלט! — זאָגט אים דבורהלע אויס א סוד. — מיר פאַרמאָגן נאָך בסך הכל צוואַנציק פראַנק! — איז זי אים מרמז, אַז ער דאַרף שוין גיין זוכן אַרבעט.

— וואָס־זשע ווילסטו? זענען מיר נאָך טאָקע גבירים! — האָט זיך דער מאַן געוויצלט און נישט גענומען קיין שום רמזים...

עס זענען אוועק נאָך עטלעכע טעג, אין טעאַטער איז ער

נישט געווען, אויפגערוימט איז ער נאָך אַלץ געווען. ער וואָלט זיך געפילט נאָך יום־טובדיקער, ווען זי גייט נישט אַרום אַזוי פאַרצאָגט. רק זי זאָרגט. אפשר מיינט זי, כ׳וויל נישט אַר־בעטן? ס׳קאָן זיין, זיי האָבן איר שוין אָנדערציילט ליגנס וועגן מיר. איך וועל איר טאַקע אַ פרעג טאָן.

— דבורהלע, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַרבעט, קאָן איך דאָך נישט אַרבעטן — וועט ער דאָך מוזן שיקן... איך ווייס, אַז זיי האָבן דיר שוין אָנדערציילט ליגנס. זיי שרייבן צום טאַטן אויך דאָס אייגענע. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז וואָס ווייניקער ער וועט מיר שיקן, אַלץ מער וועט ער האָבן פאַר זייערטוועגן. — פאַרשטייסט דאָך! אַז ס׳איז נישטאָ, קאָן מען נישט נעמען פון דער וואַנט.

— ליפּע גייט שוין ליידיק אפשר אַכצן חדשים. וואָס דער טאַ־טע שיקט נישט, דאָס איז נישטאָ. אַ מערכה ביילע אַרבעט. ער פאַרדינט נישט קיין סאַנטים. און דער שוואָגער, וואָס האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן חכם, פאַרדינט עפּעס? מיטן מויל, יאָ! אָבער מער נישט. ווען נישט דער טאַטע, וואָלט ער געפּגרט פאַר הונגער מיט דער כאַליאַסטרע צוזאַמען. אַז דער טאַטע האַלט אין איין סטראַ־שען און אין איין שיקן. ער וועט אונז אויך שיקן, האָב נישט קיין מורא.

— ווער האָט דען מורא?

— ביילע עסט זיך אָפּ די לונג און לעבער, פאַרוואָס איך לאָז דיך נישט איבער גאַנצע טעג און האַלבע נעכט אַליין, פאַר־וואָס איך זיץ נישט אָפּ גאַנצע טעג אין רעסטאָראַציע און פרעס אויף און פאַרשפּיל אין קאָרטן דאָס, וואָס זי פאַרדינט. כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, ווען איך האָב ביילען פאַר אַ ווייב, וואָלט איך אויך נישט בעסער געווען. כ׳וואָלט אַנטלאָפן ווייטער נאָך ווי צו לייבלען אין רעסטאָראַציע אַריין.

דבורהלע הערט זיך איין. אַזוי, הייסט עס, אַז די פּרנסה אירע דאַרף קומען פון שווער. און זי האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס שייטל און דער מאַן האָט אַראָפּגעוואָרפן ס׳בערדל. אַ נישקשהדי־קער מקור פּרנסה. אַזוי, נו, איצט ווייס זי דאָך שוין כאָטש, ווי זי האַלט. וואָס־זשע איז ער אַזוי אויפגערוימט? אפשר ווייס ער, אַז ס׳איז נישט מער ווי סטראַשונקעס אַזעלכע, ווער ווייס זיי. נאָר וואָס איז דאָ דער חילוק? וואָס גייט עס איר אייגנטלעך אַזוי

שטאַרק אין לעבן? סיי־ווי קאָן זי מיט אים נישט לעבן צוזאַמען. יאָ פּרנסה, אָדער נישט פּרנסה, קאָן דאָס גאָרנישט ענדערן. צום בעסטן וואָלט געווען — צום ערגעבסטן — ווען איך דערציייל אים דעם גאַנצן אמת, זאָג אים די אמתע סיבה פון מיין באַציאונג לגבי אים און פּאַרטיק.

— ביילע וואָלט זיך געוווּנטשן אַזאַ לעבן — רעדט ער ווייטער. — זי וואָלט געאַרבעט ווי צען פערד פאַר זיינעטוועגן, זי פּגרט שיעור פאַר אים אפילו איצט; זי שעלט, וויינט און גיט אים אַוועק די שווער־אויסגעאַרבעטע פאַר פראַנק אויף צו פאַרשפּילן אין קאָרטן. און דו ביסט אַזאַ קינד, אַזאַ טייער קינד, נאָר אַ שלעכטס. טאָמער וויל איך דיר אַ קוש טאָן, רייסטו זיך, ווי כ'וואָלט דיך, חלילה, געגאַנגען דערהרגענען. עס פאַרדריסט מיך טאַקע, הלמאי זאָל איך לייקענען.

געדעכט, טראַכט דבורהלע, הלמאי לייקענען? פאַרוואָס נישט אויך זיין ערלעך און אים אָפּן דערציילן דעם אמת. דערציילן אים, אַז איך האָב געמאַכט אַ געוואַלדיקן פעלער, אַז איך בין ווערט יעדע שטראָף פאַר נישט זיין ערלעך צו זיך אַליין און צו אַנדערע, פאַר אַריינגעמען זיך אַ פיקס־אידעע אין מוח, אַז די מאַמעשי האָט מיך פיינט, וויל פון מיר פּטור ווערן און צוליב דעם באַוווּסטזיניק פאַראומגליקן זיך אַליין. זיך אַליין פאַרגוואַלדיקן, כדי יענעם אָפּ־צוטאָן אַ שפּיצל.

— פונדעסטוועגן דאַרפסטו עס נישט נעמען אַזוי ערנסט — טרייסט איר דער מאַן, זעענדיק, אַז די אויגן פילן זיך איר אָן מיט טרערן. און זי קוקט אים נישט אין די אויגן אַריין, ווי ער וואָלט זי געכאַפּט ביי אַ מיאוסע מעשה.

— הער, — זאָגט זי, נאָך אַ לאַנגער ווײַלע שווייגן, — איך וועל דיר דערציילן דעם גאַנצן אמת. נאָר זאָלסט מיך פאַרשטיין, — און זי נעמט און דערציילט אים און גיט נאָך צו: „און ערגער ווי אַלץ איז, וואָס כ'האָב אים, להכעיס מיר אַליין, נאָך איצט אויך ליב". נו, ווי איז מעגלעך ליב צו האָבן צוויי מענטשן מיטאַמאָל?

דער יונגערמאַן הערט זיך איין און ס'ווערט אים „אינטערע־סאַנט". ער קריגט זי אַזוי ליב, אַז ער איז איר גרייט מוחל צו זיין טויזנט מאָל.

דבורהלע קוקט אים אָן. זי וואַרט אויף אַ וואָרט פון אים.

זי זעט, אַז ס'איז אים חושכדיק געוואָרן, ער בײַסט די נעגל און שווײַגט.

אַהײמפֿאָרן איצט צום טאַטן איז אויך נישט קיין גרויסע מציאה, נאָר מילא, זאָל זי שוין פֿונדעסטוועגן הערן, אַז ער וויל אַ גט, וועט זי נישט פֿאָרן צום טאַטן. די וועלט איז גרויס גענוג. זי האָט דאָך אָבער נישט קיין געלט? וועט זי פֿאַרזעצן ס'צירונג. אַזוי וואַרפֿן זיך איבער מחשבות. נאָר אַ מאָדנע זאַך, ער זאָגט גאָרנישט. ער האָט זיך, דאַכט זיך, שוין באַרואיקט. ער שמייכלט שוין ווייטער. גלעט איר בײַ דער האַנט און טרייסט איר נאָך. אַ מאָדנער מענטש! אַן אויסטערלישער מענטש!

מ'פֿאַרזעצט ביסלעכווײַז דאָס צירונג. ס'איז שוין נישטאָ מיט וואָס אַהײמצופֿאָרן. פֿאַרוואָס נעמט זי נישט, פֿאַרזעצט נישט אַליין די רעשט און פֿאָרט נישט אַהײם — און אַ סוף זאָל עס נעמען. סצענעס? אַלץ אויפֿעסן וועלן דאָך איר די עלטערן נישט. סצענעס? אַלץ בעסער איז דאָך אויסצושטײן אַ מחלוקה, ווי אײביק אַרומגײן מיט אַ געפֿיל, וואָס וועט איר זיכער אַוועקפֿירן אין אַ משוגעים־הויז. וואָלט ער כאָטש נישט געווען אַזוי משונהדיק־גוט. און נישט נאָכדעם, ווי זי האָט אים דערציילט אַזאַ זאַך, איר גאָר געטרייסט און געזאָגט, אַז „מילא, אין לעבן טרעפֿט אַלץ. מיר וועלן זיך צוגעוווינען. זיכער! און דערווײַל האָב איך דיך אַזוי ליב, הערסט, דבורהלע? אַז עס וועט קלעקן פֿאַר צוויי"... און זאָגט איר נישט צו נאָך, אַז ער וועט זי נישט באַאומרואיקן, ביז זי וועט אים נישט אַליין זאָגן, אַז זי האָט אים שוין ליב. און פֿאַרגעסט נישט און וויל נישט פֿאָרט, זי זאָל זײַן זײַן ווײַב.

— ווײם איך וואָס! זוכן אַרבעט! ס'איז גוט צו זוכן! די טעג גײען דערווײַל. דער שווער האַלט יאָ וואָרט. ער שיקט נישט קיין סאַנטים. דער מאַן קומט יעדן טאָג אַהײם מיטן פּזמון:

— נישטאָ קיין אַרבעט. שוין העכער אַ יאָר אַזוי. ס'איז אַ שרעקלעכער קריזיס אין דימענטן־פֿאַך. און דאָס ביסל, וואָס איז דאָ, פֿאַרכאַפּן די גאַליציאַנער. זײ קאָנען לעקן, חנפֿנען, קריכן. איך קאָן עס נישט. גיט טאַקע דער באָס זײ אַוועק די אַרבעט און איך וואַרט אָפּ שעהן, כדי ער זאָל מיר לסוף זאָגן, אַז מער האָט ער נישט.

די שטובן שטײען ליידיקע. אין קעשענע איז ליידיק. אויפֿן

הארצן לײדיק און שװער אינאײנעם. פאַר אַ צולאָג טשעפּעט זיך די באַלעבאָסטע צו דבורהלען, פאַרװאָס זי דעקט נישט די טרעפּן מיט קײן טעפּיכער אָדער לעדער כאָטש.

— זעסט אַ חילוק פון אײך ביז די מענטשן אױפן ערשטן שטאָק. אַ יונגע פרוי זאָל לאָזן אַזעלכע טרעפּן! ס'איז אַ חרפּה און אַ שאַנד, — מאַכט זי איר פאָרװורפן נישט מער װי צװײ־דרײ מאָל דורך דער װאָך און װײזט אַרױס טאָפּלטע פרײַנטלעכקײט צום װײַבל פון ערשטן שטאָק.

דבורהלע זאָגט איר צו, אַז אָט־אָט װעלן זײ קױפן טעפּיכער. זי זאָגט תירוצים, ס'מאַכט זיך נישט, בע, מע — נאָר די באַלע־באָסטע נעמט נישט קײן תירוצים:

— איך װײס, װו זי װאָלטן געקאָנט קױפן, אַבסאָלוט אַ מציאה. אױב זי װילן, װעל איך מיט אײנעם מיטגײן. פאַר קײן אַנדערן װאָלט איך עס נישט געװען געטאָן, נאָר זי זענען אַ פײַנע פּרױקע. איך האָב ליב צו טאָן אַ טובה אַ מענטשן, װאָס געפעלט מיר. װען זי װאָלטן נאָר נישט געװען אַזױ אָפּגעלאָזט, װאָלט איך אײנען ליבער געהאַט פון איר אונטן. כ'האָב פײַנט מענטשן, װאָס מײנען, אַז זײ האָבן שױן אָנגעכאַפּט גאָט פאַר די פיס און פאַר־רײסן דעם װײדל. אױב זי װאָלען, קאָן איך מיט אײנען גײן מאָרגן נאָכמיטאָג. מאָרגן האָב איך צײַט.

נײן, מאָרגן האָט דבורהלע נישט קײן צײַט. זי דאַנקט איר זײער. זי װעט שױן זען באַשטימען עפּעס אַ טאָג, און זי טראַכט, װען זי האָט עפּעס געלט, װאָלט זי זיך בעסער געקױפט עפּעס צו עסן. זי איז הונגעריק, אַזױ גײען אַװעק טעג און װאָכן. אַמאָל מאַכט זיך, דער מאַן קריגט אַביסל אַרבעט, פאַרדינט עפּעס, באַ־צאָלט מען קודם כל דירה־געלט, מען באַצאָלט אין געװעלבל און מען בלײַבט װידער אָן אַ סאַנטים. אַהײם שרײַבט זי נישט קײן װאָרט. צוליב װאָס, אַז שיקן האָט דאָך דער פאָטער נישט פונװאַנען. איבעריקנס װאָלט זי ליבער געשטאָרבן פון הונגער, אײדער בעטן שטיצע פון דער הײם. די מאַמע לעבט דאָך קױם. װאָס װעט זי איר אָנטאָן צרות? אגב, איז זי דען באמת אינגאַנצן שולדיק? אָט האָט דאָך דער טאַטע אױך באַשטאַנען און בעיקר זי אַלײן. זי האָט דאָך יאָ געקאָנט אַ זאָג טאָן — נײן — און פאַרטיק. אָט אַזאַ מין געפיל לגבי די עלטערן האָט זיך דערגומען צו דבורהלען זינט

די מוטער האָט איר געשריבן אין אַ בריוו, אַז זי זאָל איר שרייבן אָפּטער, נישט לאָזן זי איבערקלערן און שרייבן דעם אמת, ווי אַזוי ס׳גייט איר דאָרטן, אַז עפּעס האָט זי אַ געפיל, אַז נישט אַזוי פֿויגלדיק, און ס׳חיות גייט איר אויס, אַז זי ליידט שוין געגוג פֿאַר דעם, וואָס זי האָט קעגן איר געזינדיקט.

דבורהלען האָט עס דעמאָלט אי גוט געטאָן, אי ווײ געטאָן, און זי פֿאַרשטייט נישט עד־היום, פֿאַרוואָס זי האָט, נישט טראַכטנ־דיק קיין מינוט, איר גלייך אָפּגעענטפֿערט, אַז זי פֿאַרשטייט לגמרי נישט, וואָס זי מיינט, אַז זי האָט קעגן איר מיט גאָרנישט געזינ־דיקט, און פֿון דעמאָלט אָן גייט צווישן דבורהלען מיט די עלטערן אַזאַ מין קאָרעספּאָנדענץ —

„דיין קאַרטל דערהאַלטן. געלויבט השי״ת, וואָס מיר האָבן געהערט פֿון אייער געזונט. מיר זענען אויך ב״ה געזונט. השי״ת זאָל העלפֿן מיר זאָלן זיך זוכה זיין מבשר צו זיין בשורות טובות זה לזה, מיר גריסן חתני היקר נ״י און אא״וו.״

וויפֿיל מאָל רייזעלע האָט נישט געפּרוווט אַ פֿאָרש טאָן, נאָר ס׳העלפֿט נישט, דבורהלע האָט נישט מער וואָס צו שרייבן. זי פּרוווט אפֿילו טיילמאָל און צעשרייבט זיך אויף בויגנס ממש, לייענט־איבער, צערייסט און שרייבט ווידער אַמאָל אָן אַ קאַרטל מיטן אייגענעם נוסח און איינער פֿונעם אַנדערן ווייס לחלוטין נישט, גאָרנישט. מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז זי געלעגן קראַנק, דבורהלע, און האָט קראַנקערהייט נישט געהאַט וואָס צו עסן, האָט זי פֿון בעט אַרויס געשריבן, אַז געלויבט השי״ת, וואָס זי איז געזונט און אא״וו. אַזוי איז זי ביסלעכווייז אָפּגעפֿרעמדט געוואָרן לגמרי פֿון די עלטערן (הגם זי האָט זיי פֿאָרט ליב געהאַט); געוועזן פֿרעמד פֿונם מאַן, הגם ער האָט זי ליב געהאַט. פֿאַרביטערטקייט איז געוואָרן אַ טייל פֿון איר בלוט. זי האָט אָנגעהויבן פֿיינט האָבן די גאַנצע וועלט, געקוקט אויף יעדן מיט חשד, געזען אין יעדן אַ פֿאַרבאָרגע־נעם שונא. האָט מען איר געזאָגט אַ פֿריינטלעך וואָרט, האָט זי יע־נעם געהאַלטן פֿאַר אַ צבֿועק. איז עמעץ נישט געוועזן אַזוי פֿריינטלעך צו איר, האָט זי געזען אין יענעם אַ דם־שונא. איז אַמאָל געקומען דעם מאַנס שוועסטער, האָט זי איר אַזוי נישט־פֿריינט־לעך אויפֿגענומען, אַז זי האָט אויפֿגעהערט קומען. זי האָט איר אפֿילו איינמאָל אָפֿן געזאָגט, אַז זי ווייס, זי קומט בלויז שפּיאָנירן,

צו קאָנען שרייבן מסירות, הגם יענע איז גאָט די נשמה שולדיק געוועזן. האָט עמעץ געזאָגט אַ ליגן, האָט זי אים נישט צוגעלאָזט דאָס פאַרגעניגן — ביז ס'האָט קיינער נישט אַריינגעשמעקט. זי האָט אַפילו נישט געבענקט נאָך קיינעם און פּאָרט געפילט זיך נאָך עלנטער, און לגבי דעם מאַן האָט זי כסדר דעם אייגענעם געפיל. זי פילט זיך אומגליקלעך אין זיין אַנוועזנהייט. זי קאָן אים נישט פאַרטראָגן אָן אַ שום פאַרוואָס. אַליין איז איר אַ סך, אַ סך בעסער. פונדעסטוועגן מאַכט איר דאָס שטענדיקע זיין־אַליין מיט דער אָרע־מער ליידיקייט נערוועאיש און טיילמאָל איז זי שוין צופרידן, אַז ער קומט אַהיים. נאָר אויף ווי לאַנג? זי טוט כמעט גאָרנישט. ס'איז אַגב נישטאָ וואָס. ווען זי קאָן כאָטש לייענען — איז אַזוי גיך ווי זי נעמט זיך אַריינקוקן אין אַ ביכל, הויבן אָן אַרומצוטאַנצן שוואַרצע פליגן אויף די בלעטער און ס'פאַרדרייט זיך איר דער קאָפּ. ס'הויבט איר אָן שווינדלען פאַר די אויגן און זי מוז עס פאַרמאַכן. און ס'קלויבן זיך אַזעלכע משונהדיקע מחשבות. און זיי קלעפּן זיך אַזוי צו, אַז מען קאָן זיך נישט אָפּטרייסלען פון זיי. נעכטן, למשל, איז איר איינגעפאַלן, אַז זי זאָל זיך אַרויסלאָזן זוכן אַ שטעלע אַלס אַ דינסט. זי האָט פאַרשטאַנען ווי אַבסורד עס איז צו טראַכטן גאָר פון אַזאַ זאַך. אפילו איין רגע. פּאָרט אַ משפחה, אַ מאַן, ווי קאָן איר גאָר איינפאַלן? אַ חוץ מזה, ווער וועט זי צונעמען, אַז בסך הכל זעט זי אויס אַ האַלב־טויטע? אַגב, ווייס זי דאָך שוין פון דערפאַרונג, פאַרשטייט זיך דאָך, אַז מען דאַרף זיך אָפּטרייסלען פונם משונהדיקן איינפאַל און פּטור.

אָבער אַ נעכטיקער טאָג! אַ גאַנצן טאָג שוין, ווי די מיאוסע, קלעפּיקע זאַך לאָזט עס איר שוין נישט אָפּ. ס'העלפט נישט קיין אַרגומענטירן מיט זיך, קיין לאָגישע טענות, פאַרוואָס און נאָכאַמאָל פאַרוואָס — און פאַרוואָס אייגנטלעך נישט — און ווידער אַמאָל — ביזט אַן אידיאָט און צוריק — ביזט ווערט דעם שטעקן, ביזט הונגעריק, פּגר! אַז מ'שעמט זיך מיט אַרבעט, פאַרדינט מען אויסצוגיין פאַר הונגער אַא"וו. אָן אַ סוף און אָן אַן עק.

היינט איז דער נעכטיקער וואָרעם פאַרביטן געוואָרן אויף אַן אַנדער סאָרט פייניקער, און זי ווייס, אַז דער היינטיקער טאָג איז שוין נישט אירער. עס וועט שוין עגבערן און לעכערן דעם מוח און זי וועט מוזן רעזיגנירן, אונטערגעבן זיך דער איינאַונאַינצי־

קער מחשבה, וואָס וועט טאָטשען, טאָטשען, טאָטשען, דערנאָך א מאַסע גיך־פליסנדיקע מחשבות, וואָס וועלן יאָגן איינע די צווייטע מיט אַ נישט נאָרמאַלער גיכקייט, ביז זי וועט אינגאַנצן אויסגעשעפּט ווערן פון די כחות.

ווען זי איז נישט אַזאַ פייגלינג, וואָלט זי אַריינגעגאַנגען צו אַ דאָקטאָר. זי שרייט אויף זיך גוט אָן, פאָרט גייט זי נישט. זי ציטערט צו הערן דעם אמת און זי ווייס דאָך יאָ, וואָס ער וועט איר זאָגן — „עט!“ זי וועט זיך אויסלאַכן פון זיך, אַליין זיך נעמען אין האַנט אריין און פאַרטרייבן פון זיך אַלע בייזע מחשבות. און טאַקע אַריינגיין גייט זי אַלע טאָג צום דאָקטאָר, נאָר נישט היינט. אַזוי גייען פאַרביי טעג, וואָכן, חדשים, וואָס ציען זיך ווי אייביקייטן און יעדער טאָג, יעדע וואָך, יעדער חודש איז ענלעך צום אַנדערן, ווי צוויי טראָפּן וואַסער. זיי ענדערן זיך מיט גאָרנישט, אַ חוץ מיט דעם, וואָס זיי האַלטן זיך אין איין איבערציען אויף נייע דירות. און דאָס איז נאָך אַ שטיקל גליק. פון איינמאָל איבערציען זיך ביזן אַנדערן אָבער איז דאָ געגוג פרייע צייט אויף געפּייניקט־צו־ווערן. פון דער ערשטער דירה האָט מען איר שוין לאַנג געהייסן ציען זיך.

— מיר זענען נישט געוווינט צו קיין שנאָרעריש לעבן, — האָט איר די באַלעבאָסטע לסוף געזאָגט, זעענדיק, אַז די טרעפּן שטייען נאָך אַלץ נאַקעטע און דבורהלע אַליין ווערט מיט יעדן טאָג קלענער. די באַלעבאָסטע פונם איינשטאָקיקן הייזל, וואָס האָט זיך געבעטן, מען זאָל עס אַביסל אויפריכטן, איז געווען אַ בעקערקע, אַ פרוי, וואָס האָט געאַרבעט פון מיטן נאַכט ביזן האַלבן טאָג אַריין אויפן „שטיקל זינדיקן ברויט“, געהאַט בלויז טעכטער „רשעטעס“, וואָס האָבן איר נישט געוואָלט צוהעלפן, געלאָזט זי אַליין האָרעווען, געפּוצט זיך אַ גאַנצן טאָג די נעגל און אויפגענאַשט די „היימישע“ קעז־קיכלעך, וואָס זי מיטן געזעלן, אַ „היימישער יונגערמאַן“, פלעגן אויסבאַקן און דערפון כמעט לעבן. דאָס און שרייען איינע אויף דער אַנדערער און אַלע צוזאַמען אויף דער מאַמען, מער האָבן זיי נישט געוווּסט. דבורהלע כאַפּט נאָך היינט אַ שמייכל, ווען זי דערמאָנט זיך, ווי די פרוי האָט זיך פאַר איר אַמאָל אָפּגערעדט פון האַרץ.

— זי הערן, איך זאָג אינען, אַז דער ר׳ שלמה המלך איז טאַ־

קיש געווען אַ חכם, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז נקבות טויגן אויף תשעה ניינציק כּפּרות. ווען גאָט העלפט מיר און כ'האָב אַזוי עט־לעכע זין אַרומדרייען זיך אין שטוב אָנשטאָט טעכטער, וואָס וואָלט מיר געפעלט, כ'בעט אײַנען? און אַזוי ליג איך טאַקע אין דר'ערד! — אַזעלכע באַשריגענישן זאָלן לאָזן אַ מאַמען מאָר־דעווען זיך צום טויט, מײַנע שונאים, און נישט וועלן קיין האַנט צולייגן! אוי, טאַטע דערבאַרעמדיקער, הלואי וואָלט איך נישט געווען דערלעבט צו בלײַבן קיין אַלמנה און אויפכאַווען אַזאַ באַנ־דע אומזיסטיקע פּרעסערינס! וואָס איז, זיי וועלן זאָגן נאָך מיר קדיש?

— אַן אַלמנה איז זי! — לאַכן די טעכטער...

אָט די פרוי האָט געהאַט מיט זיך צו טאָן און האָט נישט געטשעפּעט דבורהלען מכּה די טרעפּ. אַגב, זענען אירע אייגענע טרעפּ אויך נאָר געווען איבערגעדעקט מיט פּיצלעך און שטיקלעך אָפּגעריבענע לעדער און האָבן אויסגעזען מיאוסער נאָך פון נאַ־קעט. פון דאָרט האָבן זיי זיך געמוזט ציען צוליב אַן אַנדער אָנשיקעניש. צו דער בעקערקע איז געקומען צו פאָרן אַ פאָר־פאָלק, קרובים, וואָס האָבן, דורכפאָרנדיק קיין אַמעריקע, געמוזט אָפּשטעלן זיך צוליב עפּעס אַ סיבה אין אַנטווערפּן און די בעקערקע האָט געגעבן די דירה.

די איצטיקע דירה איז אונטער דער שטאָט. פון דער פראָנט־שטוב גייען די פענסטער אַרויס קעגנאיבער אַ קאַזאַרמע. די גאַס באַשטייט איין זייט פון עטלעכע נידעריקע, אַלטע הייזקעס, די אַנדערע פון אַ גרויסן, שווערן, אייזערנעם טויער.

דבורהלע זיצט גאַנצע טעג בײַם פענסטער, די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אויפן פענסטער־ברעטל, די גאָמבע אין די הענט, און קוקט זיך צו, ווי די קליינע בעלגישע סאָלדאַטלעך, וואָס זעען־אויס ווי שורות גוטמוטיקע חדר־ייִנגלעך, בשעת זיי שפּילן זיך אין זעלנער, מאַכן זייערע איבונגען.

— אײן, טווי, דרײ! אײן, טווי, דרײ! — רופט דער אָפיציר און די סאָלדאַטן לאָזן זיך אַוועק מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּינקטלעכקייט איבערן לאַנגן קאַזאַרמע־הויף. אָט די איבונגען זייערע ציט דבורהלעס אויג. זי טרעט נישט אָפּ פון פענסטער,

ווי אַ קליין מיידעלע, וואָס מוז זיך צוקוקן נאָר, מיטשפּילן זיך מיט די אויגן.

דער מאַן איז איצט גאַנצע טעג נישט אינדערהיים. ער האָט עפּעס באַקומען אַ שטיקל פּאָסטן, ווו ער פאַרדינט פּופּצן פראַנק אַ וואָך. דאָס קלעקט אויף צו באַצאָלן דירה־געלט און אויף הונגערן. איז זי טאַקע מקנא די זעלנער, ווען זיי טראָגן מיטאָג־צייט פאַרביי דעם קאַזאַרמע־הויף זייערע געשייערטע קעסעלעך און עס זעצט פון זיי אַ פּאַרע, מחיה נפשות. דבורהלען קומט אַזש דאָס וואַסער אין מויל אַריין.

די איצטיקע באַלעבאָסטע איז אַ נידעריקע גויע מיט שטאַרק ברייטע היפטן און אַ גלאַטיק פאַרקעמטן קאָפּ שיטערע האָר, מיט אַ גאָר וואַזשנעם שרינט. זי האַלט אַ קאָלאָניאַל־געוועלבל און פאַרקויפט חזיר „בחצי חנם". איז דאָרטן אַלע מאָל געפּאַקט מיט סאָלדאַטן, און קומט אַ זונטיק שטייט מען דאָרטן אין דער ריי.

די שכנים אַרום זאָגן אפילו, אַז זשאַרשעט, די באַלעבאָסטעס פּלימעניצע, איז די הויפּט־סיבה פון דער הצלחה. די אַנדערע קרעמער, וואָס שטייען כּמעט אַלע ליידיק, ווען דאָ ווערט מען שיעור געהרגעט, האָבן שוין געמאַכט אַסיפות מכּח דעם ענין, באַשלאָסן אויסצודינגען זשאַרשעטן און אָפּצוסמען זשאַקאָנטן, דעם הונט, וואָס איז אויך אַ גאַנצער מחותן מיט די סאָלדאַטן. איינער אַן אַלמן האָט שוין אפילו געוואָלט חתונה האָבן מיט זשאָרזשעטן, מאַכן זי אַליין פאַר אַ קרעמערקע אַנשטאָט דינען ביי דער מומען, נאָר אַז ס'איז דאָ מזל, קאָן קיינער קיין בייז נישט טאָן. כאַפּט זיך זשאַקאָנט תּמיד אין צייט און זשאָרזשעט וויל נישט קיין אַלמן.

מיט דבורהלען איז סיי זשאָרזשעט, סיי זשאַקאָנט אין גאָר גוטע באַציאונגען. האָט דאָך אָבער זשאָרזשעט קיין רגע אין טאָג קיין צייט און זשאַקאָנטן לאָזט די פּאַסקודנע גויע נישט אַרויפגיין. דער רוח ווייס זי, פאַרוואָס. טיילמאָל גנבעט ער זיך פונדעסטוועגן אַרויף. תּחילת האָט אפילו דבורהלע מורא געהאַט פאַר אים און זי פלעגט אים לאָזן רייבן זיך אין דער טיר אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך באַליידיקט און אויפגעהערט צו קומען. נאָר ביסלעכווייז האָבן זיי זיך גענומען קענטזייטיק פאַרשטיין. זי

האָט אים גענומען לאָזן אַ לעק טאָן איר אין קנעכל, דערנאָך אָפּרייבן דעם פוס, ווי להבדיל ר׳ אברהם בער די האַנט נאָכדעם ווי ער האָט זי דערלאַנגט דעם פּריץ. נאָר דאָס האָבן זיי שוין ביידע פאַרגעסן. זיי זענען שוין לאַנג די בעסטע פריינט. דערזעט ער זי מאָנטיק מיטן ביכל און מיט די עטלעכע פראַנק אין האַנט, ווערט ער אַ צערודערטער, פליט ער איבערן געוועלב פאַר גדולה, ווי אַ רייכע מומע וואָלט אים געקומען צופאָרן. ער טאַנצט אַרום איר, לעקט איר און קושט איר און רייבט אַזש דאָס פליישיקע נעזל אין דער ערד פאַר גרויס התפעלות.

יעצט איז שוין גאָר פאַסקודנע. אַז די גויע זאָל אונז נאָך אַרויסוואַרפן פון דער דירה, וואָלט געווען איין עצה: דערטרינקען זיך.

זשאַקאָנט איז „אוים מענטש״. דבורהלע האָט די וואָך נישט אַראָפּגעטראָגן קיין דירה־געלט און מאַדאַם לאָזט אים בשום אופן נישט אַרויפגיין. זי האָט אים צוגעבונדן אונטערן בוי־פעט. שוין דעם אַנדערן טאָג האַלט זי אים אַזוי. ער זאָל אַזוי וויסן פון איר, צי ער וויים פאַרוואָס און פאַר ווען.

ס׳איז גאָר, גאָר פאַסקודנע. דער באַלעבאָס דעם מאַנס, אַליין אַ דימענטן־שנײַדער, האָט שוין יענע וואָך נישט אַרויסגע־קריגן קיין אַרבעט. צוליב דער אומזיכערקייט אויף דער בערזע האָט זיך דער גאַנצער מסחר אָפּגעשטעלט. בכן, מ׳האָט געהרגעט אין סערביע דעם עסטרייכישן קרוין־פּרינץ, דאַרף מען אין אַנט־ווערפּן נישט שנײַדן קיין דימענטן און זי דאַרף הונגערן.

— צום טייוול! אַבי מ׳זאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין גערעכ־טיקייט אויף דער וועלט, — טראַכט דבורהלע, — עס האַלט ביים אויסברעכן אַ מלחמה צוליב גערעכטיקייט. פאַר בלוט נעמט זיך די וועלט אָן. ווער שמועסט, אַז דאָס בלוט איז געווען פון אַזאַ מין קאָליר — אַ קלייניקייט! בלוי בלוט איז נישט קיין רויט בלוט, אַז דיין בלוט טריקנט איין פון רגע צו רגע, טשעפּעט קיינעם נישט, — זאָגט זיך דבורהלע, — און מען פרעגט נישט אפילו, אפשר ביזטו הונגעריק? טאַסטו אַ נייעס. אַ נייער קאַרל מאַרקס אויפגעשטאַנען, נאָר אין אַ קליידל! דיוזקט זי אָפּ פון זיך אַליין און טראַכט, אַז ס׳קאָן זיין, די מלחמה זאָל אויסברעכן, וואָלט געווען בעסער. סוף כל סוף האָט שמעון אַמאָל אַליין געזאָגט,

אז ווען ס'זאָל אויסבּרעכן אַ מלחמה, וואָלט געוואָרן אַן איבּערקער־עניש אויף דער וועלט, ס'וואָלט געבּראַכט אַ וועלט־רעוואָלוציע און מיר וואָלטן געהאַט אַ סאָציאַליזם, אַפילו אויפן מאַרס. זי גע־דענקט געגוי די ווערטער זיינע. אַליץ. די ערנסטע פּראָבּלעמען האָט ער ליבּ געהאַט צו בּאַהאַנדלען מיט אַ לייכטקייט, מיט אַ וויץ אַפילו, וואָס האָט פונדעסטוועגן נישט אָפּגעשוואַכט אויף אַ האָר זיין וואָ־גיקן ערנסט און איבּערגעלאָזט דעם געוווּנטשטן איינדרוק.

— שמעון, שמעון, שמעון! — וואָס פאַרא שמעון אינ־מיטן דערינען? — אַז כ'וועל נישט אַהיימפאָרן און מאַכן אַ סוף צו דעם סאָרט לעבּן, וועל איך זיכער משוגע ווערן — זי־כער. ווי אַזוי קאָן מען פאָרן, אַז מען פאַרמאָגט נישט קיין צוואַנ־ציק סאַנטים אויף קויפן אַ פּיצל בּרויט?

ס'איז שוין כמעט זיכער, אַז עס וועט אויסבּרעכן אַ מלחמה. זשאָרזשעט האָט עס היינט געהערט פון אַ סאָלדאַט. זי זעט אַליין אויך סימנים. עפּעס איז שטאַרק לעבּעדיק די לעצטע פּאָר טעג אינם קאַזאַרמע־הויף. אַ געפּוצעריי פון מעש, אַ געמאַרשירעריי: אין, טווי, דריי, — אין טווי, דריי. די אָפיצירן הערן נישט אויף מיט די איינגעגעסענע עטלעכע ווערטער און די קליינע שעפּסן גייען אין דער ריי, קלאַפּן ריטמיש מיט די שווערע שטיוול. ס'איז גאָר־נישט צום פאַרשטיין, וואָסאַרא שייכות האָט אַ מלחמה צווישן עסטרייך און סערבּיע מיט רודערן און גרייטן זיך אין אַ בּעלגישן קאַזאַרמע־הויף. דער רוח וויים זיי! מער פעלט נישט, נאָר ס'זאָל נאָך אַמאָל דאָ אויסבּרעכן אַ מלחמה, און מ'זאָל שוין זיכער נישט קאָנען אַהיימפאָרן אַהיימפאָרן — איצט קאָן זי יאָ? האָ, האָ! — אַהיימפאָרן.

דער מאַן איז אַהיימגעקומען פון גאַס.

— שוין, מיר האָבּן שוין אַ מלחמה צווישן עסטרייך און סערבּיע. מען זאָגט, ס'וועט דאָ אויך אויסבּרעכן.

— מזל־טוב דיר!

זיי זענען געגאַנגען שלאָפן אָן וויעטשערע. דער מאַן איז שוואַרץ. עס אַרט איר נישט. זי הונגערט שוין אַליין דעם צווייטן טאָג.

זי זיצט שוין ווידער בּיים פענסטער.

— ער גייט כאָטש שפּאַצירן. נויטיק געדאַרפט אַרויסכאַפּן

זיך, איידער ס'ברעכט דאָ אויס אַ מלחמה. איך בין משוגע, צו וועלכע רוחות! — דבורהלע האָט זיך אַזש געשראָקן פֿאַר אירע אייגענע געדאַנקען. אַזוי נישט לאָגיש, אַזוי משוגע, האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געטראַכט. וואָסער פּאָרן אינמיטן דערינען? נישטאָ אויף קיין פּיצל ברויט און זי טראַכט גאָר פֿון פּאָרן. וואָס גייט איר אָן אַ מלחמה? וואָסער שייכות האָט עס מיט איר? זי וואָלט גאַנץ גוט געקאָנט אַהיימפאָרן, הלוואי האָט זי גאָר אויף הוצאות.

— ווען זי קאָן זיך אַזוי זען מיט מירלען! מירל משה־מענדלס וואָלט איר זיכער געבאָרגט עפּעס געלט אויף הוצאות. און אַז אויף אַ ברויטל, וואָלט שלעכט געווען? אפשר פּאָרט פּרווון אַראָפּגיין. ס'קאָן זיין, זי וואָלט גאָר געבאָרגט. ז'עט פּרווון. אַ טייערע פּרוי געווען. זי וואָלט היינט אויך געקאָנט פֿאַרדייען מיטצוגיין מיט מירלען צום פּריץ טרינקען מילך פֿון דער קו, ווי דעמאָלט אין זשעלעכיץ נאָך דער קראַנקהייט. ווי אַלט איז זי דעמאָלט געווען? יאָ, זי געדענקט: 8 יאָר. נאָך אַ קינד געווען. אַ בעלן געווען צו וויסן, צי מירל האַלט נאָך אַלץ די פּאַכט ביים פּריץ?

אַ ווילער מענטש געווען דער פּריץ. אוי סאַראַ בלומען! איינמאָל גענומען זי אויף דער שויס. אוי האָט זי זיך דעמאָלט געשעמט! און געוואָלט, ז'זאָל אים געבן אַ קוש — משוגע.

און דער ברודער, וואָס איז געקומען פֿון דייטשלאַנד — מיכאל האָט דעמאָלט אַזוי דערציילט. ער לערנט זיך דאָרטן עפּעס, האָט זי דערציילט. האַ! האַ! — זי געדענקט נאָך, ווי עס וואָלט היינט געווען — „קראַוז קעפּכען״ האָט ער זי גערופֿן. ווי ס'וואָלט איצט די רגע געשען, אַזוי שטייט עס איר פֿאַר די אויגן. דער פּריץ האָט געהייסן די פּאַראָבקעס אויסלייגן די געהובלעווע־טע ברעטער איבער דער לאָנקע, מאַכן פּאָדלאָגעס, מען האָט אויפֿ־געשטעלט בודקעס, איבערגעצויגן מיט לייוונט. אַזעלכע דיקע פּלאַכטעס מיט מעשענע רינגלעך. גרויע זענען זיי געווען, געוויס. זי געדענקט גענוי: גרויע. ס'זענען זיך אָנגעקומען פֿרעמדע סטראַזשניקעס, מ'האָט געשפּילט און געפֿויקט. און זיי שטייען איר נאָך פֿאַר די אויגן: מענטשעלעך אַזעלכע דראָבנע, געמאַכט פֿון סחורה אַזוי ווי ליאַלקעס, האָבן גערעדט און האָבן זיך גע־קריגט און צוריק איבערגעבעטן. מאַן און ווייב געווען. און די

פויערים האָבן אזוי געלאַכט. אַביסל פויערים אָנגעקומען זיך — הונדערטער. זי צעלאַכט זיך פלוצלינג. זי דערמאָנט זיך, ווי צו־ליב דעם, וואָס דעם פריצס ברודער האָט געהאַלטן אין איין אויס־רופן ,,ניעפּבּיישען''! ,,ניעפּבּיישען''! (שטופּט איך נישט) האָט מען אים אין זשעלעכיץ אַ נאָמען געגעבן ,,ניעפּבּיישען'' און יידן האָבן געזאָגט, הלואי קומט ער יעדע וואָך און מאַכט אַזאַ יום־טוב, דער ,,ניעפּבּיישען'', וואָלט מען טאַקע געלייזט געלט.

זי געדענקט, ווי ס'וואָלט אָט איצט געווען. ווי ,,ניעפּבּיישען'' האָט זי געוואָלט אַריינגעמען אין אַ ביידל און איר ווייזן, וואָס איז דאָרטן אַלץ דאָ אינעווייניק. זי האָט נישט געוואָלט גיין. זי האָט מורא געהאַט. האָט ער אָנגעהויבן רעדן צו איר אויף דייטש. הא, הא! זי האָט דעמאָלט געמיינט, ער רעדט צו איר יידיש.

— ,,האָבן זי נור קיין אַנגסט, קראָוז־קעפּכען. איך ווערדע אינען קיין בייז ניכט טון''.

אַזוי קלאָר געדענקט זי אַלץ, יעדעס וואָרט. זי האָט אים דע־מאָלט פאַרשטאַנען. ער האָט גערעדט אַזוי דייטלעך און געלאַסן.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די רעיונות. מאָדנע, זי האָט אַזאַ שטאַרקע הנאה געהאַט פון דער דערינערונג פונם בילד, וואָס איז איר געשטאַנען לעבעדיק פאַר די אויגן, אַז זי האָט אַזש געשמייכלט מיט גליקזעליקייט.

— וואָס־זשע טוט מען פאָרט? זי איז דאָך גאָרנישט הונגע־ריק, וואָס־זשע וויל זי? נעכטן איז זי געווען הונגעריק! געלויבט צו גאָט, נישט הונגעריק אַ האָר. נאָר דער קאָפּ טוט היינט אַ סך ערגער וויי, ווי נעכטן.

זי איז אויפגעשטאַנען.

— ווי, כ'קאָן דאָך שוין גאָרנישט גיין איבער דער שטוב. צי ווער איך נישט אַמאָל געליימט? ניין, מ'טאָר נישט! איך וועל פּרובירן אַראָפּגיין, אפשר איז גאָר זשאָרזשעט אַליין אונטן? אפשר וועט זי גאָר יאָ באָרגן אַ ברויטל? ווייסעך וואָס, משוגע! זי האָט ערשט נעכטן געזאָגט, אַז זי קאָן נישט. זי האָט אַ שטרענגן פאַרזאָג, אפילו פאַר קיין אײנאַיינציקן סאַנטים נישט.

,,איר קענט דאָך זי'', האָט זיך זשאָרזשעט פאַרענטפערט. — אודאי, ווען מ'גיט איר אָפּ די עטלעכע פראַנק דירה־געלט און

וואָס ס׳קומט אין געוועלב, וואָלט זי נישט געדאַרפט זשאָרזשעטס לאַסקעס — אָבער אַזוי?

ווי שפּעט איז? זי קוקט אַריבער צום קאַזאַרמע־הויף. עפּעס האַלטן זיי דאָרטן אין איין עסן! שוין מיטאָג? זי וואָלט עס סיי ווי איצט נישט געקאָנט עסן. עפּעס איז זי יעצט גאָרנישט מיד. די גלידער טוען איר שוין אַפילו אויך נישט וויי. זי פּרוווט גיין, זי איז לייכט ווי אַ פּעדער. לייכט און ליידיק. אפילו דער קאָפּ־ווייטאָק איז פאַרשוווּנדן. איין זאַך פילט זי נאָך: אין קאָפּ איז איר מאָדנע ליידיק, זי קאָן אים נישט האַלטן גלייך. המם! נישטאָ קיין וואָג, צי וואָס? ער הוידעט זיך ווי אַ צווייגל. זי איז צוגעגאַנגען צום בעט.

— אַה! — ליגן איז טאַקע בעסער. זי איז געלעגן אפשר צען מינוט.

— שוין, מיר האָבן שוין דאָ אויך מלחמה! — שרייט צו איר אַרויף זשאָרזשעט.

דבורהלע הערט גאַנץ גוט, וואָס זשאָרזשעט רופט אַרויף. נאָר זי האָט נישט קיין כח צוריק צו ענטפערן. וואָס איז איר אַ חילוק? פונדעסטוועגן, ווען זי האָט אַזוי אויף הוצאות, וואָלט זי אַהיימגעפאָרן. ווער ווייס, צי מען וועט שפּעטער קאָנען. דער פערזשאַנט, וואָס קומט צו זשאָרזשעטן און נעמט זי אויף אַ שפּאַציר נאָכן פאַרמאַכן ס׳געוועלב, איז עפּעס היינט נישט געקומען. כ׳בין משוגע, ווייטער גאָרנישט! דער הונגער מאַכט אַ מענטשן משוגע אַפּנים. אַהיימגעפאָרן, אַהיימגעפאָרן, צו וועלכע רוחות דאַרף איך אַהיימפאָרן!?

זי איז געלעגן רואיק. אינגאַנצן באַרואיקט זיך. נישט געטראַכט, נישט געפילט. ס׳איז איר מאָדנע גוט געווען — אַזוי גוט.

פלוצלינג איז זי אַראָפּ פון בעט, צונויפגענומען אירע חתונה־מלבושים, דאָס גאָלדענע קייטל, דעם מאַנס זייגער. זי האָט מיט אַ מאָדנער גיכקייט צונויפגעפּאַקט די עטלעכע צעקנאָדערטע העמדער און אַנדערע שטיקלעך אונטערוועש, איינגעפּאַקט זיי אינם טשעמאָדאַנטשיקל, וואָס דער מאַן האָט דעמאָלט מיטגעבראַכט קיין בערלין, פאַרשלאָסן די שטוב, באַהאַלטן דעם שליסל אויפן גאַז־מעטער אין קאָרידאָר. די באַלעבאָסטע האָט

איר גאָרנישט געפרעגט. נאָר זשאַקאָנט האָט זיך אַ ריס געטאָן און אַזוי זיך צעבילט, אַז מ׳האָט געמיינט, ער וועט אויסשפּייען די צונג. זי האָט אפילו געזען, ווי די צונג הענגט זיך אים נאָך. ער האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט באַרואיקן. זי האָט גע־האַלטן אין איין אַריינציען די באַקן צווישן די ציין. אינדרויסן האָבן געהאַלטן אין אַראָפּלאָזן זיך אפשר טויזנט זונען. נאָר אָט האָט זי שוין פאַרטיק דעם בריוו. זי פאַרשטעקט אים אונטערן קישן. איז נאָך פאַראַן עפּעס, וואָס זי דאַרף מיטנעמען? — ניין, גאָרנישט!

זי טראָגט דאָס רענצל מיט די חפצים אַוועק גלייך אינם שטאַ־טישן לאָמבאַרד אַריין. הענט און פיס ציטערן איר און ס׳האַרץ שפּרינגט שיעור אַרויס פון אָרט. די גאַסן זענען באַלעבאַט. מענטשן גייען פון דער אַרבעט. זי קוקט נערוועאיש אַרום זיך, צי גייט נישט אַמאָל איר מאַן אויך צווישן זיי? זי גייט שוין נישט, זי לויפט מיט די לייכטקייט פון אַ פויגל. זי פילט נישט די טריט אונטער זיך, זי שוועבט ממש. זי וויל וואָס גיכער פאַרביי די „זאָאָלאָזשי״ (זאָאָלאָגישן גאָרטן) איידער סח׳הויבן אָן אַרויסקומען פון דאָרטן די רייכע דימענטן־סוחרימס ווייבער, וואָס זיצן דאָרטן גאַנצע טעג. נאָר אָט גייען זיי שוין פון דאָרטן, זאַטע, שמייכלענ־דיקע, אָנגעגעסענע און שווערע — זיי קאָנען זיך קוים רירן — פונדעסטוועגן זעען זיי אויס גאָר־גאָר צופרידן. זי כאַפּט אַ בליק אויף זיי און נאָך איינעם אויף די יינגערע ווייבלעך מיט די גלאַנ־ציקע, גיריקע, צעהיצטע אויגן, ווי זיי רעדן צווישן זיך מיט אָן אַ שיעור זשעסטן און צנאָטעס, בייגן זיך און קרימען זיך און גלייכן זיך אויס און מאַכן מיט די ווייסע הענטלעך, מיט די דימענטענע רינגען אויף די פינגער. זיי איילן זיך גאָרנישט. בסך הכל גייען זיי אַהיים באַגעגענען די מענער פון דער בערזע. וואָס טוט זיך מיט איר, כאַפּט זי זיך פּלוצלינג אויף, וואָס שטייט זי און קוקט? זי שטעלט גיכערע פיס, מאַכט מיט די הענט, אַן אויפ־גערעגטע, אַ צעשראָקענע, און פליט ווי אַ וועווייערקע.

— גאָט צו דאַנקען, זי איז שוין אין לאָמבאַרד! זי לייגט אַרויס די זאַכן. זי קוקט אויפן צעפּאַסקעוועטן יונגנמאַן הינטער די דראָטן.

— וויפיל איר פארשטייט, ס'האט די ווערט, גיט מיר, נאר גיכער, ביטע.

דעם יונגנמאנס פנים האט זיך נאך דינער צעדריוועלט, ר'האט זיך אראפגעבויגן, פריינטלעך איבערגעפרעגט: „וויפיל פארט?" נאכאמאל אויסגעשפרייט די קליידער אויפן טיש, גע־כאפט נאך א בליק אויפן באלאנסל.

— אזויפיל? גאנצע הונדערט און 35 פראנק!

— יא, — זאגט דער יונגערמאן און שארט איר אפער א פאק פאפיר־געלט פון הינטער די דראטן אפער.

— אויף פלאטפארמע נומ. 2. אט דער צוג, איר זעט, גייט אפ קיין בריסל אינם משך פון זיבן מינוט.

— יא, קיין בערלין! — בעט זיך דבורהלע רחמים און צי־טערט מיטן לינקן אויג אויפן יונגנמאן אינם פירעקיקן באלויכ־טענעם שטיבעלע.

גאט צו דאנקען, זי זיצט שוין אין וואגאן מיטן קליינעם טשע־מאדאנטשיקל אויף די ציטעריקע קני, מיטן לייכטן קאפ גיריק דורכן פענסטערל, און די זון גיסט זיך און גיסט זיך צווישן די בוימער, אויף די בוימער, אויף וואסערן, אויף לאנקעס, אויף בערג, אויף קלויסטער־שפיצן, אויף פויערישע כאטקעס, אויף אזשערקעס, אויף אראפגעפאלענע בלעטער. די שווערקייט פונם הארצן פארשווינדט, די משא הויבט זיך איילן אונטער.

דער צוג האט זיך אפגעשטעלט. דבורהלע האט זיך א טרייסל געטאן און זי גייט שוין מיט די איבעריקע פאסאזשירן ארויס אויף דער פלאטפארמע. זי קויפט זיך עטלעכע קיכלעך, א גלאז קאווע, א שאכטל זויערע צוקערלעך. א, ס'איז מחיהדיק! אוי, וואסערע באטעמטע קיכלעך דאס זענען! אזא קאווע קריגט מען נישט אין אנטווערפן! אהא! זי האט שוין ווידער אן ארט נעבן פענסטערל — א מזל, פונקט ווי פאראיארן. הא! הא! הא! איצט פארט זי נישט חתונה האבן און אויפן הארצן איז לייכטער, ס'ווערט לייכטער פון רגע צו רגע. דער צוג גייט שוין. צייטונגס־ייגנלעך, די שאקאלאדעס־ און פאפיראסן־פארקויפער שפרינגען שוין פון די וואגאנען ארויס. די וואגאנען זענען געפאקט. נאר קיינעם איז נישט אזוי גוט ווי איר. א מאדנע הפקרות, נישט קיין געמאכטע, נישט קיין אנטשלאסענע, — באשלאסענע, ניין, אן

אומבאַוווּסטזיניקע, אַ נאַטירלעכע הפקרות, וואָס האָט איצט אַזוי געהאָלפן, אַזוי בייגעשטאַנען איר, אינגאַנצן באַפרייט איר פון זאָרג, פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט! — זי פּאַרט אַוועק פון דעם מענטשן, וואָס איז ערגער צו פאַרטראָגן פון הונגער. אפילו, פון דער צרהדיקער אַטמאָספערע — זי איז פריי און דאַרף מכח גאָרנישט טראַכטן, אַפילו נישט מכח זיך אַליין! פריי!

מ׳צינדט שוין אָן ליכט. די פּאַסאַזשירן קעגנאיבער פאַר־מאַכן די פענסטערלעך, פאַרציען די גרין־שוואַרצע פויערהענגלעך, לייגן אונטער קישעלעך, שאַלן, פעקלעך, אַפילו אַ בלויזן עלנ־בויגן אונטערן קאָפּ, גרייטן זיך שלאָפן. אַ דאַרער בחור, אַזאַ קליינער ווי אַ בעלגישער סאָלדאַט, נאָר אין ציווילע, אָפּגעטראָ־גענע מלבושים, עפנט צוריק אויף ס׳פענסטערל. דער, קעגנאיבער דעם בחור, גיט אים אַ מעסט־אָפּ פון אויבן ביז אַראָפּ, גיט אַ שמייכל מיט אַזאַ העסלעך מויל — ברררר... ס׳גרווילט אַזש — און ער פאַרמאַכט צוריק דאָס פענסטערל, נישט אַרויסזאָגנדיק קיין איין איינציק וואָרט. די אַנדערע פּאַסאַזשירן קוקן זיך צו און האַלטן זיך נייטראַל.

נאָר וואָס איז דאָס? זי זיצט שוין אַ וואָכע אויף איר נעב־טיקן אָרט. דער לאָקאָמאָטיוו בייזערט זיך, די מאַשין לאָזט אַרויס אַ געדיכטן רויך, צעפּאַרעט זיך פּיף! פּיף! פּיף! — זיי פאָרן. אויפן אָרט פונם נעבטיקן שכן זיצט אַ מיטליעריקע דייטשקע מיט אַ שוואַרצן הוט אויפן קאָפּ און עסט עפּעס פון אַ לייוונטן זעקע־לע אַרויס.

זי קוקט אַרויס דורכן פענסטערל. ברייטע אָפענע פעלדער, אַ הויכער, ווייטער הימל, דאָ און דאָרט אַ קרומער בוים, קינדער יאָגן זיך נאָך אַ קו. די קו לויפט מיט די קרומע פיס, די אייטערס שאָקלען זיך, זעען אויס ווי גומענע מאַמקעס. די קו לאַכט מיטן נאַרישן פּנים און זעט־אויס אַזוי קאָמיש, האַ! האַ! נאָך נאַרישער ווי די קו, וואָס מירל פלעגט מעלקן ביים פריץ אין שטאַל!

זי שטעלט זיך אויף, גלייכט אויס ס׳צעקנאָדערטע מענטעלע, קוקט אַריין אין שפּיגעלע און חוזקט אָפּ פון זיך אַליין: „גרויס־אַרטיק!"

— מנע, מעט בעסער אַריינגיין אין רעסטאָראַן קויפן עפּעס עסן.

זי האָט שוין צוויי זעמל און אַ גלאָז קאַווע. זי וואָלט גע־קאָנט פאַרדייען נאָך, נאָר מ'מוז האַלטן רעכענונג. — ניין, נאָך איין גלאָז קאַווע מוז זי האָבן. ס'איז איר שרעקלעך טרוקן אין האַלז. זי האָט שוין אָפּגעגעסן. זי גייט צוריק אַריין אין איר קופּע. אויף איר אָרט האָט זיך דערווייל איינגעאָרדנט דער נעבעטיקער דאַרער בחור, נאָר די פּרוי שטייט שוין אויף, גרייט זיך אויסצושטייגן, און זי האָט שוין ווידער אַן אָרט נעבן פענסטערל. דאָס פענס־טערל איז אַ גליק. ס'איז אַ הילף. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז ז'איז שוין ווידער הונגעריק? דער מאָגן האַלט אין איין פּיקן. דער בחור קעגנאיבער קוקט די גאַנצע צייט דורכן פענסטער און איז כסדר זאַט. ער עסט נישט. די גאַנצע צייט פון דער רייזע האָט ער נאָך גאָרנישט געגעסן, לחלוטין גאָרנישט.

זי איז אָבער פאָרט הונגעריק — נאָר זי וועט זיך נישט מאַכן ווייסנדיק. זי פאַרקוקט זיך אויף אַ פויערישער כאַטקע, וואָס שטייט אינמיטן פעלד. דער צוג גייט פאַמעלעכער. אַ הונט, זי וואָלט געקאָנט שווערן ס'איז זשאַקאַנט, אַזוי ענלעך זעט ער אויס, רייסט זיך אויף אַ קייט און בילט אַזוי האַרצרייסנדיק — הונגע־ריק מסתמא, בילט ער. זי פרייט זיך מיטן ביסל רויך, וואָס גייט פון שוואַרצן קוימענדל. גרייטן מסתמא צו מיטאָג. די זון טוקט זיך. אויפן אויסגעברייטערטן הימל הויבן זיך אָן באַווייזן ערשט קליינע און באַלד שווערע שטיקער שוואַרצע וואָלקנס. דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ. ער ליגט כמעט אויפן דעכל פון דער כאַטקע. די באַן קלאַפּט שוין ווידער, מען פאָרט. זי ציילט נאָכאַמאָל אי־בער דאָס געלט און ישובט זיך, זאָל זי אַריינגיין קויפן נאָך עפּעס עסן אָדער באַגיין זיך? סוף־כל־סוף איז זי דאָך נישט געוואָרן קיין גרעסערע יחסנטע דערמיט, וואָס זי פאָרט אַהיים. אָט זיצט קעגנ־איבער אויך אַ מענטש און עסט נישט די גאַנצע צייט.

נאָר ווי דער בחור וואָלט געלייענט אירע מחשבות און געוואָלט איר אָפּטאָן להכעיס, נעמט ער אַרויס אַ צעשניטן ברויטל מיט אַ שטיקל גרינעם, געלעכערטן קעז און גרייט זיך עסן.

— זי וועלן מיר נישט אָפּזאָגן, פריילין? — ווענדעט ער זיך צו איר און דערלאַנגט איר אַ סענדוויטש.

— וואָס? — פאַלט זי אַריין אין אַ רציחה — וואָס!? —

און זי לאָזט זיך אַוועק אין רעסטאָראַן, איבערלאָזנדיק דעם בחור מיטן גרינעם סענדוויטש אין דער לופט.

ס'האָט איר געקאָסט צוויי פראַנק. נאָר ס'איז איר נאָך אַלץ טרוקן אין האַלז, ס'העלפט נישט קיין טרינקען. וואָס פאַרא סטאַציע? אַהאַ! זי שטייגט־אויס, זעצט זיך אויף אַ באַנק און וואַרט. הונדערטער שטייגן דאָ אויס. זי נעמט זיך פאַר אַ צייט־פאַרטרייב איבערלייענען די קאַרטלעך, וואָס זי האָט אינם משך פון די פערצן חדשים דערהאַלטן פון דערהיים. עפּעס אַנדייטונגען, נישט קיין קלאָרע דבורים — דער זיידע איז נישט געזונט און די לאַגע וועט זיך אפשר בייטן. אַלנפאַלס טאָר מען נישט זאָרגן. מחמת אַן זיין ווילן טוט זיך קיין שום זאַך נישט און קעגן זיין ווילן קאָן קיינער קיין חכם נישט זיין. זי דערשרעקט זיך, זי דערלאָזט נישט דעם געדאַנק — אַפּגעהיטן זאָל מען ווערן! זי פאַרפּאַקט צוריק די קאַרטלעך.

אָט גייט אַוועק דער צוג, מיט וועלכן זי וואָלט געקאָנט מיטפאָרן, ווען זי האָט געגוג געלט. עס גיסט. דער רויך פון דער באַן האַלט זיך נידעריק צוליב דעם. ס'קרעלט שרעקלעך אין האַלז. זי שטעלט זיך אויף, דרייט זיך הין און צוריק אויף דער פּלאַטפאָרמע, מיטן רענצל אין איין האַנט און דעם הוט אין דער אַנדערער.

— האַלאָ, קראַוז־קעפּכען!

האַרט נעבן איר דרייט זיך אַרום אַ הויכער דייטש מיט אַ בלוי־רויט, אָנגעבלאָזן פּנים, אין אַ שוואַרצן רעגן־מאַנטל און אַ היטל מיט אַ מאָדנער הויכער דענקע און אַ לאַקירטן דאַשעק.

— זי פרירן דאָך, קאָמען זי אַמאַל אַריין! — ער ווייזט איר אָן אויף אַ קליין שטיבעלע אין עק פּלאַטפאָרמע.

— האַבען זי נאָר קיין אַנגסט, קראַוז־קעפּכען, איך ווערדע אינען געוויס קיין בעז ניכט טון, איך בין קיין מענשען־פרעסער. קאָמען זי אַריין, זאָנסט ווערדען זי היער פערפרירען. אין אַבענד ווערט עס אימער זאָ.

— עס איזט מיר ווירקליך ניכט קאַלט. זאַגען זי מיר ליבער, וואַן גייט דער נעקסטער צוג אַב?

— וואָס, דער פּערזאָנען־צוג? — זאָ איין קראַוז־קעפּכען פאַרט מיט דעם פּערזאָנען־צוג! — שרייט דער דייטש, און בלאָזט זיך נאָך מער אָן. — דאַס איזט איין גראָסעס פערברעכען.

אַ זייגער קלינגט־אויס — איינס, צוויי, דריי, פיר... זי רוקט זיך נענטער צום אַרויסגאַנג.

— קאָמען זי אַריין, איך ווערדע נאָך זעהען אונד אינען געניויע אויסקונפּט געבען. וואָס? זי שרעקען זיך פאַר מיר, אַבער!!

— שמייכלט ער מיט חיהשע אייגעלעך.

זי הויבט זיך אָן שרעקן פאַר אים. זי גייט אַוועק אויף אַן אַנדער פּלאַטפאָרמע. דאָרטן איז אַביסל לעבעדיקער, אָבער פונקט אַזוי קאַלט. די צייט שלעפּט זיך, אַן אייביקייט. זי הערט אַ קלאַפּן פון אַ צוג און לויפן צוריק. דער פאַרשוין איז ווידער דאָ.

— נון האַבען וויר אונזער קראַוז־קעפּכען ווידער, — שמייכלט ער מיט די אויגעלעך און שפּייט.

זי דערפילט אַ געוואַלטיקן עקל לגבי דעם פאַרשוין, זי פילט ווי ער רירט איר דאָס לייב מיט די העסלעכע, גלאַנציקע אויגעלעך. נאָר ס׳גייט פאַרביי אַ קאָנטראָלער. דער אָנגעבלאָזענער, בלויער דייטש טוט אַ ריר דעם שטערן, מאַכט אַ משונהדיקן זשעסט און זיי לאָזן זיך אַוועק אויף אַ שפּאַציר, דער פאַרשוין מיטן קאָנטראָלער.

עס דערהערט זיך אַ פייפן. עס יאָגט זיך אַריין אַ רויך. עס באַווייזן זיך אַ פּאָר פייערדיקע אויגן און עס שטעלט זיך אָפּ דער פּערזאָנען־צוג. זי קריכט אַרויף אויפן טרעפּל, האַלט זיך אָן אינם אייזערנעם העסלעכן פאָרענטש און זי זיצט שוין אויף אַ גרויער באַנק אינם פּערזאָנען־צוג. — סאַראַ שרעקלעכער צוג, בררר!

אין וואַגאָן איז פינסטער און טונקל. קינדער שלאָפן אויף זאַקענע פּעק. אַ געבראָפּעריי פון פאַרשטאָפּטע נעזלעך. ווייבער הילן זיך אין טונקעלע טיכער, ווי ס׳וואָלט געווען אינמיטן ווינ־טער.

— נישטאָ וואָס צו עסן. קיין קריש. באָרגן? היינטיקע צייטן אַ גראָשן אויך נישט! מען גייט־אויס און קיינער וויס נישט.

— ניין, ס׳איז נישטאָ! — קרעכצן זיי אַלע אין כאָר. — אז מ׳האָט איינגעקויפט אַביסל הינער, געוואָלט עפּעס מאַכן, נאָר ווער האָט געלט אויף הינער, און אז מ׳גייט עפּעס קויפן, באַצאָלט מען, און פאַרקויפן, ווייסעך וואָס!

— און וואָס וויל מען דען? מ׳וויל חתונה מאַכן אַ מיידל, און דאָס וואַקסט אויך אונטער, — ווייזט אַ יידענע אָן אויף

אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף, אַזאַ גרינס. ס׳מיידעלע עסט עפּעס.
— עס נישט אויף אַלץ, שפּעטער עסטו נישט האָבן וואָס, — זאָגט די יידענע, אַזאַ אַלטע זעט זי שוין אויס, אפשר אַ זיבעציקערין, אָן ציין, מיט צענטליקער וואָרצעלעך און די הויט איז ביי איר אַזוי טרוקן.
— זשידזשע, פּשאַקרעוו! — שרייט אויס אַ הויכער גוי אין אַ געקעסטלטן פּאַלטן. ער פּיפּקעוועט פון אַ ליימענער פּייקע און ס׳שטינקט. זי ווערט שיעור דערשטיקט. זי וויל אַנטלויפן פון דער שרעקלעכער קופּע, נאָר אומעטום איז פול, אומעטום חושכדיק, אומעטום אַ שלאָפנדיק אָכצן, אַ געגאָדעריי אין אַלערליי לשונות.
ביי דער גרענעץ קריכט זי אַרויס. אַלע קריכן אַרויס. מ׳צעעפנט אָפּגעריבענע וואַליזקעס, מ׳צעבינדט פּעק, מ׳שלעפּט אַוועק אַ טראָגנדיק ווייבל. זי ווינט און בעט זיך עפּעס און אַ פרוי מיט אַ פּנים פון אַ מאַנספּערשוין שלעפּט איר ביי דער האַנט. זי פירט איר ערגעץ אַוועק. איר רענצל וויל מען אפילו נישט צעעפנען. דער טשינאָווניק גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און זי גייט אַוועק. ער מושטערט שוין ביי עמעצן אַנדערש, פּאָרעט זיך אין אַ פּאַק שמאַטעס. די איינגנטימערין פונם פּאַק לאַכט אַזוי.
— ביי מיר וועט ער געפינען קרענק מיט לעקעך — לעקעך קאָן איך אים געבן — קרענק!
— וואַרשע, וואַרשע! אויפן ווינער וואָקזאַל פּונקט ווי פריער, אַלץ ווי געווען. אַ רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס — אַהיימגיין? צי אפשר נעמען אַ דראָשקע און קומען ווי אַ מענטש? זי וויל זיך צעטענצלען, נאָר די פיס רירן זיך נישט. זיי זענען שטאַרק אָפּגעשוואַכט. אפילו דער אייגענער לאַנגער שפּיגל, די דרייעקיקע סאָפע אין ווינקל.
— העי, דראָזשקאַרזש!
אַ יידל שווימט-אַרויס פון אַ בלויען כאַלאַט, פּלעכט-אַרויס די הענט פון די אַרבל, טוט אַ צופרידן שמיצל דעם פערדל און פּאַרפּאָרט נעבן באַנהויף. זי צעלייגט זיך אויף דער דראָשקע, — אַלץ איז אויס: דאָס יידל, דאָס פערדל, די דראָזשקע. וואַרשע! זי פּאָרט. די גאַסן לעבן. זי לעבט. די שטיינער אויף די ברוקן לעבן. אָט איז דער זאַקסישער גאָרטן. ער לעבט, די קרוּלעווסקע-גאַס זעט-אויס אַביסל לויטן אויסלענדישן סטיל, אָבער עס

קומט אַרויס דאָס מיידל פונם סאָדע־געוועלבל און שמייכלט צו איר. זי וויל איר ענטפערן אויפן גרוס, נאָר די דראָזשקע איז שוין צו־ווייט. די קרולעווסקע־גאַס, באַקומט אויך צוריק אַ היימיש אויס־זען — צוליבן מיידל פונם סאָדע־געוועלבל ווערט זי ווייניקער אויסלענדיש.

— וואַרשע, וואַרשע, ביזט אַזוי אינטים, אַזוי אייגן, כ׳האָב דיך ליב!

— פררו!

— וואָס? שוין? געהאַט קפיצת הדרך, צי וואָס?

— וואָס־זשע וואָלט איר געוואָלט, אַז פאַר צוואַנציק קאָ־פּיקעס זאָל איך אייך אַוועקפירן קיין בערלין?

— ניין, ניין. פירט מיך נישט קיין בערלין. ווער בעט אייך, ווער וויל עס פון אייך? איך וויל נישט קיין בערלין! — וויל זי אויסשרייען.

די קינדער אַרום טויער דערקענען זי נישט. די בעקערין טרינקט טיי און בייזערט זיך אויפן פאַרמעליקטן יונג, פאַרוואָס ער האָט איר געלאָזט זיצן אָן בייגל. דער יונג שלינגט אַראָפּ אַ געלעכטער און שיט־אויס וואַרעמע בייגל אין דעם גרויסן קויש אַריין אין ווינקל טויער. זי דערקענט איר נישט, די בעקערין. די שטיינער זע־נען טאַקע שפּיציק דאָ. זיי דרייען איר אויס די פיס. די טרעפּ זע־נען ברודיק. שטיקלעך, פּיצלעך, רעשטלעך, אָפּפאַלעכץ פון כל המינים.

אָט איז די טיר, די אייגענע ברוינע טיר. זי קלאַפּט אָן און ס׳האַרץ ווערט אַזוי שווער, ס׳טיאָכקעט שווער און אָפּגעהאַקט. קיינער ענטפערט נישט.

— כ׳בין דאָך נישט אין אויסלאַנד, צו אַלדע רוחות! — זי צעעפנט אַליין די טירן.

— האַ? — וואָס איז דאָס?

די שטובן שטייען ליידיק. די שויבן זענען פאַרשפּריצט מיט קאַלך. אויף דער פּאָדלאָגע שטייט אַן עמער אויך אַ פאַרשמירטער מיט קאַלך פון אַלערליי קאָלירן. ס׳ליגן באַרשטן. אין אַ ווינקל נעבן זליוו ליגט אויסגעשיט אַ באַרג ראָזע קאַלך. די בית־דין־שטוב איז פריש געמאָלן. דאָס שלאָף־חדר אויך. אויף דער טיר הענגט אַ פאַרקנייטשטער „קאַפּעליוש״, אַ ווייסער כאַלאַט מיט גרויסע

לעבער נעבן די קעשענעס, אינגאַנצן אויסגעשמירט אין גרינע און ראָזע פאַרב.

זי בלייבט שטיין אַ צעטומלטע. ס'באַפאַלט איר אַ מוראַדיקע אומרואיקייט.

ווו זענען די עלטערן? פאַרוואָס האָבן זיי נישט געשריבן, אַז זיי ציען זיך אַרויס, נישט די נייע אַדרעס? זי קאָן זיך נישט רירן פון אָרט. זי קוקט אויף די נאַקעטע ווענט, אויף די פריש־אָפּגעפאַרבטע טירן. די פאַרב רייסט אין האַלז. דער גומען קלעפּט די צונג, ווי מ'וואָלט זי אויסגעווישט אויף טרוקן. וואָס וועט זי איצט טאָן, ווו גייט מען?

— וועמען זוכט איר דאָ, פרײַלין?

— מיינע עלטערן האָבן דאָ געוווינט. אפשר ווייסט איר, ווו אַהין זיי האָבן זיך געצויגן?

דער מאַליאַזש טוט אָן דעם כאַלאַט, וואָס האָט געהאָנגען אויף דער טיר — און זאָגט, אַז ער ווייס נישט. זי וויל אַרויסגיין.

— אפשר ווייסט דער זשאַנדצע, — רופט איר נאָך דער ייִד אינם פאַרשפּריצטן כאַלאַט. — איך דאַרף אים אויך האָבן, איך קום איצט פון אים. ער איז נישטאָ. דאָ האָט דאָך געוווינט דער מורה־הוראה, נישט אמת?

— זאָגט איר, אַז איר ווייסט נישט, האַ?

— גיין, איך ווייס נישט.

זי גייט אַרויס מיטן רענצל אין דער האַנט. אַזעלכעס איז נאָכנישט געהערט געוואָרן. — אפילו נישט געשריבן און איר געלאָזט מאַכן אַזאַ רייזע, און דאָ גייט איר אויס ס'חיות. זי זינקט, זי פאַלט. די בעקערקע האָט איר דערקענט.

— אוי, אַ בראָך איז צו מיר! וואָס טוען זי דאָ? זענען זי נאָר, ווי זי זענען אויס! אינם טאַטעשי האָט זיך דאָך אַוועקגעצויגען אין אַן אַנדער שטאָט אַריין, טאָ וואָס זענען זי עפּעס אַהערגעקומען? די שטובן שטייען דאָך נאָך ליידיק. אוי אַ ווייטאָק איז מיר געשען, זי זענען דאָך אויס קראַנק! אפשר זענען זי הונגעריק? מ'טאָר נישט שטאַרבן פאַר קיין נויט, מ'מוז עמעצן דערציילן! אפשר אַ גלאָז טיי?

אין געוועלבל ווייס מען אויך נישט. עפּעס האָבן זיי יאָ געוווּסט, נאָר זיי האָבן פאַרגעסן. זי קאָן בשום־אופן נישט פּאַקן דעם

זשאַנדרצע, ווי אויף צו־להכעיס, איז ער אַ גאַנצן טאָג ניישט געווען. קיינער האָט אים היינט נאָכנישט געזען. זי איז אריין אינם רעס־טאָראַנדל פונם ראָג גאַס. אפשר וועט ער וויסן. ער האָט זי אויך נישט דערקענט.

— דעם מורה־הוראה? פון וואַנען זאָל יאַך וויסן? זי הייסט זיך דערלאַנגען אַ טעלער זופּ. קיין פלייש טאָר זי נישט נעמען. אַז מ׳האָט נישט צו קויפן אַ ברויטל, עסט מען נישט קיין פלייש.

דער בעל־אכסניה האָט איר אוועקגעשטעלט דעם טעלער בע־בעלעך מיט פערפל מיט כעס. אַ שנאָרערקע, אַ שלעפּערקע! הלואי ציט זי זיך פונדאַנען. ער האָט איר צוגעטראָגן אַ גלאָז טיי. נאָר זי האָט עס נישט געקאָנט טרינקען. זי שטיקט זיך מיט דער זופּ. זי ווערט דערשטיקט.

אַ יונגערמאַן האָט זיך צוגעזעצט נעבן טישל. זי האָט זיך גע־וואָלט אָפּרוקן.

— יאַך שטער אינען אפשר? אַנטשולדיקן זי, פריילין, וואָס יאַך נעם מיר די פרייקייט, זי זענען אַ וואַרשעווערין?

— יאָ.

— אַזוי? יאַך האָב געמיינט, זי זענען אַ פּראָווינצער. זי זעען־אויס נישט קיין היגע. זי דאַרפן זיך נישט זשענירן. די פּראָ־ווינצער זענען אויך מענטשן. וואָס זאָגן זי צו דער קלאָג? מ׳זאָגט, אַז אַ ליאַדע מינוט וועט אוסבּרעכן אַ מלחמה. טאָמער האָט געפעלט צרות, האָסטו דיר אַ מלחמה פאַר אַ צולאָג! זי וויסן, מ׳זאָגט, אַז ס׳זאָל אויסבּרעכן אַ מלחמה, וועלן אַלע וועגן ווערן אָפּגעשניטן, מען וועט נישט קאָנען אַהיימפאָרן. מיינע עלטערן האָב איך קודם־כל אהיימגעשיקט אין זייער שטעטל אריין. ווער וויים, וואָס עס וועט זיך אָפּטאָן אין וואַרשע. מ׳זאָגט, אַז די גאַנצע צרה האָט זיך דערנומען דערפון, וואָס מ׳האָט עפּעס געהרגעט אַ פּרינץ. זי זעען — ווייזט איר דער יונגערמאַן אָן מיטן ווייזפינגער אויף אַ שטיקל פאַרפעצטער צייטונג.

זי קאָן נישט לייענען. די ווערטער זענען פאַרפעצט.

אַזוי, האַלט טאַקע ביי אויסבּרעכן אַ מלחמה? אַ מלחמה וואָלט אפשר אַ טובה געטאָן. מענטשן מיינען, אַז אַ מלחמה איז דאָס ערגסטע, וואָס די וועלט פאַרמאָגט. — געוויס! אַ משוגענער מיינט

אַנדערש. אודאי קאָן אַ מלחמה ברענגען סאַמע פּורעניות און ווייטער גאָרנישט! — —

— דבורה'לע, וואָס רעדסטו עפּעס צו זיך אַליין? ביזט גע־שלאָפן?

דבורהלע האָט זיך האַלב אויפגעזעצט אין בעט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום די נאַקעטע ווענט פון חדר, געריבן די אויגן, געפּרוווט אויפכאַפּן זיך פונם האַלב־וואַכן חלום און גע־שטאַרט אין טונקעלן חלל אַריין.

— ווער איז עס?

— ס'הייסט ווער? — איך. ס'האָט זיך דיר עפּעס געחלומט, דבורהלע? כ'גיי צושטעלן טיי. כ'האָב מיר געבאָרגט צוויי פראַנק.

דער מאַן האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. ער האָט פאַרגעסן, אַז ס'איז נישטאָ קיין גאַז. ס'האָט אַ קלאַפּ געטאָן און ס'איז צוריק פינסטער געוואָרן. ער האָט אַריינגעלייגט אַ „ניקלטשע" אין גאַז־מעטער, צוריק אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. אַ גרינער, מרה־שחורהדיקער פּאַס ליכט האָט זיך געגאָסן אויפן בעט, אויף דבורהלעס בלייכן פּנים.

ער האָט אָוועקגעשטעלט אַ טעצל מיט צוויי גלעזער טיי ביי דבורהלען אויפן בעט, אָוועקגעלייגט עטלעכע צעשניטענע ברויט־פּענעצלעך, ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול דערנעבן און האָט מיט חשק געקייט דאָס אַלט־געבאַקענע ברויט. דבורהלע האָט זיך געמאַטערט מיטן ביסן, בשום אופן איז נישט געקאָנט אַראָפּ־שלינגען.

— דו ווייסט, דבורהלע, מיר האָבן שוין ב"ה דאָ אויך מלחמה!

דבורהלע האָט געזיפצט פון דער טיי און געשוויגן: — אַ נאַפּקעמינע.

———